פראָלעטאריער פֿון אַלע לענדער, פֿאראייניקט זיך!

# שטערן

ליטעראריש-קינסטלערישער און פאליטיש-וויסנשאפטלעכער זשורנאַל.

מינסק, יול 1926. — צווייטער יאָרגאַנג. — № 5-6 (8–9)



דאָוויד בערגעלסאָן XVIII

# 6982 מידאס האדין *).

I

אַף דער האַרמאָשקע האָט געשפּילט זובאָק, דער אַגענט פֿון קאַמינאַ-באַלקער באַזונדער-אָפּטיילונג. דער סלעדאָוואַטיעל אַנדרעיעוו, אַ לאַנגער אויסגעפּוצטער לעבּ-יונג, האָט, זיצנדיק אַקעגן, צוגעקלאַפּט מיט די אָפּצאַסן פֿון די לאַקירטע שטיוול, וואָס אַף זיינע דאַרע אויסגעצויגענע פֿיס. ער האָט געקלאַפּט שטאַרק, אַזוי, אַז אַפֿן טישל לעבן דער הייסער אייזערנער הרובע האָט זיך געזעצט דער קליינער ברענענדיקער לאָמפּ; ער האָט געפּייפֿט זייער הילכיק אין דער נאָז אַריין, פּונקט ווי עס פּייפֿט אַ גראַמאָפֿאָן. דאָס איז געווען זיינע אַ באַזונדערע קענטעניש — נאָכמאַכן אַ גראַמאָפֿאָן. דער דריטער מאַנסביל — דער קליינוויקסיקער מאַטראָס איוומענקאָ—האָט ניט גערוט: אַלע ווײַלע איז ער אַרויסגעלאָפֿן אין פֿאַרשנייטן פֿינצטערן הויף אַ קוק געבן, צי די אָנגעזאָטלטע פֿערד שטייען און צי די באַנאַכטיקע זאַווערוכע האָט זיך געשטילט. איצט איז ער געזעסן שטיל אָן אַ זייט. ער האָט געריטן אַף אַ בענקל, ווי מען רייט אַף אַ פֿערד, ער האָט געזוינגן פֿון זיין קורצער פּייקע און האָט געשמייכלט ניט מער, ווי מיט איינעם אַ קנייטש, וואָס אַף זיין לינקער באַק; דערדאָזיקער קנייטש האָט געהאַט צו זאָגן:

— שוין געזען אַזעלכע זאַכן... איך ווער ניט ניספּאָעל.

און אין מיטן צימער האָט געטאַנצט מאַרפֿושאַ — אַ היימלאָזע שיקסע, וואָס ראַמט אין קאַנצעלאַריע און וואָס טאָמיד, אַז מען לאָזט זי אַריין אין אַ באַזונדער צימער, זי זאָל דאָרטן באַזוכן און אַרומטאַפּן אַ ניי-אַרעסטירטע פֿרוי, קומט זי נאָכדעם אַרויס צוריק מיט אַ העליש-רויטן ברענענדיקן פּאָנים און מיט שעמעוודיק-פֿינטלענדיקע אויגן, גלייך ווי מיט דער פֿרעמדער פֿרוי אינם באַזונדערן צימער האָט זי געטאָן אַ מאַנסבילישע און זייער ניט אַנשטענדיקע זאַך.

— ניין, פֿאַרענפֿערט זי זיך און קנייטשט שולדיק מיט די אַקסלען, — נאָרנישט ניט געפֿונען...

איצט האָט זי אונטער די קלאַנגען פֿון דער האַרמאָשקע געטאַנצט לאַנג און אָן אָטעם, ווי אין איר וואָלט טאַנצן אַ דיבוק. און געוווּסט האָבן די אַרומיקע, אַז זי האָט אַ מאָדנע שוואַכקייט — זי וועט אַזוי טאַנצן ביז די לעצטע קייכעס, ביז זי וועט אומפֿאַלן. דידאָזיקע שוואַכקייט האָט אין איר אויפֿגעדעקט זובאָק, דער אַגענט, און באַשטאַנען איז זי דערין, וואָס די קלאַנגען פֿון איינעם אַ ניגן האָבן זי געצווונגען זיך טראָגן אין דער לופֿט, ווי דאָס קיצלען אונטער די פּאַכוועס צווינגט אַ מענטשן לאַכן. אַלע ווײַלע האָט זובאָק מיט אַ פּאָר קורצע האַרמאָשקע-אַקאָרדן געגעבן צו וויסן, אַז ער האַקט דעם ניגן אָפּ. דענסטמאָל האָט מיט אַ פּאָר קורצע באַוועגונגען געזאָלט שטיין בלייבן אויך מאַרפֿושאַ. נאָר מיט אַ רעגע שפּעטער האָט זובאָק שוין ווידער געשפּילט און מאַרפֿושאַ האָט שוין ווידער געשפּרונגען און איבעראַנייס זיך געטראָגן איבערן צימער. פּלוצים איז מיט מאַרפֿושאַן עפּעס געשען. זי האָט אויפֿגעהערט צו טאַנצן. מיט פֿאַנאַנדערגעפֿאַלענע שיטערע האָר, מיט אַ וויגנדיקער ברוסט איז זי שטיין געבליבן אין מיטן צימער. אירע נאַסע גלאַנציקע ליפּן האָבן געציטערט און אירע גלעזערנע אויגן האָבן געקוקט אַקעגן אַף דער וואַנט, געקוקט מיט טומפּער שרעק, ווי די אויגן פֿון אַ כאָסערדייע. די האַרמאָשקע האָט אויפֿגעהערט צו שפּילן, אַנדרעיעוו האָט פֿאַרביסן די אונטערשטע ליפּ, גלייך ער האָט עמעצן אומגערן אָנגעטראָטן אַפֿן פֿוס, זיינע אויגן האָבן געפֿרעגט:

— וואָס איז?.. שוין ווידער, אַ? און דריי פּאָר אויגן האָבן אַ ווײַלע געקוקט אַקעגן צו דער וואַנט, וווּהין עס איז מיט שרעק געווען געווענדעט מאַרפֿושעס פּאָנים.

— שאַ, — האָט אַ הוסט געגעבן זובאָק. — שאַ! דו הערסט? דו הערסט?

די וואַנט האָט אַרויסגעגעבן טויבע, טומפּע און שווערע קלעפּ. די קלעפּ האָבן זיך פֿון אָנהויב געדאַכט ווייטע, ווי זיי וואָלטן קומען טיף פֿון אונטער דער ערד. נאָר וואָס מער זיי האָבן זיך איבערגעכאַזערט, אַלץ נעענטער האָט זיך געפֿילט די אַקשאָנעס, מיט וועלכער זיי פֿאַלן אין דער וואַנט, אַלץ קלאָרער איז געוואָרן, פֿון וואַנען זיי קומען — דאָס קלאַפּט אָן פֿון זיין צימער דער קראַנק-געוואָרענער נאַטשאַלניק און ניט צו וויסן, אַז עס איז שוין צען אַזייגער אין אָוונט — צייט איז, אַז זובאָק, אַנדרעיעוו און איוומענקאָ זאָלן זיך אויפֿזעצן אַף די פֿערד און זאָלן אַוועקרייטן צו דער גרענעץ היטן די פֿאַרשנייטע וועגן.

— אָן שלאָף, האָט אַ זיפֿץ געגעבן מאַרפֿושאַ, — אָ נאָספּאָדי...

אירע כאָסערדייעדיקע אויגן האָבן נאָך אַלץ אַרויפֿגעקוקט צו דער וואַנט, ווי צו אַ הייליקן בילד. אירע נאַסע ליפּן האָבן זיך געשאָקלט, ווי צו אַ געבעט, וואָס קומט פֿון שרעק:

*) פֿון „אין שפּאַן".

— שוין די דריטע נאַכט...

נאָר איִנומענקאָ דער מאַטראָס האָט שוין געהאַט בייזלעך אַרייַנגעצווינגן דעם קאָפּ אין די אַקסלען:

— אָט אַ נעווייַלע — האָט ער אַ קלעם געגעבן די ציין — אַ צוטשעפּעניש...

און ער האָט אומצופֿרידן אַוועקגעדרייט זיין פּאָנים פֿון דער וואַנט.

דער נאַטשאַלניק איז געווען אַ נייער, אַ יונג אַ ריזיקער און אַ בייזער מיט אַ באַנדאַזשירטן האַלדז, ווי פֿון אַ געשוויר, מיט אַ שווערער הייזעריקלעכער שטימע פֿון אַ מענטשן, וואָס האָט זיך נאָר וואָס געלאָזט אַרויסרייסן טיפֿע וואָרצלען פֿון אַ באַק-צאָן. אַז מען האָט בא אים עפּעס געבעטן, האָט ער געשוויגן, ניט געקוקט אין פּאָנים אַריין, נאָר ווען עס האָט אָנגעהויבן זיך צו דוכטן, אַז מען האָט שוין בא אים נעפּויעלט, האָט ער פּלוצים אויסגעפּלאַצט זייער שווער און אומצופֿרידן:

— טשטאָ ווען?... שוטניטע?

קיינער האָט ניט געוווּסט פֿונוואַנען ער שטאַמט און מיט וואָס ער האָט זיך באַשעפֿטיקט פֿריִער. פֿונאָנהויב זיינען אַוועק ווערן אים קלאַנגען, אַז ער איז אַ געוועזענער מאַנגאַט, געהאַט אייגענע שאַכטן, געלעבט אין אַ פּאַלאַץ... דערנאָך האָט מען פֿון זיין געוועזענער רייכקייט זייער פֿיל און פּלוצים אַראָפּגעלאָזט, כאָטש צו „שאַכטעס”, איז געבליבן, האָט ער ווירקלעך אַ שאַכטעס — ער איז אַלע זיינע יאָרן געווען אַן אַרבעטער אין שאַכטן — פֿון דאָרט, פֿון די שלעכטע נאַזן, וואָס אונטער דער ערד, האָט ער באַקומען זיין קרענק מיטן געשוויר אָפֿן באַנדאַזשירטן האַלדז. קיין קאַמינאַ-באַלקע פֿאַר אַ נאַטשאַלניק האָט אים אַראָפּגעבראַכט די כאַווערטע סאַשאַ — אַ יונגע, אַ מאַנסבילישע-גרויסע, אַן אַרומפֿאָרערין, אַ באַפֿולמעכטיקטע פֿון דער פּאַרטיי (יענע זעלבע, וואָס האָט דאָ דעם אַלטן נאַטשאַלניק פֿאַר נאַכלאָזיקייט אַראָפּגעזעצט). זיין אויסערלעכע שטומקייט, זיין שווערע ריזיקע פֿיגור האָט זיך דאָ אַף אַלעמען אָנגעלייגט, זי האָט געוואָרן, און די איינציקע האָפֿענונג איז געווען, וואָס ער איז פֿון נאָך זיין יאָרן-לאַנגער אַרבעט אין די שאַכטן קראַנק מיט עפּעס אַ מאָדנער שווערער קרענק און וועט דאָ לאַנג ניט אַוועקציען. אַז ער האָט אַראָפּגענומען דעם באַנדאַזש פֿון פּאָנים, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער האַרטער געשוויר אַף זיין האַלדז און אַף זיין נאַקן איז נאָרניט אַזוי גרויס, ווי מען האָט געמיינט. נאָר אין מיטן באַטאָג האָט געקאָנט טרעפֿן, אַז זיין פּאָנים און זיינע אויגן זאָלן זיך פּלוצים אָנגיסן מיט אַזאַ געלקייט, ווי גלייך מען וואָלט אין אים דורך איינעם אַ מאַכל אַריינגעטאָן אָן אַ שיר זאַפֿרען. און דענסטמאָל ליגט ער אין זיין צימער בא פֿאַרמאַכטע לאָדן און ליידט גרויסע ווייטאָקן. דענסטמאָל הערט מען ניט זיין קאָל, און אַלע אָטעמען פֿריי, יעדערער איז דאַן ווידער, ווי פֿאַרן אַלטן נאַטשאַלניק, פֿאַר זיך אַליין אַ פּאָריץ און קאָן טאָן, וואָס ער וויל. נאָר אָט ווייזט זיך אַרויס, אַז אויך אין די טעג פֿון זיינע שווערע ספּאַזמען הערט ער זיך צו צו אַלץ, וואָס אין קאַמינאַ-באַלקע טוט זיך, אויך דאַן הויבט ער אָן געבן צו פֿילן, אַז ער איז דער נייער נאַטשאַלניק פֿילימאָוו — ער גיט אָפּ באַפֿעלן.

— איז וואָס? — האָט איִנומענקאָ אַ פֿרעג געטאָן מיט גאַל, — איז גייען מיר, צו ניין?

מען האָט צום לעצטן מאָל פֿאַרויכערט און באַם פֿאַרויכערן האָט מען אַריינגעבליקט איינער דעם אַנדערן אין די אויגן. איין בליק האָט ווען דעם נייעם נאַטשאַלניק געזאָגט דעם צווייטן:

— אַ קראַנקער פּייַנער.

— קיין אַרעסטירטע פֿון דער גרענעץ ברענגען מיר ניט אַפֿילע איינעם.

— אַ מאַקע אים אין נאָרגל.

— זאָל ער אַליין גיין היטן די גרענעץ.

— זאָל ער פֿוילן.

און אַלע דריי האָבן מיט פֿאַרדרוס גענומען זיך אָנפֿעלצן, פֿאַרבינדן מיט די קאַפּטערס די אויערן און זיך אַרויסרוקן איינער נאָכן אַנדערן אין זאַווערוכעדיק קאַלטן, פֿינצטערן דרויסן.

פֿון יענער זייט טיר זיינען ביסלעכווייז אָפּגעשטאָרבן אומצופֿרידענע פֿילמאָל איבערגעכאַזערטע קלאַנגען — דאָס האָט דער מאַטראָס איִנומענקאָ זיך בייז געשאָלטן פֿאַר אַלע דריי:

— רררראַם—טעררִיבאָם!... רררראָם טעררִיבאָם!...

---

אין פֿאַרשנייטן קאַמינאַ-בראָדער הויף — אַ קילעכדיקער הויף פֿון אַ געוועזענעם מאָנאַסטיר אין פּוסטן פֿעלד — אין מיטן הויף: אַ סלופּ מיט אַן אייביק אויסגעלאָשענער לאַמטערן. אַרום לאַמטערן דרייט זיך אַן אייביקער רואַך — אַ ווינט; ער קלאַפּט מיט די געבליבענע שטיקער פֿון די געפּלאַצטע שויבן, און אַרום סלופּ ליידן דריי אָנגעזאָטלטע פֿערד פֿונם באַנאַכטיקן פֿעלד-שטורעם; קאַלטע דראָטן פּאַטשן און שטעכן זייערע לייבער. אַרום זיי שטויבט און לופֿטערט זיך דער שניי. ער קומט פֿונם ווינקל, ווו אַ גרופּע אויסגעקרימטע קלויסטער-שפּיצן מיט פֿאַרבראָכענע צלאָמים שטייט פֿאַרכמורעט און ווייסט — אַ גרופּע צלאָמים, אקעגן וועלכער קיינער צייִלעמט זיך ניט מער. דער שניי רויכערט זיך אונטער די פֿערדס בייכער, ער פֿאַלט, ווי פֿון אונטער טויזנטער זיפּן, נאָר אין טונקעלער באַנאַכטיקער בלאָסקייט איז שווער צו וויסן פֿונוואַנען פֿאַלט ער — פֿון אויבן צי פֿון אונטן.

— מיעס, מיעס אַריינגעפֿאַלן — פֿאַרמעסט זיך דער „סליעדאָוואַטעל” אַנדרעיעוו צו זיין פֿערד נאָך פֿון ווייטנס, — ראַז, דוואַ, טרי!

און מיט אַ שפּרונג פֿון אַ מענטשן, וואָס וואַרפֿט זיך אַריין אין קאַלטע וואַסער, בלייבט ער ליגן מיטן בויך אָפֿן זאָטל פֿון זיין דאַרן, שוואַרצן פֿערד, ער גיט זיך בעריעש אַ דריי, געפֿינט מיט די פֿיס די סטרעמענעס און קוואַקט אָפּ אַ פּאָסיק:

— בוריאַ מגלאָיו ניעבאָ קראָיעט, וויכרי סניעזשנעיע קרוטיאַ.

— נו וואָס, פֿוילט ער זיך אומקוקן און שטרעקט אויס אַ האַנט אין אַ פֿוטערנער הענטשקע אַף צוריק, — מען זיצט, אַ?

רררראַם טעראַראַם, רררראַם טעראַראַם.

דאָס מוז איִנומענקאָ דער מאַטראָס מאַכן אַ פּאָר געשווינדע האַקאָפּעס, ביז ער כאַפּט זיך אַרויף אַף זיין קליינעם מעשוגעוואַטן פֿערדל.

— אין אַלע מאַמעס אַריין, ענטפֿערט ער מיט אַ פֿאַרשפּעטיקונג, — מען זיצט, מען זיצט.

ער אָטעמט שווער:

— פֿיר, אַנדרעיעוו.

— וואוהין?
— אויש צום וועלדל.
— ביען!

איצט רייט מען אַרויס פֿון הויף, ווי אין אַ סענל — דער שפּיץ פֿון סענל איז אַנדרעיעוו.

ער מוז פֿריילעך ענדיקן זיין פּאָסיק:

— טאָ קאַק זוער אָנא זאַוואָיעט, טאָ זאַפּלאַטשעט, קאַק דיטיא.

ער איז דער סאַמע ווייכער און געלאַסענער צווישן אָט דער קליינער כעווּרע. זיין כאַראַקטער:

אַן אָפּגעלאָזענער, אַ פֿוילער, נאָר אַ גרינגער און שפּילעוודיקער — אַ געבליבענע ירושה פֿון זיין אַמאָליקן פּריציִשן שטאַם. ערגעץ ווו, טיף אין נאָרגל, זיצן בא אים נאָך ביז איצט אייניקע קלאַנגען פֿון אַ יונגן געפּעסטעטן יונקער. מיט דידאָזיקע קלאַנגען פֿאַרוואונדערט ער אַרום זיך מענטשן, איבערהויפּט באַנאַכט, ווען מיט אַ שיסעריי פֿון בראַזגינגען קומט אויס אָפּצושטעלן בא דער גרענעץ אַ גאַנצע שורע יאַנגדיקע פֿורן. אין אַזעלכע פֿאַלן האָבן זובאַק און איזמענקאָ שטאַרק געזידלט. מיט ווילדע קוילעס און מיט געשרייען האָבן זיי אַף די איבערגעשראָקענע פֿורן געמאַכט דעם איינדרוק, גלייך עס זידלט זיך אַ גאַנצער פּאָלק. אויב זיי האָבן דאָרט בא די פּאַסאַזשירן געטרייסלט די טאַשן, האָבן זיי דאָס געטאָן ניט צוליב זיך און ניט צוליבן געזעץ, נאָר פּאָשעט צוליב דער פֿרייד, וואָס בא בורזשויען וועלן די טאַשן זיין ליידיק. דערפֿאַר האָט דאַן אַנדרעיעוו נעאַרבעט גאַנץ זעלבשטענדיק און איינגאַרטיק. פֿאַר רייך-געפּעלצטע פֿרויען, וואָס הויקערן זיך אין די וואָגנס, מען זאָל זייער רייכקייט ניט אַרויסזען, האָט ער זיך דאָרט זייער לייטיש פֿאַרנייגט, ער האָט אַראָפּגענומען פֿאַר זיי זיין היטל און האָט איידל געפֿרעגט:

— מאַדאַם, אַ אוּ וואַס דיענגי יעסט?

און אַז מען האָט אים געלט געגעבן, האָט ער ניט געציילט און זיך ניט געדונגען, ער האָט זיך ווידער איידל פֿאַרנייגט און האָט געענטפֿערט ניט פּאָשעט „מערסי" נאָר טיף פֿון גומען אַרויס, ווי אַ פֿראַנצויז:

— מערסי.

ביכאַל איז געווען זייער שווער, ער זאָל אויפֿגעבראַכט ווערן און זאָל אַרויס פֿון די קיילים. און אָט, אַפֿילע איצט, אין אָט דער שטורעמדיקער ווינטער-נאַכט. די בייזע אויפֿפֿירונג פֿון דעם נייעם קראַנקן נאַטשאַלניק האָט אים ווייניק-וואָס געריירט, דענסטמאָל, ווען די איבעריקע צוויי, איבערהויפּט איזמענקאָן איז זי דערנאָנגען ביז די לעבער. איזמענקאָ האָט געזאָרן, ער האָט אויסגעלאָזט זיין ביטער האַרץ צו זיין קליינעם פֿערדל, וואָס האָט פֿריער, באַם אַרויספֿאָרן פֿון הויף, געמאַכט מעשוגענע שטיק, און האָט אים געטאָן דאָס, וואָס ער וואָלט מיט גרוים פֿאַרגעניגן איצט געטאָן דעם נייעם נאַטשאַלניק — ער האָט שטאַרק געשלאָגן מיט אַ פֿויסט איבער דעם פֿערדלס קאָפּ צווישן די אויערן, און זיינע פֿיס האָבן דערביי אָן אויפֿהער געבוויכקעט לויטן ריטם פֿון אַ געוויסער קלאָלע. סאָפּקאָלסאָק איז מען אַזוי אין דרייען אַרויס אַפֿן פֿרייען באַנאַכטיקן ווינט.

אַרום איז געלעגן אַ גלייך פֿעלד, געלעגן פֿאַרשאָטן און אומענדלעך, ווי אַ ווייטער שנייִקער מידבאָר. דער שטורעם האָט זיך דאָרט געטראָגן פֿון רעכטס אַף לינקס. גרויסע פֿאַרהוילענע הענט האָבן פֿריילעך אויפֿגעהויבן גאַנצע הויפֿנס שניי און האָבן זיי אויך אַזוי פֿריילעך צוריק פֿון די זשמעניעס אַרויסגעלאָזט. אַנדרעיעוו האָט אויסגעפֿונען, אַז פֿוילן זיך איז אַ גאָלדענע זאַך, און אָט אַפֿילע איצט, ווען דער ווינט פּאַטשט אין פּאָנים אַריין און, אָטעמענדיק מיט אַ פּייף, קריכט זיין שפּרינגענדיקער פֿערד ביזן בויך אין שניי — בעסער איז דאַן, אַז מען בויגט אָן דעם קאָפּ און מען פֿאַרמאַכט די אויגן, און זאָל זיין פֿערד טראָגן, וואוהין ער וויל.

— איך זע ניט גאָרניט — האָט ער צו די אונטן-געבליבענע כאַווייריִם אָפּגעלאָזט אַ דעפּעש מיטן ווינט, — פֿאַרשאָטן אַלע וועגן.

— פֿיר, פֿיר, האָט אים פֿון אונטן אנגעיאָגט אַ שוואַכער ענטפֿער, — האַלט לינקס.

לינקס איז געווען ווייניקער שניי און מער ווינט. דער געלויף פֿון די דריי רייטער איז דאָרט גלייך איבערגעגאַנגען אין אַ געשווינד הינקען. און פֿון אויבן איז דער הימל באַשטאַנען פֿון געפּלאַצטע שטומע בערג — פֿון צווישן רויכיקע וואָלקנס האָט דאָרט נאָכגעיאָגט די רייטער אַ יונגע הינקענדיקע לעוואָנע. די לעוואָנע האָט צוגעהינקט ביז דעם אָנהויב פֿונם פֿאַרווייעטן וועלדל, ווו די רייטער האָבן זיך אויסבאַהאַלטן פֿון באַנאַכטיקן שטורעם און פֿון ווינט.

און ערגעץ ווייט אין פֿעלד, בא דער שיין פֿון דערזעלבער לעוואָנע האָט זיך דער לופֿט געכאָלעמט אַ גליטשעריי פֿון פֿיל שליטנס, אַ ניסעריי פֿון לויפֿנדיקע פֿערד. איצט בא האַלבער נאַכט איז סאַמע געווען די צייט דערויף — פּונקט איצט האָבן זיך געניייוויש גערוקט גאַנצע שאַיקעס פֿורן מיט די טיף פֿאַרשנייטע אויסבאַהאַלטענע וועגן, וואָס קעגניבער דעם וואַלד — מען איז דאָרט געפֿאָרן פֿונם נאָענטן שטעטל נאָליבאָווקע צו דער גרענעץ, מען איז דאָרט אַזוי געפֿאָרן נאַכט בא נאַכט און זיך געוווּנדערט:

— מאָדנע... קיינער היט ניט... פֿראַנק און פֿריי...

---

אָט אַזוי, איז איינע פֿון יענע נעכט פֿאַרבליבן בא אַנדרעיעוון, זובאַקן און איזמענקאָן אין זיקאָרן: אַ נאַכט פֿון כאַלוימעס און פֿון פּוסטע גליקן.

אַז מען איז זיך נאָכדעם איבערגעשלאָפֿן, איז מען געווען, ווי כוילעדיק — מען האָט אויפֿגעהערט צו גלייבן:

— געווען די נאַכט, צי ניין?

נאָכגעבאָמבלט האָבן זיך בלויז דער נאַכטס איינצלנע שטיקער.

זיי האָבן געקיצלט דעם זיקאָרן:

שטיק נאַכט № 1:

— די פֿולע לעוואָנע — אַ מעשענע זאַך מיט אַ פּאָניִם פֿון אַ פּייגער — שווימט, שווימט. קיין אויגן האָט עס ניט, קוקן וויל עס דאָך.

שטיק נאַכט № 2:

דער אָנהויב פֿון פֿאַרווייעטן וועלדל אין מיטן אַ שנייִקער קאַלטער נאַכט. אַז מען איז דאָרט אַראָפּ פֿון די פֿערד, האָט מען גלייך דערפֿילט, ווי עס גריבלט אין האַרצן. איצטיקס מאָל האָבן נאָליבאָווקער באַלעגאָלעס געפֿירט זייערע פֿאַרשווינען צו דער גרענעץ מיט אַ פֿיל נעענטערן וועג, ווי טאָמיד: זיי זיינען געפֿאָרן מיט דעם וואַלד.

שטיק נאַכט № 3:

— לעמעשקע אנדרעיעוו!...

אינומענקאָ האָט אים דאָרט מיט היץ אין די אויגן גלייך אַרויס־געזאָגט זיין מיינונג:

— ביסט ניט קיין סליעדאָוואַטעל, ביסט אַ... רררבאָם, טעראיבאָם!

ווייל אויב מען האָט אָפּגערעט ניט צו ברענגען דעם נייעם נאַטשאַלניק קיין אַרעסטירטע פֿון דער גרענעץ, דאַרף עס בלייבן אָפּגערעט.

נאָר אַנדרעיעוו, אויב ער איז ניט שיכּער און ניט פֿריילעך, איז ער בּיכלאַל איינגעשפּאַרט און פֿאַראַקשנט, אָט ווי לאַנג ער איז: רעדסטו צו אים, איז ווי צו דער וואַנט. אים גריבלט אין האַרץ מער, ווי אינומענקאָן און זובאָקן. נאָכן אויסגערויכערטן פּאַפּיראָס ציט ער דעריבער אַריין זיין קאָפּ אין די אַקסלען און לאָזט אַרויס אַ גענעץ פֿון אַ געוועזענעם פּאָרעץ, אַ הויכן מיט אַ קוויטשעקל. אים גלוסט זיך דאָך כאַפּן בײַ דער גרענעץ אַ פּאָר באַלעגאָלעס מיט פּאַסאַזשירן... זובאָק דער אַגענט קוקט אַף אים מיט נאַדלעס אין די ברעמען, ווי טאָמיד בײַם ער באַטראַכט מענטשן, וואָס זיינען איוועראָס געזעץ. נאָר אַנדרעיעוון גייט דאָס ניט אָן. זיינע אויגן — אויגן פֿון אַ ניט דערקוילעטער שאָף — קוקן נאָכן גענעץ בוימלדיק און ענטפֿערן אינומענקאָן: — ביסטו אַ בעהיימע, ברודערקע! — שוין צייט דיר וויסן: לאַנגווייליק ווערט אין מיטן דער נאַכט אַ סליעדאָוואַטעל פֿון קאַמינאַ־באַלקע ביים ער דערמאָנט זיך, אַז ער איז אַמאָל געווען אַ יונקער... ער מוז עפּעס טאָן...

ער הויבט אָן אַוועקצושפּאַצירן צווישן די ביימער אין אָנהויב וועלדל און מאַכט אַזאַ אויסזען, גלייך ער האָט עפּעס פֿאַרלאָרן, ער פֿאַרשווינדט און קומט באַלד צוריק מיט אַ נייס:

— נו, פֿאַרשטענדלעך, אַ וועג אָט דאָ באַלד צווישן די ביימער — פֿרישע שפּורן פֿון אַ שליטן.

— ווו, אַ וועג?

— נו, מיט איין וואָרט...

שטיק נאַכט № 4:

אַ וועג אַ נאַנעוו. ער ציט צו זיך אין אָנהויב וועלדל אַ שמאָלער, אַ פֿאַרטייעטער און נייער. ער איז פֿיל מיט אוּעס. עס פֿאַרדריסט דער איינפֿאַל צו פֿאָרן צו דער גרענעץ דאַווקע דאָ נאָענט, בײַ קאָמינאַ־באַלקע אונטער דער נאָז — אַן איינפֿאַל פֿון נאָליבאָווקער גאַנאָווים באַלעגאָלעס. אינומענקאָ זיצט שוין אַפֿן פֿערד און יאָגט דער ערשטער אַוועק מיט אָט דעם וועג:

— איז וואַרט זשע, — שרייט ער, — רררבאָם טעראיבאָם...

אין יענער נאַכט האָט מען געפּאַקט אַ פֿורל, וואָס האָט אין מיטן וואַלד אַראָפּגענויגט פֿון וועג, אַראָפּגענויגט אַזוי פֿיל, גלייך עס איז נאָר אויסן געווען אָפּצוטרעטן די דריי רייטער דעם פֿרייען דורכפֿאָר. נאָך דעם ערשטן געשריי, וואָס מען האָט אַפֿן פֿורל געגעבן, האָט זיך עס אָפּגעשטעלט מאָדנע שוויינגדיק, אונטערטעניק, גלייך עס וויל זאָגן: נו, אָט... נאָט צו דאַנקען — ניט אומזיסט געפּלאַטערט דעם גאַנצן וועג... געגלויבט די גאַנצע נאַכט, אַז אַזוי וועט טרעפֿן.

דענסטמאָל איז מען צוגעריטן גאָר נאָענט צום פֿורל און גענומען עס באַטראַכטן: אַ בידנע פֿורל פֿון נאָענטן שטעטל נאָליבאָווקע — אַ פּאָשעט באַלעבאַטיש פֿורל מיט אַ דרייצניאָריקן יינגל — אַ שמײַסערל און מיט אַ יונגער רייך־געפּעלצטער פֿרוי, וואָס האַלט אַ צוויי־יאָריק שלאָפֿנדיק קינד אַפֿן שויס און איז גלײַך אין אַלץ זיך מוידע.

מען פֿרעגט זי:

— צו דער גרענעץ?

זי ענטפֿערט ווייער שטיל. זי שאָקלט קוים מיט די ליפּן:

— צו דער גרענעץ.

אין אָקאָרשט נאָכדעם הויבט זי אויף איר קאָפּ און טוט אַ קוק אַף די רייטער מיט די אויגן — מאָדנע אויגן, גלײַך יעדער אויג האָט טיף אין זיך נאָך אַ פֿרוי, און בײַ יעדער פֿרוי הענגט דאָרט אַ צײַלעמל אַף דער ברוסט. זי איז אַ קריסטלעכע... זי זיפֿצט:

— נײַן, טייערינקע, — זאָגט זי, — קײַן שלעכטס וועט איר מיר ניט טאָן... איך ווייס, קײַן קאַמינאַ־באַלקע וועט איר מיך ניט פֿירן. איך קאָן אַזעלכע, ווי איר, איך האָב זיי ליב...

---

אַף מאָרגן, נאָך אַ שפּעטן שלאָף, אַפֿן טאָג איז מען געווען בייז, ווי נאָך אַ בעשוטפֿעסדיקע אַוויירע. מען האָט געלופֿטערט די פֿאַרטשאַדעטע געשאָמעס אין קאַמינאַ באַלקער פֿאַרשנייטן הויף — זיך געלופֿטערט פֿון דעם שפּיצל, וואָס מען האָט בײַנאַכט אָפּגעטאָן דעם נייעם קראַנקן נאַטשאַלניק — מען האָט זיך נאָר אַ גאַנצע נאַכט געדרייט אַרום איר אין וואַלד — איר נאָכגעריטן, ווי אַ קליינע טוטשקע הינט נאָך אַ צויג, און זי אומגעקערט פֿון גרענעץ. איצט איז מען אַלע דריי געווען ניט מער, ווי אַ כאָלעם, וואָס געדענקט זיך פֿון בײַנאַכט, ווי דער פֿרוים אויגן — אויגן מיט צײַלעמלעך אין שוואַרצאַפּל, וואָס קוקן מיט בעטלערישן כיין און גיבן אַרויס ייִצער־האָרעדיקע ווערטלען, זאָגן צו אַלדעם נוטס:

— אָט באַלד, טייערינקע...

— אָט באַלד...

זי האָט זיי דאָרט גענאַרט אַ גאַנצע נאַכט... און סאָפּקאָלסאָף האָט זי זיי דאָרט אַלע אָפּגעשווינדלט און מיט גרויען טאָגליכט זיך אַרויסגענאַרט מיט נאָרנישט פֿון זייערע הענט. איצט האָט זי דעריבער נאָך אַלץ בײַ אַלע דריי פֿאַרפֿוילט דעם זיקאָרן, מען האָט געדענקט די צוויי גרויסע שווערע קערב, וואָס זי האָט מיט זיך געפֿירט, גע־דענקט מיט קלעמעניש, מיט כאַראָטע, און געהאַט פֿאַרדרוס:

— אָט אַ שטיק נעקייווע.

— אָט ווען זי וועט זיך פּאַקן נאָך אַ מאָל... רררבאָם טעריבאָם...

.II

נאָליבאָווקע.

אַ שטעטעלע, וואָס פֿאַרברודיקט דעם באַרג־אַראָפּ אַ קאַרגע שאָ פֿאָרן פֿון קאַמינאַ־בראָדע — אַהין, האָט זיך מיט דעם פּראָסטיקן פֿרימאָרגן אומגעקערט אַ יונגע פֿרעמדע פֿרוי מיט אַ בלאָנד קינד פֿון אַ יאָר צוויי.

איר אַריינפֿאָר מיטן פֿרימאָרגן צוריק אין שטעטל — אַ שווערער אַריינפֿאָר, גלײַך זי וואָלט זיך אויסגעטאָן בײַן העמד און וואָלט זיך אַזוי באַוויזן נאַקעט אַף דער וועלט, נאַקעט פֿאַר דער וועלט. שולדיק איז די נאָענטקייט פֿון קאַמינאַ־באַלקע; און ניט אַזוי קאַמינאַ־באַלקע אַליין, ווי איר נייער קראַנקער נאַטשאַלניק — זינט ער איז

אַהין אַראָפּגעקומען, פֿאַרפֿאָרט מען קיין נאָליבאָווקע בלויז בײַנאַכט און מען פֿאָרט אַרויס בלויז בײַנאַכט. בײַנאַכט האַנדלט מען מיט שמוגל. בײַטאָג אָבער גייט נאָליבאָווקע ניט אַרום, און אַז זי גייט יאָ, גייט זי זייער שטיל — זי גייט אין זאָקן.

בײַטאָג דרעמלען פֿאַרהענגלעך אויף די פֿענצטער.

דרעמלען אין די הייזער יענע, וואָס וואַרטן איבער ביז די נאַכט וועט צופֿאַלן. דרעמלען געסלעך אין דרויסן.

טײלמאָל קלינגט דער קלויסטער אין ווייטן ווינקל — אַן אַלטער קלויסטער, אַ קאַטויליִשער. עס ווערט דאַן מאָדנע: ער איז טויט, טויט... פּלוצים קלינגט ער. ער ווערט אַנטשוויגן, דרעמלט דאַן דער גאַנצער דרויסן. זיין אויסדרוק:

— איך זע ניט קיין אַרײַנפֿאָרנדיקע פֿורלעך — איך וויל ניט קוקן.

דאָס מידע פֿורל האָט געהונקען, געהונקען, צילנדיק אין אַ ווינקל. דעם פֿורל זיינען אויסגעגאַנגען די קיילעס. עס האָט קוים צוגעשלעפּט די פֿרוי צו יענעם זעלבן הויז, ווו זי איז איינגעשטאַנען נעכטן. און די ערשטע, ווער עס האָט דאָרט אַקוק געגעבן אין פֿענצטער, איז געווען די באַלעבאָסטע פֿון יענעם הויז. צייט איז איר געבליבן אויף צו טאָן צוויי זאַכן: אַ פּאַטש מיט די לאַנגע הענט און אַגעשריי צום מאַן, וואָס צוהאַקט אין קיך אַ קעסטל:

— אוי שמועל, זי איז דאָ צוריק...

נאָר פֿון שרעק האָט זי ניט געטאָן נאָרניִשט — זי איז אַרויס אין דרויסן.

אין נאָליבאָווקע איז שטענדיק אַזוי: שיקט מען אָפּ אַ מענטשן צו דער גרענעץ און מען דערזעט אים נאָכדעם צוריק, האָט מען פֿאַר אים מוירע, ווי פֿאַר אײַנעם, וואָס האָט זיך אומגעקערט פֿון יענער וועלט.

די באַלעבאָסטע, אַ לאַנגע, אַ דאַרע, אַ יונגע, מיט אַ קאָל אויף רייסן קוואָרים. אַז זי רעט גיך, פֿאַרשטייט ניט קיינער אַחוץ איר מאַן.

דער באַלעבאָס: אויך אַ לאַנגער, נאָר ניט אַזוי דאַר. רעט צוויי מאָל קלאָר, צוויי מאָל פּאַמעלעך — איינמאָל פֿאַר זיך, איינמאָל פֿאַר זיין ווײַב, ווײַל ער איז אַ מענטש פֿון יוישער. ער האָט ליב: אַרומגיין אין שטוב אין קאַמזויל, פֿאַרמישן מיט זיין אייגענעם רעצעפּט דער קו אַ צעבער און בעשאַס מאַיסע טראַכטן וועגן זיך אַליין: שמועל וואָלצים — דער לייטישסטער אין נאָליבאָווקע: אַלע בּאַרײַסן דאָ דורכפֿאָרער, איך ניט, ס'אַ ליגן, איך באַרײַס ניט.

אַז ער קומט אַרײַן פֿון קיך אין שטוב, איז זיין ווײַב דאָרט שוין ניטאָ. דורכן פֿענצטער זעט ער: זי הויקערט זיך אין דרויסן אויף די טרעפּלעך פֿון נאַניק, פֿאַרשטעלנדיק מיט די לאַנגע הענט דעם נאַקעטן האַלדז. זי ציטערט פֿון קעלט און שאָקלט זיך אַקעגן דער פֿרעמדער פֿרוי:

— אוי! — לעבערט זי די פֿענצטער, — מיר האָבן געהוסט — איך און מיין מאַן. מיר האָבן נאָר מוירע געהאַט אייך צו זאָגן.

ער קוקט זיך איין: די נעכטיקע פֿרוי, יענע, וואָס האָט שטרענג אַ זאָג געטאָן: „רופֿט מיך ניט פּאַני“. און אויגן בײַ איר מאָדנע: קוקט זי אויף דיר, בעשאַס דו זאָגסט עפּעס, הויבסטו אָן צו טראַכטן: „עפּשער זאָג איך אַ ליגן?“ ער זעט, ווי שווער די פֿרוי מיטן קינד קריכט אַראָפּ פֿון וואָגן, און טראַכט וועגן זיין ווײַב: — איז העלף איר בעסער, דו... בעהיימע!

—נו יאָ, — עפֿנט ער די טיר און כאַפּט אונטער דער פֿרויס פּעקלעך, — מיר, נאָליבאָווקער, ווייסן... אַז מיר טוען אַ קוק אויף אַ פֿרעמדן מענטשן, זאָגן מיר גלייך: אָט דער וועט דורך די גרענעץ, און אָט דער ניט.

און אַליין פֿאַרגלוסט זיך אים אַוועקגיין צוריק אין קיך, זיך איינמאָסטן דאָרט אויפֿן טאָפּקעלע אַקעגן פֿייער, וואָס ברענט אין אויוון, און זיצן... אַזוי איז מיט אים געווען אויך נעכטן, ווען די פֿרוי איז איינגעשטאַנען בײַ אים אין שטוב. אַ מאָדנע שיינקייט פֿון אַ פֿרוי, אַ קאָפּ נעדיכטע האָר, בלאָנדע, גלאַטע, מיט אַ גלאַנץ, אַ קריסטן און אַ שטרענגע אַזאַ — גלייך בײַ קריסטן זיינען אויך פֿאַראַן נעטע יידן, און אויך זיי האָבן טעכטער — שטרענגע טעכטער, וואָס פּראַווען טישן... און כּוין דעם: אַז צאָלן — צאָלט זי, זי דינגט זיך ניט.

אַרײַנקוקנדיק צום פֿייער, וואָס ברענט אין אויוון, טוט ער זיך אַ קראַץ: — נעבעך — רופֿט ער אָפּ זיין ווײַב צו זיך אין קיך.

ער האָט פֿאַרדרוס. ער שטייט אָנגעשפּאַרט אָן פּריפּעטשיק, ווי אָן אַן אָמעד און רעט צום פֿייער צוויי מאָל פּאַמעלעך — איינמאָל פֿאַר זיך, אַ צווייט מאָל פֿאַרן ווײַב:

— איז, בעהיימע דו, אַז יענע איז מיד... נאָך אַזאַ נאַכט, איז וואָס פֿאַרגראַגערסטו זי דאָרט, וואָס? בלייב אין קיך, זאָג איך.

איצט איז שטיל. אין נאָענטן קויטיקלעכן עסצימער לערנט זיך אַרומלויפֿן דאָס בלאָנדע צוויייאָריקע מיידעלע. גרינגע ווייכע שיכעלעך פּאַטשן אויף די ברעטער פֿון פּאָדלאָגע. אַלע מאָל, ווען דאָס קינד פֿאַרלויפֿט אין קיך אַרײַן, רופֿט עס די מוטער צוריק: — קום צו מיר.

און אַליין זיצט זי דאָרט מיט אונטערגעשפּאַרטע עלנבויגנס, מיט פֿאַרמאַכטע אויגן, ווי בײַ שטאַרקע קאָפּשמערצן, און אירע פֿינגער זיינען טיף פֿאַרזוקט אין די קורצע צושויבערטע האָר. עס הערט זיך, ווי זי נעמט אָן אַ פֿולע ברוסט מיט לופֿט און לאָזט באַלד די לופֿט צוריק אַרויס, גלייך ווי מיט יעדן טיפֿן אָטעם וויל זי אַרויספּאָמפּען פֿון זיך די גאַנצע איבערגעלעבטע נאַכט, דעם גאַנצן דורכפֿאַל בײַ דער גרענעץ. שמועל וואָלצים זאָגט צו זיין ווײַב:

— דו, נאַר דו, נאָך אַזאַ דורכפֿאַל איז מיט יעדן מענטשן אַזוי. מען פֿילט זיך, ווי מען וואָלט איינגענומען סאַם, נאָר ניט דערנומען.

ער האָט ליב צו ריידן פֿאַרשטעלט. ער שטייט נאָך אַלץ אָנגעבוינן אַקעגן פֿייער, וואָס ברענט אין אויוון, און טראַכט וועגן דעם, וואָס די פֿרוי האָט, ווייזט אויס, פֿאַרטראַכט נאָכאַמאָל פֿאָרן צו דער גרענעץ.

— אָט וועסטו זען, זי וועט איינעמען סאַם נאָכאַמאָל.

---

די פֿרוי האָט אָנגעשריבן אַ בריוו. זי האָט צוגערופֿן צו זיך שמועל וואָלצים און האָט אים אַקוק געגעבן אין די אויגן, צי ער וועט זאָגן אַ ליגן:

— איר קאָנט באַביצקין?

שמועל וואָלצים האָט זיך געמאַכט געפּײַנערט, גלייך ער ווייסט ניט, אַז באַביצקי איז אַן אַלטער פֿאַרשימלטער דאָקטער, וועמען מען

האָט אין נאָליבֿאָווקע שוין לאַנג אױפֿגעהערט רופֿן צו קראַנקע... ער וואוינט אונטערן קאַטױלישן קלױסטער אין אַ פֿאַרקאַבצנט שטיבל, און אין זײַן גאָרטן וואַקסט אַ גאַנצן זומער לױטער קירבעס — געלער קירבעס, ווײַל דער דאָקטער באַביצקי איז אַליין אויך אַזעלכער — אַ געלער קירבעס מיט לאַנגע גרױע האָר. ער עסט קיין פֿלייש נישט. און דער יוגנט איז ער געווען אַ „טאָלסטאָווער". צוריק מיט אַ יאָר צוואַנציק האָט ער געהאַט אַף זיך אַ פּראָצעס פֿאַר פּריידיקן צווישן שטונדיסטן. די שטונדיסטן האָט מען באַפֿרייט, אים האָט מען פֿאַרשיקט אַף צוועלף יאָר. די צוועלף יאָר איז ער אָפּגעזעסן, און, אַז ער האָט זיך אומגעקערט, האָט ער געבראַכט מיט זיך פֿון סיביר אַ טויב־שטומען שײַגעצל; מען האָט געזאָגט:

— ס'אַ מאָשל! עס איז דאָך זײַן קינד... ער האָט אים גענאַט פֿון אַ דינסט.

אַז ער האָט זיך אומגעקערט, האָט מען אים אין נאָליבֿאָווקע שוין אינגאַנצן אױפֿגעהערט צו נוצן. סיידן אַ פּויער פֿון די אַרומיקע דערפֿער וועט אים נעמען צו זיך אַהיים אַף זײַן פֿור, וועט זיצן מיט אים אין וואָגן פּאָרעטש, ווי מיט זײַנעם אַ גלײַכן. אַז סאַי ווי סאַי האַלט מען אין נאָליבֿאָווקע פֿון טאָמיד אָן מער פֿון דעם פֿעלדשער; אויב מען רופֿט באַביצקין, מוז דער כּוילע שוין זײַן הילפֿלאָז און שטאַרק מעסוקן. באַביצקי קומט דאַן שנעל, און דאָס אַליין, וואָס ער קומט, איז שוין אַ סימן — דער קראַנקער וועט שטאַרבן. נאָר באַביצקיס קלײנער פּאָנים, דער געלער קירבים, איז דאַן אָפּפֿערדיק. זײַנע ווענטאַרישע אויגן גלאַנצן און אויב דער קראַנקער איז נאָך באַם זינען און ליידט ניט קיין גרויסע ווייטאָקן, בלייבט ער באַ אים לענגער. עס טרעפֿט: ער טרייבט אַרויס פֿון צימער די אייגענע, ער דערציילט דעם קראַנקן מאַיסעס פֿון כּומעש, און אַלע אַרומיקע פֿילן זיך דערביי שלעכט, ווי גלײַך באַם קראַנקן וואָלט זיצן אַ גאַלעך.

איז אָט צו וועמען דער פֿרויס בריוו איז געווען געשריבן.

דעם בריוו האָט שמועל וואָלצים אַקעגן אַ פּאָר שאָ אָפּגעהאַלטן באַ זיך אין בוזים און געפֿילט האָט ער, אַז אַ טריט צו געבן מיטן בריוו איז אים שווער, ווי אײנעם, וואָס האָט מיטאַמאָל באַקומען אַ שעווער — ווער ווייס, וואָס אין בריוו איז געשריבן: פֿון וואַנען קאָן די פֿרוי דעם דאָקטער באַביצקי? און כּוין דעם: אַז קיין קאָשערע בריוו זײַנען גאָר הײַנטיקע צײַטן ניט פֿאַראַן — וואָס דאַרף ער, שמועל וואָלצים, דאָ לײַגן זײַן קאָפּ?

פּאַמעלעך, פּאַמעלעך, האָט ער אַרױפֿגעשלעפּט אַף זיך זײַן גרויען פֿוטערנעם טיזליק. ער האָט געדענקט:

— דער נייער קאַמינאַ־באַלקער נאַטשאַלניק איז אַ קוילער — בעסער איז, אַז מען פֿאַלט ניט אַרײַן צו אים אין די הענט.

ער האָט אַרױפֿגעשלעפּט אַף די פֿיס אַ פּאָר אַלטע פֿאַרטריקנטע שטיוואַלעס, ווײַל דער גאַנג איז אַן אומזיסטיקער — צוליב אַזאַ זאַך רייסט מען ניט קיין נייע שטיוול. און אין דרויסן האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט אַקאָרשט פֿאַרנאַכט, ווײַל פֿאַרנאַכט איז פֿיל גרינגער — פֿאַרנאַכט פֿאַלט אָן אַף נאָליבֿאָווקע די פֿינצטער פֿריער, ווי אַף דער גאַנצער געגנט, פֿריער ווי אַף אַלע אַרומיקע דערפֿער.

— קבֿי! קבֿי!

שמועל וואָלצים אַ פֿאַרנאַכטיקער הוסט האָט דעם דרויסן צוזאָגן:

— דאָס גיי איך, שמועל וואָלצים, אַ היימישער — איך גיי גלאַט אַזוי, איך גיי אַביסל אַרויס פֿון שטוב.

— קבֿי? קבֿי? — טוט ער נאָך אַמאָל אַ פֿרעג באַם דרויסן.

הייסן הייסט עס: קיינער ווייס ניט, אַז איך טראָג עפּעס באַ זיך?

ווי מיט הילצערנע קלאַפּערלעך קרימט נאָך די געפֿרוירענע לופֿט די ערשטע טריט פֿון זײַנע שטיוול — איצט גייט ער.

פּאַסנווייז שלעפּט זיך אים נאָך די טונקלעניש און קלעטערט, ווי ער באַרג־אַרוף. זי פֿאַרפֿינצטערט פֿריער דעם טאָל, די אַלטע מיל מיטן בריקל, דערנאָך דעם מאַרק, די דעכער, וואָס גראָבן זיך אײַן אין באַרג און שטײַגן, שטײַגן, ווי די שטאַפּלען פֿון אַ לייטער. צולעצט פֿאַרשלינגט די פֿינצטער דעם באַרג אַליין, דעם אַלטן קאַטױלישן קלױסטער. דאָרט בלייבט זי העגנען, ווי פֿאַר אַ הורבֿזיכטיקער וואַנט, וואָס וואַרט נאָך ווי אַף האַוודאָלע... אײַנגעהילט אין איר ליגט נאָליבֿאָווקע. אָן אַ ליכט און וואַרט מיט פֿאַרטייעטן אָטעם... גלײַך דאָרט, אַפֿן קלױסטער, ווו אַ ברעג פֿון הימל איז נאָך העל, דראַפּעט זיך עמיצער אַפֿן סאַמע שפּיץ און קוקט זיך איין פֿאַר אַלע נאָליבֿאָווקער.

— וואָס טוט זיך איצט אין געוועזענעם אַלטן מאָנאַסטיר — אין קאַמינאַ־באַלקע?

פֿאַרטאָג וועט אָנקומען אַ נייער אוילעם אין שטעטל — אַ גאַנצע מאַכנע שמוגלער און גלאַט אַזוי מענטשן, וואָס האָבן פֿײַנט די רעוואָלוציע, וואָס ווילן פֿון איר אַנטלויפֿן — דעם אוילעם דאַרף מען צעגרייטן פֿלעצער. אַרום נײַן אַזייגער אין אָוונט וועט מען דעריבער אַף אַ פֿורן צוואַנציק אַרויספֿירן פֿון שטעטל יענע, וועלכע דרעמלען דאָ פֿון נעכטן אָן. נעכטן איז אויך אַזוי געווען, נאָר עס האָט געטראָפֿן אַ מאַיסע. אַזוי האָט דערציילט די פֿרעמדע פֿרוי באַ שמועל וואָלצים אין שטוב: ווען די פֿורן האָבן זיך אין לאַנגער שורע אַרויסגעצויגן פֿון שטעטל — אַזוי האָט זי דערציילט, — איז פֿונם עקסטן פֿוסטן קרעמל, ווו עס געפֿינט זיך איצט אַ פּאָסטן, אַרויסגעלאָפֿן אַ מיליציאָנער און, אַרויסלויפֿנדיק, האָט ער אויסגעשאָסן גלײַך אַף די פֿורן. די שמייסערס האָבן דענסטמאָל אָנגעהויבן יאָגן, יאָגן. נאָר דער שמייסער אַף איר פֿורל איז געווען נאָך אַ יונג ייִנגל, קימאַט אַ קינד. ער איז אָפּגעשטאַנען. און נאָכדעם האָט ער ניט געוווּסט דעם וועג. ער האָט געבלאָנדזשעט און וואַלד אַזוי לאַנג, ביז עס האָבן זיך באַוויזן דריי אַף פֿערד.

שמועל וואָלצים האָט געזאָגט:

— דאָס, וואָס דער מיליציאָנער האָט געשאָסן, איז נאָרנישט; עס איז אומישנע.

די פֿרוי האָט געפֿרעגט:

— וואָס הייסט אומישנע?

שמועל וואָלצים האָט געענטפֿערט:

ער נעמט געלט פֿאַר יעדער פֿור.

די פֿרוי האָט געפֿרעגט:

— איז וואָס זשע שיסט ער?

שמועל וואָלצים האָט געענטפֿערט:

— פֿאַר אַ טערעך — ער האָט מוירע פֿאַר קאַמינאַ־באַלקע.

די פֿרוי האָט געפֿרעגט:

— פֿאַרן נייעם נאַטשאַלניק?

שמועל וואָלצים האָט געענטפֿערט:

— אָ, אָ! אַ מין קוילער!

דאָס איז אַלץ געווען באַטאָג, נאָך איידער שמואל וואָלצים איז אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן. איצט האָט ער אין זיינע אַלטע, שווערע שטיוול זיך גערוקט באַרג-אַרויף, זיך גערוקט אָן לוסט, זיך אַלע ווײַלע אָפּגעשטעלט אַקעגן שמאָלע טונקעלע הויפֿן, קעדײַ זיך איינצוקוקן, אויב עס שטייט דאָרט ניט אויסבאַהאַלטן קיין צוגעגרייטע באַלעגאָלישע פֿורן. נאָר קיין פֿורן איז אין ערגעץ ניט געווען צו זען. פֿון נעכטן אָן האָט מען אין באַלעגאָלישע הויפֿן געקראָגן מורע — פֿון נעכטן אָן האָט מען באַקומען גרוסן, אַז אַרום קאַמינאַ-באַלקאַ דרייט זיך אַרום עפּעס איינער אין אַ שעפּסענעם פּוטער און אין אַ שעפּסן מיצל איבער די אויערן:

— פֿון ווייטנס — האָט מען געזאָגט — זעט ער אויס אַ פּויער.

— ער בלאָנדזעט אַרום איבער די פֿעלדער.

— ער קוקט אויס די וועגן.

שמואל וואָלצים האָט געהאַט דעמזעלבן כשאַד, וואָס אַלע באַלעגאָלעס:

— עפּשער איז דאָס דער קוילער אַליין — דער נייער נאַטשאַלניק?

טראָגנדיק דעם פֿרעמדן ברײַוו באַ זיך אין בוזעם, האָט ער דעריבער ניט געהאַט קיין מינדעסטן כײַשעק מיט דעם נייעם נאַטשאַלניק זיך באַגעגענען, ער האָט געשפּאַנט פּאָרזיכטיק און האָט יעדנפֿאַלס אַף קיין רגע ניט אַרויסגעלאָזט פֿון קאָפּ דעם טערעץ, וואָס ער האָט דער וועלט צו זאָגן:

— וואָס ווייס איך דען? איך, שמואל וואָלצים... אַז אַ מענטש בין איך אַ פּאַשעטער.

III.

דאָקטער באַביצקי איז געשלאָפֿן באַ זיך אינדערהיים צווישן טאָג און נאַכט. אַוועקלייגנדיק זיך אין די קליידער, ווען אין דרויסן האָט אָנגעהויבן צו ווערן טונקל, האָט ער געקאָנט אַרײַנשלאָפֿן טיף אין אָוונט. אַזאַ טעווע האָט ער באַקומען זינט די רעוואָלוציע איז אַוועק מיט קרומע וועגן, און זינט ער האָט וועגן איר באַשלאָסן:

וואָס איז אַזוינס די רעוואָלוציע?..

— „מיט איין וואָרט — קאַמינאַ-באַלקע“...

פֿון דעמאָלט אָן האָט ער אָנגעהויבן שנאַרכן דאַן, ווען אַלע מענטשן וואַכן, געשנאַרכט, ווי אַף צולאָכעס דער בייזער רעוואָלוציאָנערער וואָך, געשנאַרכט, ווי אַף אַ סימן, אַז צווישן אים און צווישן איר זיינען איבערגעריסן אַלע בריקן. נאָר נאָליבאָקער האָבן דאָס אויסגעטײַטשט אַנדערש. נאָליבאָקער האָבן געזאָגט:

— איז ער אַ קאַבצן!

און נאָך האָט מען געזאָגט:

— אדרבא, זאָל עמיצער פּרווון זיין אַזאַ קאַבצן, ווי דאָקטער באַביצקי, און זיך אַוועקזעצן טראַכטן אַלע טאָג צווישן טאָג און נאַכט.

אַרום דעם דאָקטערס אָפּגעפֿליקטן שטיבל איז דער פּלויט געווען אין פֿיל ערטער דורכגעבראָכן און אומגעוואַלגערט אַף דער ערד, אַזוי אַז אין הויף האָט מען געקאָנט אַרײַנקומען, פֿון וועלכער זייט מען וויל. דער טויער איז דאַווקע געבליבן גאַנץ, נאָר דאָס איז געווען אַ טויער, וואָס לעבט מיט זיין אייגענעם באַזונדערן לעבן און איז מיט דעם אַרומיקן הויף געבונדן פּונקט אַזוי ווייניק, ווי דער דאָקטער באַביצקי מיט דער אַרומיקער שטאָט — דער טויער האָט אין ערגעץ ניט געפֿירט.

און שטיבל אַליין איז געווען דורכויס פֿינצטער. געלויכטן האָט זיך בלויז אין עקסטן קרומען פֿענצטער, און פֿענצטער פֿון קיך — אַהין האָט שמואל וואָלצים אַרויסגעצילט פֿון דער פֿינצטער. אַז ער האָט זיך אײַנגעקוקט אין פֿענצטער, האָט ער דערזען דעם דאָקטערס טויב-שטומען — אַ באָכורעץ פֿון אַ יאָר צוואַנציק מיט אַ צוריפּעט פּאָנים, ווי אַ שלעכט אויסגעבאַקן פּויעריש ברויט, און וועלכן מען האָט אַרײַנגעזעצט אַ פּאָר שוואַרצע קליינע און זייער שמאָלע יאַפּאָנישע אייגעלעך. און נאָליבאָקע באַוווּנדערט מען זיי:

— קלוגע אייגעלעך, דורכגעטריבענע.

און נאָליבאָקע זאָגט מען:

— ווער עס האָט קינדער, און דער דאָקטער באַביצקי האָט זיך געהאַט אַ געטרייען קנעכט, וואָס באַדינט אים און היט אים די שטוב, ווי אַ הונט.

איצט איז דער טויב-שטומער געשטאַנען אַקעגן דעם ברענענדן אויוון און האָט געבאַקן הרעטשענע לאַטקעס — אַפּאָנים דער דאָקטער האָט עס אים געהייסן טאָן, איידער ער האָט זיך געלייגט שלאָפֿן. אָבער זע נאָר, ס'אַראַ לאַטקעס — יעדערע איז גרויס, ווי אַ טעלער. און וויפֿל!.. זע נאָר וויפֿל! זיי ליגן שוין, ווי אַ הויפֿן אַף דעם קיך-טיש און אַף דער באַנק! זיי פֿאַלן פֿון דאָרט אַף דער פּאָדלאָגע, און דער טויב-שטומער באַקט נאָך אַלץ און באַקט — אויב דער דאָקטער וועט זיך ניט אויפֿכאַפּן און וועט ניט זאָגן:

— גענוג!

וועט דער טויב-שטומער פֿאַרפֿלייצן מיט הרעטשענע לאַטקעס די גאַנצע וועלט.

שמואל וואָלצים האָט באַוויזן אַ קלאַפּ צו געבן אין פֿענצטער נאָך איידער ער האָט זיך דערמאָנט, אַז דער טויב-שטומער הערט ניט. ער האָט זיך אַ קראַץ געגעבן זייער פֿויל, ווי אַ באַלעגאָלע, באַ וועמען אַ ראָד האָט געפּלאַצט אין מיטן וועג, און קיין יישועה אַרום זעט מען ניט:

— נו, אָט, איצט גיי שריי כאַיוועקאַיעם.

שמואל וואָלצים האָט פֿון טאָמיד אָן געהאַט זיין אייגענע פּראַקטיק: אַז מען טוט עפּעס פֿאַר עמיצן אומזיסט, האָט מען פֿיל מער קאָפּדרייעניש איידער אַז מען טוט עפּעס צוליב פּאַרנאָסע. ער האָט אַ פּרוּוו געגעבן די אונטער-טיר:

— זי איז אָפֿן.

זיינע אויסגעשטרעקטע הענט האָבן אָנגעטאַפּט אין דער פֿינצטער אַ לייטער, אַ דייזשע, אַ טיר. זיינע שאַרנדיקע פֿינגער האָבן געזוכט די קליאַמקע, נאָר אַז ער האָט נאָכדעם אָן עפֿן געטאָן די טיר אין דער באַלויכטענער קיך אַרײַן, איז דער טויב-שטומער שוין געהאַט געשטאַנען אײַנגעבויגן מיטן רוקן צום ברענענדיקן אויוון, מיטן פּאָנים צום אַרײַנגאַנג. זיין מויל איז געווען ווי פֿון קאָפּ אויסגעקרימט, און די שוואַרצע שמאָלע אויגן האָבן געקוקט צו דער טיר מיט אַ בייזן פֿייער פֿון אַ כאַיע, וואָס איז גרייט זיך אַ וואַרף צו געבן אַף יעדן אַרײַנקומענדיקן. שמואל וואָלצים איז געבליבן באַ דער טיר פֿאַר-

ווונדערט: דער טויב־שטומער האָט דערפֿילט?.. ניט אומזיסט זאָגט מען אין שטאָט: דער טויב־שטומער פֿילט אַזעלכע זאַכן, וואָס אַנדערע פֿילן ניט. שמועל וואָלצים האָט זיך אויך איינגעבוינן, געעפֿנט זיין מויל און האָט געגעבן צום טויב־שטומען אַ שמייכל — ניט בלויז איין שמייכל — ער האָט צו אים געשמייכלט און געווונקען, געשמייכלט און געווונקען. איין שמייכל האָט געהאַט צו זאָגן:

— ביסט שוין אַ גרויסער, אַ?.. ווילסט שוין כאַסענע האָבן?

אַ צווייטער שמייכל:

— באַקסט לאַטקעס?

אַ דריטער:

אין ווו איז דער דאָקטער? דער דאָקטער שלאָפֿט?

דעם טויב־שטומענס מויל איז נאָך אָבער אַלץ געווען אויסגעקרימט פֿון קאַעס, זיינע אויגן האָבן נאָך אַלץ געקוקט מיט ביין פֿייער. שמועל וואָלצים האָט דעריבער אָנגעהויבן טאָן, וואָס אַלע טוען, ווען זיי טרעפֿן זיך מיטן טויב־שטומען. ער האָט אָנגעבלאָזן די באַקן און געמאַכט אַ שרעקלעך פּאָנים, קלאַפּנדיק זיך מיטביידע הענט אין ברוסט. ער האָט אָנגעוויזן אַף זיינע אויערן, גלייך ער הערט פֿון אַלע זייטן אַן אומגעהויער גערויש, ער האָט געדרייט מיט די עלנבויגנס, ווי איינער, וואָס וויל זיך אַוועקלאָזן פֿליען און האָט פּלוצים אַ פֿרעג געגעבן באַם טויב־שטומען מיט די הענט:

— וואָס טוט זיך עס אַף דער וועלט? וואָס קומט איצט פֿאָר?

דענסטמאָל האָט זיך באַם טויב־שטומען איבערגעביטן דער קוק. זיינע אויגן האָבן זיך פֿאַרגלאָצט, זיין פּאָנים האָט זיך אָנגעגאָסן. די אָדערן האָבן זיך אָנגעצויגן. זיין מויל האָט זיך געעפֿנט זייער ברייט, ווי אַף אויסצומייקענען פֿון זיך אַלע געדערים מיטן האַרץ און מיט דער לונג. און בלויז פֿון זיין האַלדז, טיף, טיף פֿון זיין גאָרגל האָבן זיך איינער נאָכן אַנדערן אַרויסגעריסן היכצן און קרעכצן. די היכצן און די קרעכצן האָבן זיך אויסגעמישט אַלע צוזאַמען, זיי האָבן זיך געראַנגלט טיף אונטער דעם טויב־שטומענס גומען, און נאָר אַ געניטער היימישער אויער האָט געקאָנט דערהערן אין זיי דאָס וואָרט:

— דררר־ו.וו.וו.־וואָלוצצ־יא...

דאָס איז געווען דאָס וואָרט, וואָס דער דאָקטאָר האָט אויסגעלערנט דעם טויב־שטומען נאָך צוריק מיט אַ יאָר דריי, אין די ערשטע יאָנטעוודיקע וואָכן, ווען די רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכן. איצט איז דער דאָקטער שוין לאַנג מיט דעם געווען אומצופֿרידן, אים האָט דאָס וואָרט „רעוואָלוציע" געשטאָכן אין די אויערן — עס איז עפּעס אַ צו קנאַקנדיק וואָרט, אַ געפֿערלעכס. דער דאָקטער האָט זיך פֿון דעם געקרימט און האָט געווונקען צום טויב־שטומען, אַז מען דאַרף עס מער ניט זאָגן, נאָר אָפּנעמען דאָס וואָרט באַם טויב־שטומען איז געווען פֿיל שווערער, איידער דאָס וואָרט מיט אים איינצולאַזערן. אַז מען האָט דעם טויב־שטומען עפּעס אויסגעלערנט, איז דאָס געווען אַף אייביק. דער טויב־שטומער איז מיט דעם וואָרט געלאָפֿן אין מאַרק צו די קרעמער, צו וועלכער דער דאָקטער שיקט אים איינקויפֿן! ער איז מיט דעם וואָרט אַרומגעלאָפֿן אין גאַס.

איצט נאָכן אויסגעשריענעם וואָרט זיינען ביידע געבליבן צופֿרידן: שמועל וואָלצים און דער טויב־שטומער — באַם טויב־שטומען איז געווען פֿאַרעכנט פֿאַר אַ היימישן פֿריינט, יעדערער, ווער עס באַקומט אַ שרעקלעך פּאָנים, בלאָזט אָן די באַקן און פֿרעגט באַ אים מיט דרייענדיקע עלנבויגנס:

— וואָס טוט זיך? וואָס קומט פֿאָר?

נאָר פֿון זיינע היכצן און קרעכצן האָט זיך ערגעץ אין צווייטן אָדער אין דריטן צימער אויפֿגעכאַפּט דער דאָקטער. אין קיך דורך דער האַלב־געעפֿנטער טיר האָט זיך אַריינגערוקט ניט קיין קאָפּ, נאָר אַ קליינער, געלער קירבעס מיט לאַנגע גראָע האָר. אַ פּאָר לעבעדיקע, שוואַרצע אויגעלעך, וואָס שטעקן אין קירבעס, האָבן פּאַמעלעך אַ זויך געגעבן אַף רעכטס, אַף לינקס און האָבן געפֿונען שמועל וואָלצים. די אויגן האָבן געפֿרעגט:

— וואָס איז? וואָס האָט זיך געטראָפֿן?

און זיין אַלטע האָריקע האַנט האָט זיך, ווי געמיעסט, אָנצוגעמען דעם אויסגעשטרעקטן בריוו.

איצט איז שמועל וואָלצים געגאַנגען צוריק אַהיים און זיך געפֿילט אַזוי לייכט, גלייך צוזאַמען מיטן בריוו האָט ער באַם דאָקטער אין שטוב אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך אַ פּאָר פּוד בליי. ער האָט געשפּאַנט, ווי אַף צולאַכעס פּאַמעלעך און געהוסט זייער הילכיק אין דעם אָוונט אַריין, האַנאָע געהאַט, וואָס זיינע שווערע קלאַפּנדיקע שטיוול גיבן צו וויסן דער שטאָק־פֿינצטער, אַז עס גייט אַ מענטש, און געוואָלט, אַז פֿון אַקעגן זאָל עמיצער אַרויסקריכן און זאָל אים פֿרעגן, צי ער טראָגט ניט עפּעס באַ זיך: זאָל עס זיין, ווער עס וויל — זאָל עס זיין אַפֿילע דער נייער קאַמינאַ־באַלקער נאַטשאַלניק אַליין — זאָל ער איצט אים, שמועל וואָלצים, אַפֿילע באַזוכן...

נאָר פֿון אַקעגנדיקע פֿינצטער איז קיינער ניט אָנגעקומען, דער אָוונט אַראָפּ־באַרג איז געווען אַ מאָרנע טויטער, כאָטש די שאָ איז נאָך ניט געווען קיין שפּעטע, אַ שאָ, ווען מען איז געוואָינט זיך אַרויסצולאָזן פֿון נאָליכאָווקע צו דער גרעניץ. בלויז אין איינעם אַ שמאָלן און זייער פֿינצטערן דורכגאַנג האָט מען זיך געשעפּטשעט. אַ הייפֿל באַלעגאָלישע „פּאָלושובקעס" האָבן זיך געשאַרט לעבן אַ סקריפּנדיקער אונטער־טיר, און מער אַרויסגערוקט פֿון אַלע איז דאָרט געשטאַנען בינעם דער רויטער — ער האָט געדרייט מיט אַ פֿינגער אין דער נאָז. שמועל וואָלצים האָט באַ אים געפֿרעגט:

— מען פֿאָרט נאָרניט אַ, בינעם?

— הערסט דאָך... היינטיקן אָוונט האָט מען עפּעס מוירע.

— וואָס איז דען, האַ, בינעם?

— יענער איגב פּויערישן מיצל, וואָס דרייט זיך אַרום לעבן קאַמינאַ־באַלקע... יענער איז אַ סוואָרע דער נייער קוילער, דער נאַטשאַלניק אַליין.

— מען זאָגט דאָך ער איז קראַנק, אַ, בינעם?

בינעם האָט ניט אויפֿגעהערט פֿאַרטראַכטערהייט צו דרייען מיטן פֿינגער אין דער נאָז. ער האָט געענטפֿערט, ווי עמיצן אַ דריטן:

— נו, אָט... דאָס איז עס דאָך... אַבי מען זאָגט...

---

צו דער פֿרוי, וואָס שטייט איין באַ שמועל וואָלצים אין אַלקער, איז דער דאָקטער אין יענעם אָוונט ניט געקומען. אַף מאָרגן האָט זי אים צוגעשיקט נאָך אַ בריוו; זי האָט זיך אויסגעפּוצט, באַקומען געקרויזטע האָר, קימאַט לאָקן, און האָט אָנגעהויבן וואַרטן מיט אומגע־

הילד. דער דאָקטער איז סאָפּקאָלסאָף, ווי פֿאַרבייגייענדיק, אַריינגעלאָפֿן.

געווען איז דאָס אַרום צען אַזייגער אין אָוונט.

פֿון זיין שוואַרצן אַלטן מאַנטל — אַ שווערער אָפּגעריבענער מאַנטל, וועלכן ער טוט קיינמאָל אין קיין פֿרעמדן הויז ניט אויס — האָט אַ שמעק געגעבן מיט אַפּטייק און מיט גערוך פֿון אָפּגעסמאַלעטער הוין. די שטוב איז פֿאַרפֿלייצט געוואָרן מיט זיין צוטראָגנקייט און באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער פֿרויס בריוו האָט ער אָדער ניט געלייענט, אָדער שלעכט פֿאַרשטאַנען — ער האָט אַ פֿרעג געגעבן אַף גיך:

— ווער איז קראַנק?

ער איז אַריינגעקומען, ווי אַף „אַריין און אַרויס“, נאָר די פֿרוי האָט זיך פֿאַרשפּאַרט מיט אים אין אַלקער, ווו עס שלאָפֿט איר קינד. זי האָט צוגענומען דעם לאָמפּ פֿון עסצימער און האָט דאָרט אָנגעהויבן דעם דאָקטער דערציילן, אַז זי איז אַ טאָכטער צי אַ שוועסטער פֿון ווינעם אַמאָליקן פֿריינט — אויך אַ דאָקטער, אויך אַ געוועזענער „טאָלסטאָוועץ“. דער דאָקטער האָט דערויף געענטפֿערט זוירלעך, גלייך די פֿרוי דערציילט, און וואָס באַשטייט איר קרענק.

— אַאַ?.. אַאַ!..

שמועל וואָלצים מיט זיין ווייב זיינען דאַן געבליבן זיצן אין פֿינצטערן עסצימער אָפּן סאָפּקעלע לעבן דעם אויסגעקילטן אויוון. די פֿרוי און אַלקער האָט גערעט, גערעט. נאָר שמועל וואָלצים מיט זיין ווייב זיינען געווען מיד פֿון טאָג און זייערע אויגן האָבן זיך געקלעפּט. און אָנהויב דרעמל האָט זיך געדאַכט, אַז די פֿרוי בלאָזט דאָרט אָן דעם דאָקטער, און דער דאָקטער וואַקסט און וואַקסט, ווי אַ בלאָזזאַק. אַלע ווילע האָט דאָס פֿאַר־פֿאָלק אָפּן סאָפּקעלע און דער פֿינצטער אויפֿגעוואַכט און מיט קלעפּיקע אויגן דערזען דעם שמאָלן שפּאַלט אינם צילעכצטן טיר פֿונם אַלקער — דער שפּאַלט ברענט ווי אַ שמאָל נאָלדן פּאַסיקל און קוקט מיט געטריישאַפֿט, ווי אַ דריטער מיטגליד פֿון דער מישפּאָכע. עס טרעפֿט דער נאָלדענער שפּאַלט ווינקט:

— אַגו, אָט איצט... הערט זיך נאָר איין...

נאָר פֿון איינהערן זיך קומט באַ שמועל וואָלצים מיט זיין ווייב נאָרנישט ניט אַרויס. און שלעפֿעריקן מויעך מישן זיך אָן אויפֿהער דער פֿרוים פֿרעמדע ווערטער און פֿאַרלירן פֿון רענע צו רענע יעדן זין. אַ וואָרט פֿרווט זיך אַוועקצושטעלן אַף די פֿיס, נאָר באַלד קומט נאָך אַ וואָרט און ביידע פֿאַלן אום. דער דאָקטער שווייגט, די פֿרוי רעט, עס קומט אויס, ווי זי מוסערט אים:

— איר, זאָגט זי, זייט אַ גלויביקער? איר, וואָס מישט זיך ניט? וואָס פֿאַר אַ גלויביקער זייט איר, אַז אַלץ נעמט זיך באַ אייך פֿון לויטער ניט גלויבן — איר גלויבט ניט, אַז דאָס לעבן איז אַלץ, איר גלויבט ניט, אַז דער טויט איז אייער סאָף. איך אָבער בין זיכער: טויט איז טויט. מיין איצטיק לעבן איז אַלץ. מער וועל איך קיינמאָל נאָרנישט ניט האָבן. און רעוואָלוציע איז מיין טויט. דערפֿאַר אַנטלויף איך פֿון איר. דערפֿאַר בין איך אַהער צו דער גרענעץ געקומען. איך האָב איינגעשטעלט מיין לעבן, מיין קינד. צוריק אַהיים פֿאָר איך ניט.

דער דאָקטער טוט אַ הוסט. מיט דעם וויל ער, אַפּאַניס, זאָגן, אַז אים האָט דערעסן, אַז ער קאָן איר מיט נאָרנישט ניט העלפֿן, נאָר די פֿרוי לאָזט אים ניט אויסריידן. זי בעט אים נאָר איין זאַך: ער זאָל איר העלפֿן באַקאָנען זיך מיט פֿיליפּאָוון — מיט דעם נייעם קאָמענאַנטן נאַטשאַלניק, און דאָס וואָרט „פֿיליפּאָוו“ הייבט זיך אָן פֿיל מאָל איבערצוכאַזוערן באַ איר אין מויל.

— זאָל ער זיין, — זאָגט זי, — אַ רוצח, אַ מערדער... אַף יעדן מענטשן קאָן מען ווירקן, אַף דעם געוועזענעם צאַר האָט אַמאָל געווירקט אַ פּאָשעט מיידל — אַ קאַלע פֿון אַ פֿאַרמישפּעטן רעוואָלוציאָנער... דעריקער איז, ער זאָל ניט וויסן, אַז איך בין אַהער געקומען גאַנווענען די גרענעץ...

און נאָך פֿיל, פֿיל אַזעלכע רייד ווערט קלאָר, אַז די פֿרוי וויל יעדנפֿאַלס דאָ בלייבן אַ שטיקל צייט. זי וויל איבערפֿאָרן צום דאָקטער אין שטיבל, זי וועט אים זיין, זאָגט זי, אַ באַלעבאָסטע.

נאָך פֿיל, פֿיל אַזעלכע רייד, וואָס דערקריכן אַהער אין דער פֿינצטער, טוען זיך מאַן און ווייב אַקיק אין די פּענימער. די אויגן פֿון ווייב פֿרעגן באַ די אויגן פֿונם מאַן:

— דיר איז פֿאַרשטענדלעך די מאַיסע.

דעם מאַנס אויגן ענטפֿערן „ניין“. זיי פֿרעגן פֿון זייער זייט באַם ווייב:

— נו, און דיר?

די יידענע רופֿט דאַן אָפּ דעם מאַן צום ווינקל פֿון פֿינצטערן עסצימער. דאָרט הייבט זיך אָן צו מאָלן, ווי אַ מיל:

— אַ מאָדנע איינגעשפּאַרטע פֿרוי. אַ פֿרוי — אַ קאָזאַק מיט אַ געפּידערט נעזל, מיט געפֿאַרבטע ליפּעלעך, אַזאַ פֿרוי וועט דיר שוין אין ערגעץ ניט פֿאַרפֿאַלן ווערן... זי לאָזט זיך ניט שפּייען אין דער קאַשע...

נאָר פֿון דעם, וואָס זיין ווייב שיט, ווערט פֿאַר שמועל וואָלצים נאָרנישט ניט פֿאַרשטענדלעך. קלאָר איז נאָר, אַז דער דאָקטער וויל זיך פֿון דער פֿרוי אַרויסדרייען, צו זיך אַהיים וויל ער זי ניט נעמען. איז וואָס טויג זי דאָ אין שטוב אים, שמועל וואָלצים? די פֿרוי האָט באַ זיך צוויי שווערע פּעק. זי היט זיי שטאַרק און לאָזט קיינעם צו זיי ניט צו. ווער ווייס, וואָס זי פֿירט דאָרט אין זיי?...

סאָפּקאָלסאָף נעמט שמועל וואָלצים דעם לאָמפּ און באַגלייט אַרויס דעם דאָקטער פֿון פֿינצטערן אונטער־הויז. ער טוט עס קלוימערשט פֿון גרויס דערעכערניש, נאָר אין עק אונטער־הויז שטעלט ער דעם דאָקטער אָפּ און פֿרעגט באַ אים, ווער איז די פֿרוי... דעריקער איז: מען האַלט זי אויף באַ זיך אין שטוב, צו קאָן מען זיך דורך איר ניט אָנרייסן עפּעס אַף אַן אומגליק? נאָר דער דאָקטער טוט בלויז אַ קנייטש מיט די אַקסלען:

היינטיקע צייטן — זאָגט ער — אַז דו קאָנסט אַ מענטשן פֿון נעכטן, הייסט עס נאָך ניט, אַז דו קאָנסט אים היינט... דער דאָקטער איז אַ קלוגעטשקער. ער שווייגט אַ רענע און גיט צו: — און ווער שמועסט... ווער שמועסט, אַז איך קאָן זי ניט פֿון נעכטן אויך...

דערביי באַקומט דער דאָקטער אַזאַ אויסזען, גלייך דער שפּיץ פֿון זיין נאָז וויל זאָגן אַ וויץ, נאָר ער האַלט זיך איין, ווייל ער איז אַ מענטש אַ זייטיקער און ווייל דער וויץ איז אויסן ניט בלויז דאָס „פֿריילעכע שטיקל סכוירע“, וואָס שטייט איצט איין באַ שמועל וואָלצים אין אַלקער. נאָר אַלץ, וואָס אַרום אים טוט זיך די לעצטע פּאָר יאָר.

— ווי רופֿט מען דיך? — פֿרעגט ער פּלוצים בײַ זײַן אַרויסבאַגלייטער.

— שמואל.

— אַך יאָ, שמואל, שמואל... אַ ציטעלע, אַ?

און דער דאָקטער האָט פֿאַרמאַכט אונטער זיך די טיר. מיט אַ נאָז, וואָס שמײַכלט אַף צו זאָגן אַ וויץ, איז ער אַרויס אין דרויסן.

— אַ ציטעלע.

באַרג־אַרויף האָט אים אָנגעיאָגט דער ווינט. זײַנע נאַגנדיקע כוואַליעס האָבן זיך שטורמיש געדרייט צווישן פֿאַרכווישעכטע אײַנגעדרעמלטע הײַזער, און בײדע זײַנען איצט בײַ האַלבער נאַכט געווען אויסגעשלאָפֿן און ניכטער — דער דאָקטער און דער ווינט. דער ווינט האָט אונטערגעשטופּט דעם דאָקטערס שווערן אָפּגעריבענעם מאַנטל, און בײַם דאָקטער האָט געשמײַכלט דער שפּיץ פֿון נאָז, ווי גלײַך ער טוט אָפּ דער וועלט אַ שפּיצל. -- אויסערלעך איז ער דאָ בײַ אַלע אין די אויגן „אַ מענטש אַ וויטיקער", קלוימערשט ער מישט זיך ניט, און אַליין האָט ער דאָך אַן אויג און באַמערקט די זאַכעלעך, וואָס קומען איצט פֿאָר טאָג־טעגלעך אומעטום, אַפֿילע דאָ... אַרום קאַמינאַ־באַלקע...

— מאָדנע זאַכעלעך... און אָט די פֿרוי... אַ שטיקל סבֿורע...

און דער זין פֿונעם דאָקטערס וויץ איז איצט באַשטאַנען אין דעם, וואָס די פֿרוי איז ווי אַ ניסאָיען — אַ ניסאָיען, וואָס דער סאַטן האָט דאָ אונטערגעשיקט דעם נײַעם קאַמינאַ־באַלקער נאַטשאַלניק... „מיר, — זאָגט זי, —איז גענוג איך זאָל זיך בלויז מיט פֿיליפּאָוון באַקענען"... פֿכע!... עס ווערט שוין צו אָט די לײַט אונטערגעשיקט פּרוּוון ווי צו הייליקע. און ווער איז ער אָט דער פֿיליפּאָוו?.. דאָס ווייסט מען נאָך אַליין ניט, כאָטש אין קאַמינאַ־באַלקע איז ער שוין מער ווי צוויי וואָכן. ער איז קראַנק, זאָגט מען, און היילט זיך ניט. נו, נוט... בײַ אים דעם דאָקטער האָט מען געפּועלט: פֿיליפּאָוו איז אַ צאַדיק... אַ צאַצקע. אַרום פֿיליפּאָוון איז פֿינצטער, אָט וואָס... פֿינצטער, ווי דאָ אַרום די עקסטע שלאָפֿנדיקע הײַזער אין מיטן נאַכט.. אָט האָסטו דיר פֿיליפּאָוו...

אין דער טיפֿער פֿינצטער האָבן געקלאַפּט נאַקעטע צווײַגן. אַף עקסטע צעשויבערטע בײמער האָט גענאָגט אַ הייזעריקער ווייגעשריי, און געדאַכט האָט זיך: דאָס בלעטערן זיך די געשעענישן, וועלכע ליגן אויסבאַהאַלטן אין די פֿאַלדן פֿון דער געגנט — זיי בלעטערן זיך, און עס דאַכט זיך: עס טוט עמיצן וויי... אויב זיי וועלן קומען — די דאָזיקע געשעענישן, וועלן זיי אַרומכאַפּן, ווי אַ סרייפֿע די גאַנצע געגנט, און נאָר זײַן שטוב — דעם דאָקטערס שטוב מיטן אומגעוואַלגערטן פּלויט און מיטן געבליבענעם טויער —וועלן זיי דורכלאָזן, ווײַל ער איז „אַ מענטש אַ וויטיקער", זאָגט ער אויך ניט קיינעם. ער שווײַגט. אָט־וואָס: מענטשן האָבן קיין סייכל ניט, ווי אַזוי אין אַזאַ צײַט צו לעבן.

דער דאָקטער האָט זיך שטײַפֿער אײַנגעוויקלט אין די פּאָלעס פֿון זײַן אַלטן אָפּגעריבענעם מאַנטל. ער האָט זיך אײַנגעהויקערט און אַף אים האָט ווי אַראָפּגענידערט עפּעס אַ היימלעכקייט — אַ היימלעכקייט פֿון אַ מענטשן, וואָס האָט סייכל אין אַזאַ צײַט, ווי אַזוי צו לעבן.

דער ווינט, וואָס האָט אים אונטערגעשטופּט באַרג־אַרויף, האָט בײַ אים שוין ווידער אַרויסגערופֿן אַ געפֿיל פֿון פֿרײַנטשאַפֿט — אַ מאָדנע פֿרײַנטשאַפֿט צווישן אַן אַלטן אויסגעשלאָפֿענעם דאָקטער און אַ יונגן כוואַט — אַ ווינט, וואָס צעשויבערט זײַנע גראָע האָר. אַרומקוקנדיק זײַן שטוב, וואָס וועט דאָ בלײַבן ניט גערירט אַפֿילע אינם שטורעם פֿון די גרעסטע אויסברעכנדיקע געשעענישן, האָט ער געטראַכט וועגן דעם נײַעם קאַמינאַ־באַלקער נאַטשאַלניק, פֿאַר וועמען אַלע האָבן דאָ מורא:

— דאָס איז עס דאָך... געכטן זײַנען אַזעלכע מענטשן, ווי אָט דער פֿיליפּאָוו, ניט געווען, הייסט עס: אַ ראָלע שפּילט ער, אָט־וואָס... קאָמעדיאַנט...

און אַליין האָט ער מורא געהאַט אַראָפּצולאָזן דעם שמייכל פֿון דעם שפּיץ פֿון זײַן נאָז, בײַגלײַך צוזאַמען מיטן שמייכל קאָן ער פֿאַרלירן זײַן גלײַכגעוויכט אין לעבן.

IV

רעכטס פֿון גאַליפּאָווקע איבער צוג־ווינטן און איבער פֿעלדער האָט געשריגן פֿון שלאָף אַ רוישיק וועלדל.

ווײַטער פֿון וועלדל, באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ האָט, ווי אַ גרויסע פֿאַרגליווערטע סטאַדע, זיך געלופֿטערט יאַגאָווע — אַ גרויס דאָרף מיט כיטרע ווײַסע כאַטקעס אין די קוויטיקע הויפֿן און מיט שטייגערנע פּאַרקנס, וואָס זײַנען ווײַט פֿאַרוואָרפֿן אין בײדע זײַטן פֿון שמאָלן געפֿרוירענעם טײַך. צו יאַגאָווע האָבן געפּאַסט שטיינערנע פּאַרקנס, יעדער יאַגאָווער איז געווען פֿאַראַקשנט און האָט דערמאָנט אין זײַן פּאַרקן:

— שטיין, שטיין...

יעדער יאַגאָווער האָט זיך שוין אַמאָל געשלאָגן מיט זײַן שכנ פֿאַר אַ שטיקל פֿעטן פּלאַץ בײַם פֿליסנדיקן טײַך, זיך געדאַרנעט פֿאַרן טײַך, זיך געלאָדן פֿאַר אַ גאָרטן־גרעניץ בײַם טײַך. נאָר איצט שלאָגט מען זיך דאָרט ניט מער. איצט, ווען דער דאָקטער באַביצקי האָט זיך אַהין דערנענטערט מיטן פֿוסלעכן וועג פֿון אונטערן וועלדל אַרויס, האָבן דעם דאָרפֿס דרעמלענדיקע פֿלעקן געזוקען אינם צופֿאַלנדיקן פֿאַרנאַכט, און געפֿילט האָט זיך שטאַרקער, ווי אַלע מאָל, אַז יאַגאָווע לאָקערט אַרום פּלוס מיט אַ געדאַנק פֿון בייזולכן „יאַראַכֿעס", און אַז אין מיטן אָט דעם „יאַראַכֿעס" שטעקט דעם יאַגאָווער געליימטן נאַלעבעס טאָכטער פּאָקראָווסקאַיאַ — אַ קורצע און געשווינדע, אַ בייזע שוואַרצע צורקע מיט סימאָנים פֿון וואָנסעלעך, וואָס מאַכן איר פּיסקל שוואַרץ און קלעפּיק, און די בעקלעך אַרום פּיסקל ווען אויס טאָמיד פֿאַרשלאָפֿן, טאָמיד ברודיק. אויב איצט בײַם צופֿאַלן פֿון דער נאַכט איז נאָכן יאַגאָווע פֿאַרטראַכט און דער קלויסטער אין ווײַטן עק קלינגט ניט, איז דאָס עפּשער שוין אויך נאָר דערפֿאַר, וואָס סאָפֿיאַ פּאָקראָווסקאַיאַ האָט געהייסן עס זאָל זײַן שטיל — זי האָט געהייסן, אַז דער קלויסטער זאָל ניט קלינגען.

צוליב הערדאָזיקער סאָפֿיאַ פּאָקראָווסקאַיאַ — זײַן אייניציקן פֿרײַנט און אייניציקן נאָענטן מענטשן דאָ אין געגנט — איז איצט דער דאָקטער געגאַנגען צופֿוס קיין יאַגאָווע. און ווײַבאַלד ער איז אַהין געגאַנגען, איז ער געגאַנגען גיך און האָט זיך אַפֿילע איינמאָל ניט אַרומגעקוקט אין די זײַטן, כאָטש זײַנע אײַנגעהויקערטע פּלײצעס האָבן

נישט אויפֿגעהערט צו פֿילן, אַז אַרום יאַנאָווע בלאָנדזשעט אַרום עמיצנס אַ בליק — אַרום יאַנאָווע לאָקערט קאַמינאַ־באַלקע.

נענאַנגען איז דער דאָקטער צופֿוס צו סאָפֿיע פּאָקראָווסקי קיין יאַנאָווע נישט צום ערשטן מאָל, נאָר איצט האָט אים אַהין געטריבן אַ באַזונדערער צופֿאַל.

געווען איז אַזוי:

נאַכט פֿרי בײַ אַ פּראָסט, וואָס ליגט זיך מיט ווײַסער פֿרישקייט אויף געשלאָסענע טירן, בײַ אַ דאַמף, וואָס שלאָגט פֿון נאָזלעכער און פֿון מײַלער, און בײַ אַ לעמפּל, וואָס צאַנקט נאָך פֿון באַנאַכט ערגעץ־ווו אין אַ ווינקל, ווי בײַם צוקאָפּנס פֿון אַ קראַנקן — נאַכט פֿרי האָט דעם דאָקטער אָפּגעשטעלט אין מאַרק דער דאַנטיסט גאַלאַנאַנער — אַ מענטשל, וואָס לויט זײַן אויסזען איז ער אַלט אַ יאָר אַכט און דרײַסיק, נאָר בײַ, דאַכט זיך, אַז ער איז שוין אַ יאָר הונדערט, טאָמיד, אַז ער רעדט, ווײַזט זיך אויס, אַז ער קרינט זיך, ער וויל וויסן צי ער איז געדרעבט, צי נײַן. נאָך יעדער געשווינדן וואָרט פּינטלט ער שטאַרק מיט די אויגן און נאָך יעדער שטיקל וואַטע, וואָס ער לייגט אַרײַן בײַ זיך אין קאַבינעט אַ פּאַציענט אין באַק־צאָן אַרײַן, לויפֿט ער צום פֿענצטער אַ קוק געבן, צי דאָס פּאָליטישע לעבן אין לאַנד האָט זיך שוין געביטן צי נאָך נישט.

ער האָט זיך געדונגען אין מאַרק מיט אַ פּויער פֿאַר אַ פֿורל האָלץ, ער איז געווען שטאַרק אין כּעס, וואָס דער פּויער פֿאַרבאָט אַזאַ גרויסן מעקעך; ער האָט דעם פֿאַרנייענדיקן דאָקטער קאָלעגיש אָפּן פּויער אָנגעוויזן:

— נו, גיי צאָל פֿאַר יעדער זאַך טייערער.

— ווי?... דער דאָקטער האָט זיך אָפּגעשטעלט און האָט זיך אַ קרים געגעבן, ווי אַ מענטש, וואָס איז טויבלעך צו געווײַנלעכע וואָכעדיקע זאַכן.

גאַלאַנאַנער — מיט אַ רעציכֿעדיקן בליק, וואָס שטעכֿט דעם אויסגעמוסערטן פּויערס פּנים:

— פֿון נעכטן ביז הײַנט ווײַנען אַרויף די מעקאָבים אויף צוויי מאָל. וואָס איז? נאַרניט. אַ נײַער נאַטשאַלניק אין קאַמינאַ־באַלקע. מען האָט פֿאַר אים מוירע, איז גיי צאָל דערפֿאַר אויך... דערפֿאַר וואָס מען האָט פֿאַר אים מוירע...

דער דאָקטער, ווי אַ מענטש אַ זײַטיקער, וואָס וויל זיך נײַן ווײַטער זײַן ווענ:

— יאָ, יאָ... אַ נײַער נאַטשאַלניק.

גאַלאַנאַנער:

— אַלץ הייסט אַ נײַער — אַ געוועזענער שאַבֿטיאָר, זאָגט מען געהאַט אייגענע קוילן־גריבער. געלעבט אין אַ פּאַלאַץ מיט לײַב־מענטשן און מיט דינסטן.

— אַאַ!... אַ אַ!...

און דער דאָקטער האָט זיך געמאַכֿט גלײַך, ער האָט קיינמאָל נישט געהערט, אַז דער דאַנטיסט איז פֿון יונגע יאָרן אָן פֿאַרליבן אַן „עס־ער“, אַז ער געהערט דאָ צו יענעם בינטל „כּסדים“, וואָס דרייען זיך איצט אַרום סאָפֿיע פּאָקראָווסקי; און איז פֿאַרמישט אין דער „אַרבעט“, וואָס זי פֿירט דאָ אין געגנט. דערנאָך האָט גאַלאַנאַנער דעם דאָקטער אָביסל באַגלייט און האָט זיך אַנטשולדיקט פֿאַרן פּעקל „ליטעראַטור“, וואָס סאָפֿיע פּאָקראָווסקי האָט מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק געלאָזט בײַ אים, דעם דאָקטער, אונטערן בעט — סאָפֿיע פּאָקראָווסקי האָט איבערגעגעבן, אַז זי וועט אייניקן קומען דאָס פּעקעלע צונעמען.

דער דאָקטער האָט דערויף געענטפֿערט קאַלטלעך:

— אומממ! אומממ...

נאָר קומענדיק צו זיך אַהיים האָט ער דאָך געכאַפּט אַ נײַגעריקן קוק־צום פֿאַרשטויבטן, פֿאַרבאָטענעם פּעקל, וואָס ליגט בײַזלעך בײַ אים אונטערן בעט, ער האָט נאָך אַליין געדענקט:

— אַ געוועזענער שאַבֿטיאָר... געוואוינט אין אַ פּאַלאַץ... אַליין אײנס... צי עס איז עמעס, צי אַ ליגן... פֿון אַזעלכֿע דאַרף מען זיך היטן.

און דאָס שטויביקע פּעקעלע אונטערן בעט האָט אַוועקגערויבט די רו און האָט געצווונגען דעם דאָקטער, ער זאָל זיך איצט נישט לייגן שלאָפֿן, און זאָל ער די גאַנצע צייט געדענקען.

בײַטאָג האָט ער זיך דעריבער אַוועקגעלאָזט צופֿוס צו סאָפֿיע פּאָקראָווסקי קיין יאַנאָווע. מיט איר האָט ער זיך געפֿילט הײמלעך נאָך פֿון אַמאָל. זי האָט ער געדענקט נאָך פֿון די קינדער־יאָרן.

---

סאָפֿיע פּאָקראָווסקי אין די קינדער־יאָרן:

אַ מיידעלע פֿון אַ יאָר צוועלף מיט קרומלעכֿע אַקסלען און מיט קאַנוווּלסיע־צופֿאַלן. אַז דאָס מיידעלע גייט זיך, באַקומט דאָס מיט אַ בייכל און הינקט אונטער, ווי אַ ווײַבל און קליין טראָגן.

געווען איז דאַן נאָך סאָפֿיע פּאָקראָווסקיס געליימטער פֿאָטער אַ פּעטלעכֿער גאַלעך, ווי אַלע גאַלאָכֿים, אַ דאָרפֿישער, אַ פֿאַרברויגטער מיט אַ שווערער צונג, וואָס באַלעקט זיך, מיט הענט, ווי פֿון שמאַראָווידלע, און מיט אַ קאָל אויף „גאָספּאָדי פּאָמילוי“.

געהאַט האָט ער אַ זאַטן הויף, פֿעטע פֿערד, כֿאָרכֿלענדיקע כֿאַזיירים און לאַנגע אײַנגעבויגענע באָכֿערים מיט פֿלאַקסענע קעפּ און מיט פֿרומע פּינטלענדיקע אויגן — באָכֿערים, וואָס גייען אַראָפּ פֿונם זינען יעדערער אינם יאָר, ווען ער ענדיקט דעם גאַלאָכֿישן סעמינאַר, יעדערער אין די סאַמע הייסטע זומערדיקע כֿאַראָשים, אין אַ שטילער יאַרידלאָזער צייט — אין דער צייט פֿון דרעשן און פֿון שניט.

אין אַ טאָג אַ היציקן און אַ לאַנגן האָבן פּויערים אין ווײַסן לײַוונט פֿון פֿרי ביז נאַכט, ווי אין אַ הייליקן טאָגעס, געשניטן די ווײַסע זאַנגען אין צײַטיקן פֿעלד, און דערפֿער זײַנען דאַן געווען פֿאַרלאָזט אויף דער האַשגאָכֿע פֿון הינט און פֿון קליינע קינדער. און אין גאַליכֿאָווקע האָבן דענסטמאָל ווײַבער, אַרבעטנדיק זאַקן, גענענעצט, מעשוגענערווײַז זיך געקראַצט אונטער די קאָפּן־טיכלעך און זיך אַליין געוווּנדערט:

— זעט נאָר אַ טאָג... אַ לענג פֿון אַ טאָג!..

און אַזאַ מין טאָג און דער גרויסער היץ פֿון שטיל־פֿאַרטײַעטן נאָכֿמיטאָג, האָט דורך גאַליכֿאָווקע געקאָנט פֿאַמעלעך דורכֿסקריפּען דעם יאַנאָווער גאַלעכֿס לאַנגער געקאָוועטער וואָגן, און אין וואָגן אויף פֿרישער נאָר־וואָס אויסגעדרעשטער שטרוי זאָל ליגן אַ לאַנג־אויסגעצויגענער באָכֿער מיט געבונדענע הענט און פֿיס — דעם גאַלעכֿס אַ מעשוגע־געוואָרענער באָכֿער. און פֿירן זאָל מען אים ערגעץ ווהין צו דער באַן, און פֿון דער באַן ערגעץ ווײַטער, אין אַ גרויסער שטאָט, ווו דער גאַלעך האָט קרובֿים, און ווו עס איז פֿאַראַן אַ מעשוגאָים־הויז.

אַזוי איז געווען אין איינעם אַ זומער, אַזוי איז געווען אין אַ צווייטן זומער און אין אַ גאָרטן.

נאָר איינמאָל, ווען דעם נאַלעכס לאַנגער וואָגן האָט דורכגעסקריפּעט דורך נאַליבאָווקע, איז דאָרט אין סאַמע עק צוקאָפּנס פֿונם לאַנגן מעשוגע-געוואָרענעם ברודער געזעסן טיף אין שטרוי דעם נאַלעכס צוועלף-יאָריקע מיידעלע מיט די קרומע אַקסלען. און געווען איז דאָס — זי — סאָפֿיאַ פּאָקראָווסקי. ווי אַ צולייג צום געבונדענעם ברודער איז זי דענסטמאָל אָפּגעשיקט געוואָרן צום נאַלעכס קרוווים, אין יענער גרויסער שטאָט, וווּ עס איז פֿאַראַן אַ גאַלאָכישער סעמינאַר און אַ מעשוגאָים-הויז. אין יענער שטאָט איז זי אויפֿגעצויגן געוואָרן, אין יענער שטאָט האָט זי זיך געלערנט. און אַז זי האָט זיך קיין יאַנאָווע אומגעקערט, איז שוין געווען נאָך דער מילכאָמע, נאָך די ערשטע פּאָר יאָר פֿון דער רעוואָלוציע. און דער דאָקטער האָט אין איר געפֿונען אַ גוטן פֿריינט, אַ מענטשן, וואָס איז מאַסקים, אַז דאָס לעבן „איז אַוועק מיט מעשוגעדיקע קרומע וועגן". באַ איר ווערט ער געוואָיר וועגן אַלע „זאַכעלעך", וואָס קומען פֿאָר אין געגנט, און אַף אַזאַ אויפֿן, אַז קיינער זאָל ניט וויסן צו ער איז עפּעס געוואָיר געוואָרן. צו איר איז ער מיט אַ פּאָר טעג צוריק געקומען זיך דורכריידן וועגן דעם „ניסאָיען", וואָס דער סאָטן האָט דאָ אונטערגעשיקט דעם נייעם קאָמינאַ-באַלקער נאַטשאַלניק — פֿיליפּאָוו. צו איר האָט ער צוריק מיט אַ פּאָר טעג געזאָגט:

— אַ שטיקל סבוירע, אַ? אַזוינס קאָן אַראָפּפֿירן... „באַקאָנט מיך מיט פֿיליפּאָוון, זאָגט זי, דורך מיר וועט איר נאָכדעם האָבן טויוועס".

און נאָך:

— איז ווער פּראָוועט איצט מיט אונדזערע לעבנס?

און צוליב איר גייט ער איצט נאָך אַמאָל קיין יאַנאָווע.

אַז ער וועט קומען, וועט ער באַ איר טרעפֿן אַ וואַרעם-אויסגעהייצט שטיבל, אַ ברענענדיקן לאָמפּ אַפֿן קליינעם פֿאַרשפּרייטן טישל, וואָס דערמאָנט אָן אַ יידישן אָרעמלעכן טיש אום שאַבעס. ער וועט מיט איר זיצן ברידערלעך, אין דער וואַרעם, ער וועט מיט ברודיקע נעגל שיילן די וואַרעמע קאַרטאָפֿל, מיט וועלכע זי נעמט אים אויף, און וועט איר געבן אָנצוהערן וועגן דעם פּעקעלע, וואָס זי האָט געלאָזט באַ אים אונטערן בעט:

— אַ ציטעלע, — וועט ער פֿאַנאַנדערלאַכנדיק זיך צו איר זאָגן, — אַז פֿאַר וויסן וועגן עפּעס כאַפּט מען איצט שמיץ, גלייך ווי פֿאַר טאָן...

דערויף וועט אים סאָפֿיאַ פּאָקראָווסקי ענטפֿערן מיט אַ ביילעך פּאָנים פֿון אַן „עס-ערעווקע", וואָס האָט זיך מאַפּקיר געווען, קעדיי אַרויפֿצופֿירן דאָס לעבן אַפֿן גלייכן וועג:

— נו, דאַ... וואָט אימענאָ.

איז אָבער דעם דאָקטער ניט באַשערט געווען צו האָבן היינט אָט דעם נאַכעס. איצטיקס מאָל האָט אים, ווי עמיצער — נאָך אַן עלטערער פֿון אים — געוואָרנט:

— זיין אינדערהיים, אַלטעטשקער... היט די ביינער...

---

טכילעס אָוונט, באַ זיין אַריינקומען קיין יאַנאָווע, האָט ער ווי מיט אַ באַזונדער כויש דערפֿילט, אַז אין דאָרף איז עפּעס צו שטיל. אַפּאָנים יאַנאָווע האָט שוין אויך דערפֿילט, אַז דער נייער קאָמינאַ-באַלקער נאַטשאַלניק איז אַן אַנדערער, ווי אַלע פֿריערדיקע.

יאַנאָווע האָט באַקומען מוירע פּונקט, ווי נאַליבאָווקע.

די הייזער אין ביידע זייטן גאַס האָבן אויסגעזען פֿרעמד, באַגלייך מען זעט זיי דאָ צום ערשטן מאָל, און ווייל אַרום זיי איז געווען צו שטיל, האָט זיך דעריבער דעם אויער געכאָלעמט, אַז שוואַכע קוילעס בלייבן אַלע ווײַלע הענגען אין דער לופֿט. אַ ווייטער הינטישער האַווקען איז געקומען פֿון עקסטן דאָרף-ווינקל, ווי פֿון קענען איבער ווייטע וועלטן. געדאַכט האָט זיך, אַז אין יענעם דאָרף-ווינקל צווישן דעם הינטישן האַווקען קימט עפּעס פֿאָר, און נאָכדעם איז ווידער געוואָרן שטיל. אין טונקעלן קאָרידאָר, דורך וועלכן מען גייט אַריין צו סאָפֿיאַ פּאָקראָווסקי אין שטיבל, איז קיינער ניט געווען; קיינער האָט דאָרט דעם דאָקטער ניט געענטפֿערט, ווען ער האָט אין טיר אָנגעקלאַפּט, און דערפֿילט האָט זיך באַלד, אַז סאָפֿיאַ פּאָקראָווסקי איז נישטאָ אינדערהיים, כאָטש זאָגן, אַז זי איז נאָר אינגאַנצן נישטאָ אינדערהיים, האָט מען אויך ניט געקענט — די פֿאַרהאַנגענע פֿענצטער זיינען געווען באַלויכטן, נאָר די באַלויכטונג איז געווען אַזאַ, וואָס איז אַי רויק, אַי ניט רויק. אינעווייניק אין שטיבל, וווּהין דער דאָקטער איז אַריינגעקומען, איז, ווי טאָמיד, געווען וואַרעם אויסגעהייצט, און געברענט האָט דער לאָמפּ אַפֿן קליינעם פֿאַרשפּרייטן טיש, וואָס דערמאָנט אָן אַ יידישן טיש אום שאַבעס. נאָר סאָפֿיאַ פּאָקראָווסקי איז ווירקלעך ניט געווען, און די אָרומיקע ווענט האָבן אויסגעזען, ווי אין אַ צימער פֿון אַ גאַסטהויז, וווּ היינט איז איינער אַ באַלעבאָס, מאָרגן אַ צווייטער, און יעדערער לאָזט איבער אין דער לופֿט זיין באַזונדער רייעך. דאָס ערשטע, וואָס דער דאָקטער האָט דאָרט דערהערט, איז געווען אַ געשמאַקער טכילעס-אָוונטיקער שנאָרכן, און אַז ער האָט זיך איינגעקוקט, האָט ער אַף די צוויי לאַנגע בענק, וואָס שטייען לעבן אויוון און לעבן טיש, דערזען שלאָפֿן ביידע ברידער פּאָקראַס — צוויי לאַנגע באָכערים, וואָס האָבן פֿון געזונטקייט פֿיל בלאָטערן אַף די געהעפּטע גראָבע פּעניִמער. זייערע פֿאַרשפּרייטן אַרום זיך טאָמיד אַ רייעך פֿון נייע שטיוול און טראָגן ווי פֿון אייביק אָן גרויע קאַוואַלעריסטישע שינעלן, כאָטש קיינער געדענקט ניט, אַז זיי זאָלן ווען עס איז געווען זיין סאָלדאַטן. זיי געהערן ביידע צו סאָפֿיאַ פּאָקראָווסקיס „כסידים" — „עס-ערן". און ווייל סאָפֿיאַ פּאָקראָווסקי איז ניט געווען, האָט זיך געדאַכט, אַז זיי זיינען געבליבן היטן איר שטוב און אַז אַף עפּעס וואַרטן זיי דאָ — עפּעס אומרויִקס מוז דאָ נאָך היינט פֿאָרקומען. און ווייל זיי האָבן ביידע איצט אין טכילעס אָוונט אַזוי שטאַרק געשנאָרכעט, האָט זיך געגלייבט, אַז דעם גאַנצן טאָג מיט דער גאַנצער פֿריערדיקער נאַכט האָבן זיי אַרומגעשנאָרעט מיט סאָפֿיאַ פּאָקראָווסקיס שליכעסן איבער געגנט. דער דאָקטער האָט געוווּסט, אַז אין די אַרומיקע ווייטלעכע דערפֿער נעמט מען זיי אויף פֿאַר קריסטן, און דעריבער האָט ער זיך איינגעקוקט אין זייערע שלאָפֿנדיקע פּעניִמער מיט אונטערגעקלויבענע קנייטשן אַפֿן שטערן, מיט אונטערגעהויבענע ברעמען און מיט שמייכלדיקע ליפּן. ער האָט אין נאַליבאָווקע נאָך געקאָנט דעם געשטאָרבענעם פֿאָטער זייערן, יעכיעל פּאָקראַס — אַ געזונטן יידן מיט פֿיל בלויע אָדערלעך אין פּאָנים, מיט אַ בלויִלעכער נאָז פֿון אַ „סטאַראָסטע" — אַ נאָז אַ פֿליישיקע און אַ בעקאָוועדיקע, וואָס פֿלעגט מיט יעדן שנייצן דערמאָנען אָן באַלעבאַטישער ברייטקייט און אָן זיין אייגענער שניט-קראָם, ווו

מען רייסט אָפּ לייוונט פֿאַר קוילים און מען ווינטשט דערביי צו פֿון פֿילן האַרצן:

— „זאָל זיין מיט מאַזל“.

געדאָרעוועט האָבן זיך באַ אָט דעם פּאָקראַס אַ פֿולע שטוב מיט קינדער, זיך געלערנט און זיך געריבן אָף צו שנייצן די נעז פּונקט אַזוי הילכיק, ווי זייער פֿאָטער. נאָר נאָכדעם, אַז יעכיעל איז געשטאָרבן, זיינען די קינדער זיך פֿאַנאַנדערגעקראָכן איבער דער וועלט, און אומגעקערט צוריק אַהער האָבן זיך בלויז אָט די צוויי באָכערים, וואָס שנאָרן איבער די דערפֿער און שנאָרכן איצט אין זייערע קאַוואַלעריסטישע שינעלן דאָ, באַ סאָפֿיאַ פּאָקראָווסקי אָף די בענק; זיי זאָגן גאָרניט, נאָר מיט יעדן שנאָרך דערמאָנען זיי דאָך, אַז זיי האָבן זיך ביידע מאַפּקיר געווען צוליב דער „אַרבעט“, וואָס סאָפֿיאַ פּאָקראָווסקי פֿירט אין דער געגנט, און אַז זיי ווילן צוזאַמען מיט איר ראַטעווען אַלע אָרעמיקע פּויערים, ראַטעווען דאָס גאַנצע לעבן אין לאַנד...

דער דאָקטער האָט אָפּגערוט פֿון נאָך זיין לאַנגן אומוויסטיקן וועג. זיצנדיק אינמיטן צימער אָף אַ בענקל און פֿאַרשטעלנדיק זיך יעכיעל פּאָקראַס אַ לעבעדיקן, האָט ער מיט שמייכלדיקע ליפּן נאָך אַלץ באַטראַכט די דאָזיקע צוויי באָכערים:

— אַ סאַכאַקל... וואָס?... די ראָד דרייט זיך...

דער דאָקטער האָט זיך געפֿילט מאַט. אַן אַנגענעמע מידקייט האָט זיך פֿאַנאַנדערגענאָסן אין אַלע גלידער — אַ מידקייט, ווי נאָך אַ שוויצבאָד. מידערהייט האָט ער געקאָנט אַזוי איינדרעמלען מיט שמייכלדיקע ליפּן און מיט אינטערגעהויבענע ברעמען, וואָס דריקן אויס וואונדער. די אָרעמיקע ליבע וואַרעמקייט האָט אים געהאַרצט. אונטער דער ברוסט איז פֿון רעגע צו רעגע געוואָרן אַלץ לייכטער און לייכטער; זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעהויבן בוימלדיק צו פֿאַרגלאָצן. דער דאָקטער האָט געוווסט, אַז ער טאָר עס ניט דערלאָזן. נאָר פּלוצים האָט אַקעגן איינער פֿון די שנאָרכנדיקע באָכערים זייער אומגעריכט מיט פֿאַרמאַכטע אויגן זיך געגעבן אַ זעץ אויף אָף דער באַנק, זייער פּלוצים געגעבן אַ דריי מיט זיין קאָפּ אָף רעכטס און אָף לינקס, באַגלייך ער הערט באַשטימט, אַז מען רופֿט אים, נאָר ער ווייסט ניט פֿון אַ וועלכער זייט. און דער דאָקטער האָט פּלוצים דערפֿילט, אַז פֿאַר אים, אַ מענטשן אַ זייטיקן, איז גלייכער זיך ניט אַריינצולאָזן מיט אָט דעם באָכער אין קיין שמועס — גלייכער איז ניט אויפֿהערן צו פֿאַרגלאָצן בוימלדיק די אויגן, און זאָל דער באָכער מיינען, אַז ער דרעמלט. ער האָט ניט אויסגעגלייכט די איינגעהויקערטע אַקסלען; ער האָט זיך קיין ריר ניט געגעבן, נאָר, געפֿינענדיק זיך אין אַ צושטאַנד פֿון האַלבן דרעמל, האָט ער דאָך געפֿילט, קימאַט געזען, אַלץ, וואָס אַרום אים קומט פֿאָר. אָט קוקט דער באָכער אָף אים מיט טומפּע פֿאַרשלאָפֿענע אויגן — ער ווייסט ניט, פֿונוואַנען ער, דער דאָקטער, האָט זיך אַהער גענומען. אָט נייט דער באָכער צו דער טיר, ער הוסט זיך דאָרט אויס מיט קראַפֿט, ווי ער וואָלט וועלן אַרויסבראַקען פֿון זיך אַלע בייזע כאָלוימעס, און עפּשער הוסט ער דאָס אומישנע, קעדיי דער דאָקטער זאָל זיך אויפֿכאַפּן; נאָר פֿאַרן דאָקטער לוינט איצט בעסער צו דרעמלען אָף האַלב, אָף דריי פֿערטל. אָט עפֿנט דער באָכער די טיר אין פֿינצטערן קאָרידאָר אַריין און פֿון קאָרידאָר די טיר אין דרויסן אַרויס — אַ קאַלטער שטראָם יאָגט אין שטוב אַריין, עס פֿילט זיך, ווי אין דרויסן איז דער אָוונט טרוקן און האַלב־פֿראָסטיק — אַ דאָרפֿישער לעוואָנעדיקער אָוונט, עס איז שטיל, און ווידער הערט זיך אַ ווייטער הינטישער האַווקען קומט פֿון עקסטן דאָרף־ווינקל, ווי פֿון קענן־איבער ווייטע וועלטן. איצט איז קלאָר: אין יענעם דאָרף־ווינקל צווישן דעם הינטישן האַווקען קומט ווידקלעך עפּעס פֿאָר. עפּעס אומרויִקס דערנענט זיך אַהער צו דער שטוב. דאָס אומרויִקע איז דאָרט איבערגעמישט מיט באַרויִקטע קוילעס — קוילעס, ווי נאָך אַן אָפּגעלאָשענער סריפֿע, און אויך די קוילעס קומען אַהער צו אַלץ נעענטער און נעענטער. אָט כאַפּט זיך אויף אויך דער צווייטער באָכער פּאָקראַס און לאָזט זיך אָט די קוילעס אַקעגן. נאָר פֿאַרן דאָקטער, ווי פֿאַר אַ מענטשן אַ זייטיקן, איז גלייכער ער זאָל זיך ניט מישן אין קיין שום אומרויִקע געשעענישן און זאָל ניט הערן די דאָזיקע קוילעס. דער דאָקטער רייסט איבער, ווי אומישנע, די לעצטע פֿעדימער, וואָס בינדן אים מיט דער אָרומיקער אומרויִקייט; ער הויקערט זיך נאָך מער איין, ער פֿאַרליִרט דעם קאָפּ אָף דער ברוסט און דרעמלט איין מיט זיין לעצטן וואַך־געבליבענעם פֿערטל. איצט כאָלעמען זיך אים קוילעס אָן מענטשן:

— סאַמע אינטערן דאָרף...

— ווי געפֿעלט עס דיר??

— מערזאַווצע!...

— כולינאַגע!...

---

אָנגעבויגן צום לאָמפּ, וואָס אָפֿן קליינעם פֿאַרשפּרייטן טיש, איז געשטאַנען יוזי ספּיוואַק אַ שוויינגדיקער, אַ שוואַרצער, אַ קורצער, מיט צוויי אויגן — שוואַרצע טינטערלעך, מיט צוויי קליינע וואָנסעלעך נאָך שוואַרצערע, ווי די אויגן, און געדאַכט האָט זיך: ער באַטראַכט זיינעם אַ פֿאַרשטאָכענעם נאָגל.

פֿון נאָך זיין טיפֿוס־קרענק טראָגט ער אַ שוואַרץ בייקן העמדל. אינם העמדל זעט ער אויס, ווי אַ יונגער אַרבעטער באַ אַ שניידער — צום שניידער האָט ער זיך פֿאַרדונגען אָף אַרבעט, ריידן אָבער איז ער ניט מעכויעוו, שמייכלען — אַוואַדע ניט.

יוזי ספּיוואַק:

ער איז יענער „עס־ער“, וועלכער פֿילט אויס די סאַמע שווערסטע שליכעסן פֿון סאָפֿיאַ פּאָקראָווסקי מיט איר „כסידים“. אַלע וואָך נאַנוועט ער די גרענעץ; דורך אים ווערט אינטערגעהאַלטן די פֿאַרבינדונג מיט די „עס־ערן“, וואָס פֿון „יענער זייט“, „אַהין“ פֿירט ער יעדיעס, פֿון „דאָרט“ ברענגט ער אינסטרוקציעס און „ליטעראַטור“. אַליין איז ער אַ שטיק פֿאַרגליווערטער אַקשאָנעס, ער איז קליין און וווקס, ער איז ווי צוויי טראָפּן געראָטן אין זיין קלענערן ברודער מוילן — דעם יינגערן פּראָוויזאָר אין גאַליכאָווקער נאַציאָנאַליזירטער אַפּטייק.

אַכוץ יוזי ספּיוואַק האָבן זיך אַרום לאָמפּ שוין געדרייט סאָפֿיאַ פּאָקראָווסקי און די צוויי ברידער פּאָקראַס. דעם אויסגעדרעמלטן דאָקטער האָט זיך געדאַכט: זיי זיינען אַלע נאָר־וואָס אַריינגעלאָפֿן פֿון דרויסן, און עפּשער האָט זיך אים בלויז אַזוי אויסגעוויזן, ווייל ער האָט נאָר־וואָס געעפֿנט די אויגן. זיינע אויערן זיינען געווען פֿול מיט זייערע קוילעס — פֿריילעכע קוילעס, ווי נאָך אַ זיג:

—מערזאַווצע! כולינאַגע!

—וויפֿל זיינען זיי דאָס געווען?

— דריי.. אָף פֿערד.

— קיין פֿעדטער איז ניט געווען. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן — אַ פֿלעק: דער דעמב, וואָס אונטערן וועלדל.

—און פֿון אונטערן וועלדל איז באַלד אַרויס די לעוואָנע.

— פֿון אונטערן פּלויט האָט מען אַלץ געזען.

— און הינט האָבן געבילט, און הינט האָבן געבילט...

פֿון אונטן אַרויף, איבער דעם דאָקטערס רוקן איז דורכגעגאַנגען אַ קעלט, און אַלץ איז מיטאַמאָל געוואָרן וואַכעדיק, פֿאַרשטענדלעך. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דריי קאָמינאַ־באַלקער „געסט“ — וועגן מאַטראָס, וועגן דעם אַגענט און וועגן סליעדאָוואַטעל, וואָס האָבן צוגעריטן מיטן פֿעלד נאָר נאָענט צו יאַנאָווא — קיינמאָל האָבן זיי אַזוי נאָענט צו רייטן נאָך ניט געוואַגט — דאָס האָט שוין אַפּאָנים געשיקט „ער“, דער נייער נאַטשאַלניק, אונטער אַפּלויט, פֿון אַ לעצטן פּויערשן גאָרטן, ווו מען האָט געגרייט פֿאַר יוזי ספּיוואַק אַ פֿור צו דער גרעניץ, האָבן סאָפֿיאַ מיט יוזין אונטערגעקוקט, ווי יענע דרייען זיך אַרום אונטער דער לעוואָנע אין פֿעלד אַף די פֿערד, און הינט האָבן געבילט.. און הינט האָבן געבילט...

דער דאָקטער איז געווען פֿיל מיט כאַראָטע, וואָס ער האָט זיך איצט אַהער אַריינגערוקט — ער „אַ מענטש אַ זייטיקער“ — וואָס פֿאַר אַ שוואַרץ יאָר איז ער היינט אַהער געקראָכן?

אָט טוט סאָפֿיאַ פּאָקראָווסקי אַף אים אַ קוק, בייס ער שטייט אויף און פֿאַרוויקלט זיך אין זיין מאַנטל אַף אַוועקלאָזן זיך צוריק אין וועג אַריין — זי קוקט אַף אים מיט מיטגעפֿיל, ווי אַף אַן אַלטן טאַטן, וואָס איז געקומען ניט צו דער צייט; זי הייסט אים וואַרטן און אַליין איז זי אַליין באַשעפֿטיקט מיט גרייטן יוזי ספּיוואַק אין וועג אַריין — זי קלעפּט מיט דער צונג דעם קאָנווערט פֿון אַ גרויסן פּאַקעט און טריקנט דעם פּאַקעט באַם לאָמפּ. אָט פֿאַרפֿאָרט אין הויף אַריין אַ פֿור. אין דעם, ווי אַזוי אירע רעדער קלאַפּן אַף די צוגעפֿרוירענע הרודעס, פֿילט זיך, אַז די פֿור האָט זיך פֿאַרוואָס צו שרעקן, נאָר זי ווילזיך ניט שרעקן. און אויך דער דאָקטער פֿילט, אַז ער האָט זיך פֿאַרוואָס צו שרעקן, נאָר ער וויל זיך ניט שרעקן. ער קוקט, ווי אַזוי ספּיוואַק טוט זיך אָן און גרייט זיך אין וועג אַריין, מאָדנע צוציקיקן, ווי פּאַמעלעך ער שלעפּט אַף זיך די גראָבע פּויערשע בורקע, ווי פֿויל ער שטופּט די הענט אין אירע אַרבעל. עס דאַכט זיך: עס האָט אים דערעסן — ער פֿאָרט אָן כיישעק. און אָט שטייען שוין אַלע אין הויף. אַפֿן וואָגן זיצט יוזי, אַרום וואָגן דרייט זיך סאָפֿיאַ פּאָקראָווסקי, זי באַקומט אַ ביכל און הענקט אונטער, ווי אַ ווייבל אין קליין־טראָגן. אַרום סאָפֿיאַ פּאָקראָווסקי דרייען זיך ביידע ברידער פּאָקראָס אין דער פּויער, וואָס דאַרף אָנטרייבן; און פּלוצים טוט עמיצער אַ פֿרעג:

— וואַרט, און וווּ איז דער דאָקטער?

— זאָל ער אַרויף אַפֿן וואָגן. יוזי וועט אים צופֿירן... ער וועט אים אַראָפּלאָזן אונטער גאָליכאָווקע.

דער דאָקטער האָט זיך פֿאַר אָט די ווערטער דערשראָקן. ער האָט זיך ניט גערירט פֿון אָרט; ער האָט זיך פֿאַרטראַכט...

און קודם זיך צום לעצטן מאָל איבערציינגן, אַז ער איז ווירקלעך „אַ מענטש אַ זייטיקער“, איז דער דאָקטער געקראָכן אַפֿן וואָגן. דער גרעסטער באַווייז, אַז ער קאָן ניט יוזין און ווייסט ניט פֿון זיינע פּלענער איז דאָס, וואָס ער פֿאָרט מיט אים אַף איין וואָגן... אַדרעבע מיט דעם באַווייזט ער אַמבעסטן, אַז ער איז דאָקטער באַביצקי —

ער קאָן קיינעם ניט, נאָר אים אָבער קאָנען אַלע, אַז מען באַגעגנט אים גיין צו פֿוס, לייגט מען אים טאָמיד פֿאַר אַביסל אונטערצופֿירן. נאָר דאָס אַלץ איז לאָגיש, שוין צו טיף לאָגיש... אַ??

זיצנדיק אויבנאָן און אין טרייסלענדיקן וואָגן, האָט דער דאָקטער געהאַט אַזאַ געפֿיל, גלייך ער איז דער הויפּט־פֿאַרשוין, און דער קליינוווּקסיקער יוזי ספּיוואַק, וואָס קאָן עפּשער דערהאַרגעט ווערן היינט באַנאַכט בײַ דער גרעניץ, איז מער ניט ווי אַ בייזאַך. באַם דאָקטער האָט שוין ווידער געשמייכלט דער שפּיץ פֿון זיין נאָז, ווי אַף צו זאָגן אַ וויץ, און דער זין פֿון אָט דעם וויץ איז באַשטאַנען איצט דערין, וואָס אין קאָמינאַ־באַלקע ווייסט מען ניט פֿון קיין לאָגיק.

— דאָס איז עס דאָך... די איינגעשאַפֿט פֿון קאַמינאַ־באַלקאַ...

און אָט, ווען די דריי קאָמינאַ־באַלקער באַווייזן זיך איצט בײַ דער לעוואָנע פֿון אונטערן וועלדל... צום ערשטן וואָלטן זיי געשאָסן, אַ?... און נאָכדעם ניי דערוויז, ווי, עס איז ניט געווען לאָגיש... אַ שלעכטע מאַיסע, וואָס?... אַז ווי נאָר דו שטעקסט אַרויס די נאָז אין דרויסן, אַזוי באַלד ווערסטו אַריינגעמישט אין אַ וועלכער ס'ניט איז געשיכטע... בעסער איז, אַז מען זיצט אין שטוב...

און ער איז מיטאַמאָל פֿיל געוואָרן מיט אַ נאָגנדיק געפֿיל צו זיין שטוב, וואָס אין עק שטאָט אונטערן קלויסטער — אַ געפֿיל, ווי צו אַ געליבטער, פֿון וועלכער ער האָט זיך אומזיסט געשיידט און וועלכע ער האָט ביז היינט ווי געהעריק ניט געשעצט. אַז ער האָט שפּעט אין אָוונט זיך דערנענט צו איר פֿון אונטער דער שטאָט, ווו יוזי ספּיוואַק האָט אים אַראָפּגעלאָזט פֿון דער פֿור, איז ער אַביסל געשטאַנען און האָט זי באַטראַכט: אַ שטוב... אין פֿלוג אַן אָפּגעפֿליקטע, מיט קויטיקלעכע ווענט, און דאָך אַן אַנדער, ווי אַלע הייזער: אויב עס וועלן קומען געשעענישן, וועלן זיי אַרומכאַפּן ווי אַ סרייפֿע די גאַנצע געגנט און נאָר אָט די שטוב מיטן אומגעוואַלגערטן פּלויט און מיטן געבליבענעם טויער....

און דער דאָקטער איז שטיל אַריין צו זיך אין שטוב. ער האָט פֿון דעמסטמאָל אָן קימאַט אינגאַנצן אויפֿגעהערט אַרויסצוגיין אין דרויסן.

---

אין עטלעכע טעג אַרום איז צום דאָקטער, ווי פֿון אַ סרייפֿע, וואָס קענן־איבער ווייטע פּוסטע פֿעלדער, געקומען צוליופֿן סאָפֿיאַ פּאָקראָווסקי, און געווען איז דאָס גאַנץ פֿרי, ווען דער דאָקטער איז נאָך געלעגן אין בעט. מיט געשווינדע ציטערדיקע הענט האָט זי געשלעפּט איר פּעקעלע פֿון אונטער דעם דאָקטערס בעט און האָט געזאָרגט, פֿאַרבינדנדיק איר פּעקעלע אין אַ פֿאַרביק גאַלאָכישן טיכל און קוועטשנדיק אַף דעם מיט די הענט, קודם עס זאָל אויסזען קיילעכדיק, ווי אַ בינטל וועש, האָט זי געשווינד געשאָלטן דעם נייעם קאָמינאַ־באַלקער נאַטשאַלניק:

— וואָס פֿאַר אַ מאַגנאַט? וואָס פֿאַר אַ שאַכטיאָר? מען האָט שוין נאָכדעם געזאָגט: אַ געוועזענער זעצער, צי אַ מאַשיניסט אין אַ גרויסער טיפּאָגראַפֿיע... אַ „קאָמוניסט אַ מעסוקענער“. און איצט זאָגט מען: אַן אַרבעטער פֿון די שאַכטעס... דאָס האָבן „זיי“, צי ער אַליין אַרויסגעלאָזט אַזעלכע קלאַנגען, אומישנע, אומישנע... אַף צו פֿאַרדרייען די קעפּ... אַן אויסרייסעניש. אָט־וואָס: ער האָט צוריק מיט אַ פּאָר טעג אַרעסטירט בײַ דער גרעניץ איינעם אַ ווײַנערמאַכער מיט פֿאַלשע פּעסער. דער ווײַנערמאַכער גיט אויס אַלץ, אַלץ... ער האָט

איינמאָל אַריבערגעפֿירט פּעסער אויך פֿאַר אונדז. איצט האָט פֿיליפּאָוו באַנאַכט אַרעסטירט באַ דער גרענעץ יוזי ספּיוואַק... אַרעסטירט האָט ער אים, ווען ער איז געפֿאָרן אַהינצוועגס. יוזי האָט מיט זיך איצטיקס מאָל געפֿירט די פּאַפּירן גוט באַהאַלטן, איז וואָס זשע האַלט ער אים, אויב ער האָט באַ אים גאָרנישט ניט געפֿונען?

און זי איז, ווי אַ צונג־ווינט, אַרויס פֿון דעם. דאָקטערס שטוב. איצטיקס מאָל איז זי געלאָפֿן קיין קאַמינאַ־באַלקע אויסלאָזן איר ביטער האַרץ דעם נייעם נאַטשאַלניק, אויסלייזן יוזין.

באַטאָג האָט מען צוגעקוקט, ווי זי לאָפֿט זיך אַרוף אין מאַרק אויף אַ פֿור און יאָגט אַוועק קיין קאַמינאַ־באַלקע. אויף די טרעפּלעך פֿון דער נאַציאָנאַליזירטער אַפּטייק איז אין ווייסן כאַלאַט געשטאַנען אַ דערשלאָגענער יוזי ספּיוואַקס קלענערער ברודער מולי, זיין קערפּער האָט זיך געצויגן אין מאַרק אַריין, גלייך ער האָט פֿאַרגעסן סאָפֿיאַ פּאָקראָווסקין עפּעס אָנצוזאָגן.

פֿאַרנאַכט האָט מען זיך דערוווּסט:

סאָפֿיאַ פּאָקראָווסקי זיצט. דער נייער נאַטשאַלניק האָט צו איר געזאָגט: די אויספֿאָרשונג וועגן ספּיוואַקן ווערט געפֿירט, אויב ער איז שולדיק, וועט די שולד פֿאַלן אויף אַלע, וואָס קומען פֿאַר אים בעטן.

סאָפֿיאַ פּאָקראָווסקי האָט מען דאָך אין עטלעכע טעג אַרום פֿון קאַמינאַ־באַלקע אַרויסגעלאָזט. איצט ליגט זי קראַנק באַ זיך אינדערהיים אין יאַנאָווע. נאָר יוזי ספּיוואַק זיצט נאָך אַליין, ער זיצט פֿעסט, מען לאָזט קיינעם צו אים ניט צו. צו זיין ברודער מולין, דעם יינגערן פּראָוויזאָר אין גאָליבאָוקער נאַציאָנאַליזירטער אַפּטייק, איז בלויז אָנגעקומען יוזיס אַ צעטעלע — אַ צעטעלע מיט פֿיר ווערטער.

מען האָט ניט געוווּסט קיין פּשט. צו מולין אין אַפּטייק איז עטלעכע מאָל אין טאָג געלאָפֿן דער צאָן־דאָקטער גאַלאַגאַנער, ער האָט נאָך יעדן ביין וואָרט געפּינטלט זייער שטאַרק מיט די אויגן:

— איך פֿרעג — איז ווער איז אָרנטלעך, אַ?.. איז אויף וועמען?.. אָפּן נאַטשאַלניק גייט עס, אַ?...

דאָס צעטעלע האָט מען אַריבערגעשיקט צו סאָפֿיאַ פּאָקראָווסקי, וואָס ליגט קראַנק אין יאַנאָווע. סאָפֿיאַ פּאָקראָווסקי האָט עס אָפּגעשיקט צוריק צום צאָן־דאָקטער גאַלאַגאַנער מיט אַ צושריפֿט:

— „ס'איז אַ שרעק!!!“.

היינט ניי טרעף וועמען זי מיינט: יוזין אַליין, צו די זאַך וועגן וועלכער ער שרייבט אין זיין צעטעלע.

אין אָוונט איז מען דענסטמאָל געגאַנגען אויף דער הינטערטיר צו יאַכלזאָן דעם „פּאָדפּאָלניק“*), וועלכער איז נאָך גאַנץ פֿרי אַוועקגעפֿאָרן קיין קאַמינאַ־באַלקע און האָט זיך נאָר־וואָס פֿון דאָרט אומגעקערט. יאַכלזאָנס וייב — אַ געוועזענע מאָדיסטקע, וואָס וויקלט זיך אין זיידענע טערקישע שאַלן, האָט אין שטוב ניט אַריינגעלאָזט. דאָך האָבן נאָכדעם אַלע געוווּסט, וואָס מיט יאַכלזאָנען האָט אין יענעם טאָג אין קאַמינאַ־באַלקע פּאַסירט:

צוליב אונטערשרייבן יאַכלזאָנען אַן אָרדער האָט דער נייער נאַטשאַלניק מיט ווייטאָקן געמוזט אויפֿשטיין פֿון בעט, געווען איז דאָס באַ ליכט אָנצינדן. דער נאַטשאַלניק האָט צו יאַכלזאָנען געזאָגט:

— אויף דיר, ברודערקע, איז פֿאַראַן אַ חשד. צוזאַמען מיט קאָמוניסטישע ליטעראַטור, זאָגט מען, פּעקלסטו אַריבער סחורה איבער דער גרענעץ. לעבסט ברייט... אַ? גוטער ברודער.

לעבן יאַכלזאָנס אונטערטיר איז מען געשטאַנען אין אַ רעדל און מען האָט גערעדט, אז עס איז שוין קלאָר: — יענער, וואָס בלאָנדזשעט אַרום לעבן קאַמינאַ־באַלקע, איז דער נייער נאַטשאַלניק אַליין.

— ער איז גרויס, ווי אַ ריז.

— ער טראָגט אַ גראָען פּויערשן בעקעש, אַן אָפּגעפּליקט פּויערש מיצל.

— ער איז אַ געגאָלטער.

— זיין פּאָנים איז פֿאַרוואָקסן מיט שטעכלקעס.

— אז ער רייט אַרויס פֿון קאַמינאַ־באַלקע, רייטן אים נאָך דער מאַטראָס, דער אַגענט און דער סליעדאָוואַטעל.

— אַבי מען האָט געזאָגט: „זיי זיינען מיט אים צוקריגט“.

— אַבי מען האָט געזאָגט: „ער איז מסוכן קראַנק. ער ליגט צו בעט. היינט מאָרגן וועט ער געגנען“...

(העמישעך קומט).

---

*) אַ געדונגענער שמוגלער באַ דער „באַזונדער אָפּטיילונג צוליב פֿאַרשיידענע צוועקן“.

צ. דאָלגאָפאָלקי.

# באַ געעפנטע טויערן*).

(קאַפּיטלען פֿון אַ ראָמאַן).

## באַם דורכפאָר.

אין קינדערהיים און אויך אין די לערער-קרייזן האָבן אַלע מוידע געווען, אַז כאַנקע האָט אַ פּעדאַגאָגישן כּיש און לעבט זיך נוט אײן מיט די קינדער. נאָך מיט אַ מאָנאַט צוויי צוריק האָבן אַלע געקוקט אַזוי ווילד, וואָס מען האָט כאַנקען באַשטימט אַף פּעדאַגאָגישער אַרבעט.

— אַבי אַ קאָמוניסטקע.

איצט אָבער איז זי געוואָרן די געשאָמע פֿון קינדערהיים. די קינדער האָבן זיך געקלעפּט אַרום איר, און דער פּעדראַט האָט אַליין אָפטער זיך אָנגעהויבן צוהערן צו אירע אײַצעס און פֿאָרשלאָגן. אַרויס-פֿאָרן אין דאָרף אַפן זומער איז אויך כאַנקעס אױפטו געווען.

— זי איז אַ גאַנץ פֿעיקע, האָט געזאָגט נאַדעזשדאַ לוואָוונאַ, אַ לערערקע, וואָס האָט שוין אָנגעהויבן גראָען אין די שלייפֿן, וואָס האָט נאָך פֿאַר דריי יאָרן געהאַט איר אײגענע יידישע פּרויענגימנאַזיע און וואָס אַרבעט איצט אין קינדערהיים פֿאַר אַ פּאַיאָק... געוויס איז זי אַ פֿעיקע, נאָר וואָס איז פֿעיקייט אַליין. פּעסטאַלאָצי איז געווען אַ גרויסער פּעדאַגאָג, ווײַלע ער איז געווען אַ געבילדעטער מאַן. פֿרעבל, לעס-האַפֿט... אַז דער וויצעגובערנאַטאָר איז געקומען צו מיר אין גימנאַזיע — זי איז געווען מיט פּראַוועס — און האָט פֿאַרהערט מײנע שילערנס און האָט זיך פֿאַנאַנדערגערעדט מיט איינער אַ שילערן, דאַווקע אַ שניי-דערס אַ טאָכטער, אַף פֿראַנצויזיש — האָט געקלונגען אין שטאָט. אין די צײַטונגען האָט מען געשריבן. איך וועל אייך אַמאָל ווייזן מײן שול-זשורנאַל אין דעם אונטערשריפֿט פֿונם וויצעגובערנאַטאָר.

אין קינדערהיים האָט הײַנט געהערשט אַ גרויסע אומאָרדענונג. אַלע קאָמיסיעס האָבן זיך געגרייט אין וועג אַרײַן — אין לעסאָרובאָווקע. די שטענדיק ציכטיקע שלאָפֿצימערן האָבן הײַנט באַקומען אַ קלאָגע-דיקן אויסזען. אַף שווערע שפּיטאָלישע אײזערנע בעטלעך האָבן זיך קינדערשע מאַטראַצלעך, קאָלדרעס און שטרויענע קישעלעך געוואַל-גערט אָן אויבערשטע וועש. אין שניידערײַ פֿון קינדערהיים האָבן זיך אַרום כאַנקען צענדליקער קינדערשע גופֿלעך באַוועגט, אָנגעמאָסטן, צוגעפּאַסט, און אַפֿן הויף האָט זיך אויסגעשפּרייט די קינדערשע וועשערײַ. איבער קאָרעטעס און באַלייעס האָבן זיך געבויגן קינדערשע קערפּערלעך און האָבן פֿרײַלעך געשוואַנקט און געריבן פֿאַרלאָזענע, פֿאַרוואַשענע קינדערשע העמדלעך און קליידלעך און ייִנגלשע הייז-לעך און אויבערהעמדלעך.

— וואַסער, וואַסער, הייסע וואַסער, — האָבן די וועשערינס געשריען.

זייען קינדער געקראָכן מיט בלעכענע קאַנען אינם קאָכיקן מע-שענעם קעסל, וואָס דער קינדערהיים האָט אים באַקומען ביערושע פֿון אַ מיליטערישן טייל. אַ ייִנגעלע האָט אַלעמאָל אונטערגעוואָרפֿן שטיקלעך האָלץ אין אונטערגעהאַלטן אונטערן קעסל אַ פֿרײַלעכן פֿײַער. און אײַנעגע וואַסערטרעגער-קינדער האָבן שווער געהויבן פֿון טיפֿן ברונען עמערלעך קאַלטע וואַסער, געהויבן זיי ביז איבערן קאָפּ און אין קעסל געגאָסן.

ליאָמקע, דער פֿאָזיצער פֿון פּראָדוקט-קאָמיסיע, מיט אַ בונד שליסלעך אונטערן רימענעם גאַרטל, האָט אַרויסגעטראָגן פֿון שפּײַז-צימער אין אָנגעהאַנגענע איינע אַף די אַנדערע, ציכטיק אויסגעוואַ-שענע, אויסגעפּרעסטע זעקלעך נאַדעזשדאַ לוואָוונעס פּאַיאָק.

— מערסי, דעטאָטשקאַ, האָט זי אים געוואָלט אַרומנעמען, נאָר ליאָמקע האָט זיך פֿלינק אַרויסגעדרייט פֿון איר און, האַלטנדיק זיך פֿאַר דער הענטל פֿון טיר, האָט ער אויסגערעכנט:

— אַן אַכטל מאָנפּאַסע, אַ פֿערטל מאַנע-גרויפּן, אַ פֿונט ראָזי-נקעס, צוויי פּושקעס מילך, פֿינף פֿונט מאַיס, און ברויט און פֿלייש.

— כאַראַשאָ, כאַראַשאָ, דעטאָטשקאַ, — האָט זי שטייענדיק באַם טרויומאָ באַהאַלטן אין דעם געדיכטן שוואַרצן קאָפּ די גראָע לאָקן, האָט אַרופֿגעצויגן אַף די פֿינגער אירע לאַיקענע, שוין אויסגעריבענע הענטשקעס, האָט זיך העפֿלעך צוזעגנט און אַן אַרומגעהאַנגענע מיט די זעקלעך איז זי פֿון קינדערהיים אַרויס, באַגלייט מיט אַ שטיפֿערישן רעוועראַנסל פֿון אַ מיידעלע און מיט אַן אײנגעהאַלטענעם פֿאַרבי-סענעם געלעכטער פֿון אַ גרופּע קינדער.

לויט דער באַשטימונג פֿון דער אַלגעמיינער קינדער-פֿאַרזאַמ-לונג דאַרף די ערשטע קאָמיסיע הײַנט אין לעסאָרובאָווקע צופֿאָרן, אויטיליזאַציע ניט אַ פֿור.

באַלד נאָך מיטאָג האָט מאָשע דער באַלעגאָלע באַם קינדער-היים זיך אָפּגעשטעלט. מאָשע — אין שוואַרצן שאַבעסדיקן סורדוט.

— איר האָט, רעב מאָשע, זיך שאַבעסדיק אָנגעטאָן, — האָט כאַנקע באַמערקט, באַלאַגערט פֿון אַלע זייטן מיט קינדער.

— פֿאָטער געוואָרן פֿון שווערן וואָגן... דאָדל האָט מיך גע-שיקט אַהער... לאָמיר פֿאָרן, און איר, טאַלמעדטוירעניקעס, אַראָפּ פֿון קאַרעטע — איך האָב פֿיינט אַזעלכע פּאַסאַושירן.

כאַנקע, ליאָמקע און רייזעלע האָבן זיך געמיטלעך און ווייך אין קאַרעטקע אַרײַנגעזעצט. דער גאַנצער קינדערהיים איז זיי באַגלייטן אַרויסגעגאַנגען. די פֿור, אַן אָנגעלאָדענע פֿון אַלע זייטן מיט הענגענ-דיקע קינדער, ייִנגערע און עלטערע, האָט זיך שווער פֿון אָרט גערירט.

— אַף די אַקסן הענגט ניט. די מאַכסט זיי צולאָזן, כאַנקע, האָט זיך מאָשע אונטערגעגעבן... נו! איר ווילט, אַפּאָגים, מיטן בייטש.

כעווּרע האָבן אײַנציקווייז געגומען שפּרינגען פֿון פֿורל.

אין אַפּאָר שאָ אַרום איז מאָשע אַרופֿגעפֿאָרן אַפֿן ווײַכן וועג, וואָס פֿירט אין לעסאָרובאָווקע. פֿון ווייטן האָט זיך שוין געזען די וואַך באַם דורכפֿאַר פֿון באַן-ליניע און דער באַן-בריק.

אין שורע מיט דעמועלבן ווייכן וועג איז צום באַנסטאַנציע געגאַנגען. די זון האָט געברענט אין פּאָנים. דער זאַק אַפֿן רוקן האָט

---

*) זע „שטערן“ №№ 1, 2, 4 און 7

זיך שטאַרק געלאָזט פילן. עס האָט געדריקט אין די אַקסלען און אונטער די שווייסיקע פּאַכוועס האָט געשמאַרצט.

— אָפּרוען לעבן בריק, עפּשער אויסבאָרן זיך, האָט זי געטראַכט.

דער אייזנבאַן־בריק האָט זיין רייכע געשיכטע. ער איז איצט אַ הילצערנער. אויפגעריסענע טשוגונגע אייזורים וואַלגערן זיך אַרומגעסמאַליעטע אַפן זאַמדיקן ברעג פון דעם פלאַכן טייכל.

דער מאַשיניסט, דורכפירנדיק דעם צוג, זידלט זיך שטאַרק און בייז, ווישט אויס מיטן פאַרסאַושעטן איילקן אַרבל דעם שווייסיקן שטערן און די ברייטע אַראָפּגעהאַנגענע וואָנצן.

— פיר זיי, די באָלשעוויקעס, דעם פאָיעזד, טראַסצע איך מאַטערע... פו־פו... און דעם טאַטן זיי אַריין.

שורע האָט אַראָפּגענומען פון זיך דעם זאַק און האָט זיך געוואָלט צוזעצן.

— מע טאָר ניט! פון דאָרט אַוועק! — האָט שורע דערהערט פון בריק, אַף אים איז געשטאַנען אַ באַוואָפנטער רויט־אַרמייער.

אָן דער ווייט פון בריק, אונטן, אַפן צווייטן ברעג טייכל איז געשטאַנען אַ וועכטער־הייזל, פון אַלטע שפּאַלן צונויפגעהאַקט, מיט פיר־שייבלדיקע פענצטערלעך צום טראַקט צו. דאָרט האָט זיך געפונען אַ פאַרגרעסערטע רויט־אַרמייִשע וואַך. אַף אַ גראָזיקן באַנק זיינען צוויי רויט־אַרמייער געזעסן. איינער פון זיי האָט איילנדיק פאַרבונדן די ברודיקע שנירלעך פון די גאַטקעס, וואָס זיינען געהאַנגען אַף די באָרוויסע פיס, פאַרכאַפּט אין האַנט דעם ביקס און האָט זיך מיט שנעלע טריט צום דורכפאַר געלאָזן.

— שורע! — האָט זיך דער לעסאָרובאָווקער פויער דערפרייט... כאַוויידים, האָט ער אויסגעשריען, דאָס איז אונדזערע, פון מיין דאָרף... ער האָט אַ נעם געטאָן שורעס פעקל אונטערן אָרעם און ביידע האָבן זיי זיך אַראָפּגעלאָזן צום הייזל צו, אַרומגייענדיק דעם געדיכטן צאַם פון די שטעכיקע דראָט, מיט וועלכע דער שטעטך אַרום בריק איז געווען אַרומגעצאַמט.

פון וועכטער־שטיבל איז אַרויס אַן אַלטער ייִד מיט אַן אַרומגעוואַקסענעם פרייִלעכן פּאָנים, מיט שפּאַקולן אַפן שפּיץ נאָז. ער האָט זיך צוגעזעצט אַפן גראָזיקן באַנק, איינגעקוקט זיך אין שורען, געשוויגן אַ ווײַלע און דערנאָך געפרעגט:

— פונוואַנען גייט דאָס צופוס איינער אַליין אַ מיידל אזא? פון וואַנען און וווהין?

אין שטאָט. און איר, אַלטער, וואָס טוט דאָ?

— איך מיידל, וואָס טו דאָ? איך טו דאָ אַ גרויסע אַרבעט. איך בין אַ שניידער, אַ ייִד בין איך... איך לאַטע הויזן סאָלדאַטסקע.

— אַזוי נאָר, האָט זיך שורע געוווּנדערט און האָט ניט אַראָפּגעלאָזן די אויגן פון דעם אַלטן, אַ באַקאַנטער פּאָנים, האָט זי געטראַכט. ווו האָט זי אים געקאָנט באַגעגענען?

— דאָס איז אַ גוטער אַלטער. ער אַרבעט דאָ באַ אונדז שוין באַלד אַ וואָך. מיר האָבן צוליב אים אַ מאַשינע פון שטאָט געבראַכט, האָט איינער געזאָגט.

אַרום שורען האָט זיך אַרומגעקליבן די גאַנצע וואַך — באָרוועסע, ברודיקע, אַרומגעריסענע.

שורע האָט פאַנאַנדערגעבונדן די טאָרבע.

דער רויטער אַרמייער, דאָרט אויבן אַפן בריק, האָט זך אָנגעלענט מיט ביידע הענט אָן ביקס און מיט ייִנגלשע קינע אַראָפּגעקוקט אונטן. און דאָ אונטן האָבן זעקס מיילער גריננער געמאַכט שורעס זאַק דעם שווערן.

— עסט, זיידע, האָט שורע פאָרגעלייגט.

— סאַידן ברויט אַ שטיקל דאַרף מען אָפּשניידן, גוטער קאָרענער ברויט קאָנטיק.

אַ פלוצלונגדיקער נאָענטער ברום האָט צושטערט, די צופעליקע מודע און צוטריבן די רויטאַרמייער אַף זייערע ערטער.

דאָס גייט דער פערטער, האָט איינער זיך פאַרן ביקס געכאַפּט, אַנטלאָפן צום טראַקט און האָט דעם דורכפאַר פאַרצאַמט.

— ...אַכציק זעקס, אַכציק זיבן, אַכציק אַכט, האָט ליאָמקע מיט רייזלען פון צווייטן זייט דורכפאַר די וואַגאָנעס געציילט.

— שטיי! אייערע דאָקומענטן.

מאָשע האָט זיך אָפּגעשטעלט. כאַנקע איז פון וואָגן אַראָפּגעשפּרונגען און האָט אַ דאָקומענט דער וואַך דערלאַנגט. געקוקט דעם שטעמפּל, געדרייט אין אַלע זייטן.

— איר קאָנט פאָרן, האָט ער געזאָגט, אומקערנדיק דאָס פּאַפּירל.

— נאָך ווייט ביז לעסאָרובאָווקע, כאַווער?

— איך בין אַליין אַ לעסאָרובאָווקער, אָן, די מיידל גייט היינט פון לעסאָרובאָווקע.

שורע איז געגאַנגען אַנטקעגן. זי האָט זיך גרינג אויפגעהויבן אַפן אָנשיט.

און דער אַלטער איז באַם וואַך־שטיבל געשטאַנען. מיטן דלאָניע די זון פאַרשטעלט און איינגעקוקט זיך אַפן טראַקט. ער וואָלט זאָגן אַ באַלעגאָלע מיט ייִדישע סעדאַקעס. האָט ער אויסגעגלייכט אַף זיך די צושמאָרעטע הויזן, וועלכע זיינען געהאַנגען אַף אים, ווי אַף פלעקער, אַרויפגעכאַפּט אַף די פּלאַציקע פּלייצעס אַ ברייטן רעקל מיט אָפענע קיילעכדיקע פּאָלעס.

—גלאָנצם טאַטע, האָט ליאָמקע כאַנקען באַוויזן, כאַנקע זע, גלאָנצם טאַטע.

— רעב קאַלמען, וואָס טוט איר דאָ, האָט כאַנקע מיט דערספּאַלעם דעם אַלטן באַגעגנט.

— וואָס עפּעס איך, און דו, כאַנקע, און די קינדער... נאַ דיר שאָלעם, מאָשע.

— דו היטסט דאָ דעם בריק, קאַלמען?

— יאָ דעם בריק... מיט אַ וואָך צוריק געקנעלט אַף אַ ייִשעוו. דער ייִשעוונִיק אין שטאָט אַרויסגעפאָרן און איך האָב זיך דאָ אָפּגעשטעלט, לאַטע אַרום די רעוועלוציע.

ביידע מיידלעך האָבן זיך באַגריסט.

— נאָך וואָס פאָרט איר לעסאָרובאָווקע? האָט שורע נייגעריק געפרעגט.

— מיר באַזעצן זיך באַ אייך אַפן גאַנצן זומער.

— דער קינדערהיים?

— דער קינדערהיים.

— זייט איר פאַרוואַלטערן?

— יאָ.

— פֿאַרפֿאָרט צו אונדז, זאָגט אָן אין הײמע, װעט קומען דער ברודער, ער קאָן אײך, פּיאָטר.

— פּיאָטר איז אײער ברודער?

כֿאַנקע איז רויט געװאָרן.

— דאַרפֿט איר װיסן, כֿאַװערטע, װער דער אַלטער איז. גלאַנצעס טאַטע... אָטאָ די מײדל, רעב קאַלמען, האָט אײער זון פֿון טויט געראַטעװעט.

— אַ גרויסן דאַנק איר. ספּאַסיבאָ, ספּאַסיבאָ.

די קינדער האָבן זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכֿט, אַף זײ קוקנדיק אויך שורע און כֿאַנקע.

שורע האָט געאײלט. זי האָט זיך מיט אַלעמען צעזעגנט.

— קומט צופֿאָרן, אַלטער, צו אונדז מילך טרינקען. און איר פֿאַרפֿאָרט אַלע צו אונדז. די מאַמע מײנע איז אַן אָפּגעשטאַנענע, נאָר אַ גוטע פֿרוי. די שול געפֿינט זיך לעבן אונדז, איבערן גאָרטן.

— צײט אויך אונדז צו פֿאָרן, האָט מאָשע געזאָגט. שפּעט שפּעט, עס װערט שוין נאַכֿט.

כֿאַנקע מיט די קינדער האָבן זיך אין פֿור אַרײנגעזעצט.

די זון איז שוין געהאַנגען אַף די בוימער־שפּיצן פֿון װאַלד. דאָס װעכֿטער־שטיבל איז שוין אין װאַלדיקן שאָטן געשטאַנען.

קאַלמען איז צום טײכֿל צוגעגאַנגען, די הענט געװאַשן און געשטעלט זיך מינכֿע דאַװנען.

## אַ קאַפּיטל אוטיליזאַציע

ניט אַן אומעניאַד אַן אַרבעטער — אַ לאַטוטניק איז קאַלמען געװען. אַ שאַמעש און אַ שנײדער אין זײן שטעטל, — האָט ער די מיזרעך־ײדן באַדינט און די מאַיריװ ײדן באַנײט. און נאָך אַ דריטע פּראָפֿעסיע האָט קאַלמען געהאַט — אַ געהילף־מעלאַמעד אין טאַלמעד טוירע. אַלע פֿרײטיק מיטן בעכֿער איבערן שטאָט אומגעגאַנגען. פֿון הונדערט קאָפּיקעס — 20 זיך און 80 דעם עלטערן מעלאַמעד, דעם באַלעבאָס זײנעם, װאָס האָט געהאַט כֿאַזאָקע אַף די טאַלמעד־טוירע־ײנגלעך פֿון שטעטל. אַ ײד מיט אַ נאָמען, מיט אַ באָרד אַ געלער, מיט אַ האַלדז און מיט הענט אײנגעפֿלעקטע און צעשװומענע זומערשפּרינקלעך.

באַ אָט די דרײ פּראָפֿעסיעס האָט אים, קאַלמענען, געטראָפֿן אַ פּלוצלינגדיקער באַפֿעל פֿון אַ רוסישן גענעראַל „אין פֿאַרלויף פֿון 24 שאָ פֿאַרלאָזן זײן שטעטל". מיט אָט אָ די דרײ פּראָפֿעסיעס איז ער מיט זײן געזינד אַנטלאָפֿן אין דװינסק, װו ער האָט באַגראָבן זײן װײב מיט צװײ קינדער. באַלד איז ער אויך מיט זײן יאָשקען פֿון דװינסק אַרויסגעשטויסן געװאָרן און האָט זיך באַזעצט דאָ אין װײס־רוסלאַנד, װו יאָשקע זײנער איז אַזױ דערהויכֿט געװאָרן — אַזש ביז גלאַנצן, און ער, קאַלמען, איז געפֿאַלן אַזױ נידעריק.

און דאָרל דער שנײדער האָט געהאַלטן אין אײן פֿאַרברײטערן זײן אוטיליזאַציע, װעלכֿע האָט פֿאַרנומען צװײ קװאַרטאַלן אין צענטער־שטאָט, אַרויסזעצנדיק די נעגידים פֿון זײערע נאַכֿלעס אָדער איבער־לאָזנדיק פֿאַר דער גאַנצער נעגידישער געזינד אַ פּאָר צימערלעך. האָט זיך דאָרל דערװוּסט, אַז די רויטאַרמײער צעשלעפּן די נײמאַשינעס פֿון שטאָט — איז ער געקומען אין קריג־קאָמיסאַריאַט מיט אַ טומל, מיט אַ סקאַנדאַל.

— דאָס איז אַנאַרכֿיע, האָט דאָרל געטומלט אין קאַבינעט פֿונם קריגקאָמיסאַר.

— דאָרט זיצט באַ מיר אַ פֿאַרגרעסערטע װאַך, האָט זיך דער קאָמיסאַר פֿאַרענטפֿערט.

— זאָלן זײ צושיקן זײערע טראַנטעס — איך גיב זײ אַרויס אויסגעפּאַרטע, אויסגעפּאַריכֿטע אַמוניציע. אַלע מאַשינעס פֿון שטאָט געהערט דער אוטיליזאַציע. גיב נאָר אַ קוק אין פֿענצטער — דאָס איז אַלץ אַף מײן קאָפּ...

די שטאָטישע באַלעגאָלעס האָבן זיך געשלעפּט פֿון באַן מיט הויכֿע, אָנגעלאָדענע פֿורן שמאַטעס. פֿון די פּעק האָבן אַרויסגעשטעקט בלעכֿענע קנעפּלעך פֿון פּליודערן, רויטע און װײסע דעמקעס פֿון היטלען, קליאַפּעס פֿון אָפֿיצערישע מאַנטלען מיט גילדערנע און מעשענע קנעפּ, שטיקער װאַטע פֿון געשטעפּטע קאַפּטלען.

מאָשע דער באַלעגאָלע האָט מיטן בײטש־שטעקל אַלץ לײזער געמאַכֿט די שטריק פֿון אַ געפּרעסטן פּאַק, אַרומגעקוקט זיך און אַרויסגעשלעפּט פֿון דאָרטן אַ מאַנטל.

— אָט דערפֿון קען אַרויסקומען אַ גוטער לײב־קאַפֿטן, האָט ער געזאָגט.

— און די לײז?

אַלע באַלאַגאָלעס האָבן זיך געקליבן אַרום דעם אָפֿענעם פּאַק.

— דאָ איז ניטאָ קײן לײז.

— װו זײנען זײ אַהינגעקומען?

— צופֿײנערט. אַ צװײטער עלטערער באַלאַגאָלע האָט אַרויסגעשלעפּט נאָך אַ מאַנטל פֿון גװאַרדײסקן געװאַנט און האָט באַװיזן די באַלעגאָלעס.

— ניטאָ דאָ קײן לײז.

— אָט ליגט אַ לויז, האָט אײנער באַװיזן.

— אַ געפֿײנערטע...

די באַלאַגאָלעס האָבן נאָך ניט באַװיזן באַהאַלטן די געלאַכֿנטע זאַכֿן צו זיך אין די הײ־זעק און מאַכֿן צורעכֿט דעם פּאַק דעם פֿאַנאַנדער־געבונדענעם, װי דאָרל האָט זיך אַרײנגעריסן צװישן זײ.

— אַװעקגעלײגט זאָל װערן שוין, רעב מײשע, אַף דײן װאָגן... דו װײסט, װאָס מען טוט פֿאַר אַזאַ מאַיסע?

נאָר די באַלאַגאָלעס זײנען רויִק נאָכגעגאַנגען נאָך די פֿורן.

— װאָס זשאַלעװעסטו, דאָרל, די טראַנטעס... אַפֿן װאָקזאַל װאַלגערן זײ זיך און קײנער װיל זײ ניט נעמען... דו זשאַלעװעסט די לײז?

— קײן אײן האָר זאָל ניט געמינערט װערן פֿון די פֿורן, האָט דאָרל אַרויסגעריסן דעם מאַנטל פֿון מאָשעס הענט און אַרײנגעקװעטשט אים אין פּאַק.

נאָר מאָשע האָט באַלד אים װידער פֿון פּאַק אַרויסגעשלעפּט און טיף צו זיך אין הײ־זאַק אַרײנגערוקט.

אַז דאָרל איז אַרײן אין קאַבינעט פֿון קריגקאָמיסאַר, האָט ער שוין געפֿונען אַ פֿאַראָרדענונג: די מאַשינע, אַף װעלכֿער קאַלמען האָט „געלאַטעט די רעװאָלוציע", זאָל טײקעף אָפּגעשיקט װערן אין שטאָט מיט אַ ספּעציעלן מענטשן.

— װיפֿל שנײדער אַרבעטן באַ דיר, האָט געפֿרעגט דער קאָמיסאַר.

— שנײַדער מיט קירזשנער — באַ הונדערט מאַן. צוזאַמען מיט די שוואַרצע אַרבעטער, מיט די טרײַסלער, וואָס סאָרטירן און רייניקן די שמאַטעס — 200... ס'איז דאָ אין שטאָט איבער 20 באַהאַלטענע מאַשינעס.

דער קאָמיסאַר האָט צונױפֿגעלײגט אַף העלפֿט אַ בױגן שרײַבפּאַפּיר און אָנגעהױבן שרײַבן:

## „באַפּעל נומ...

### אַ רעװאָלוציאָנערע נױטװענדיקײט.

אין פֿאַרלױף פֿון דרײַ טעג מוזן אַלע שנײַדערשע פֿוסמאַשינעס, װאָס געפֿינען זיך באַ די שטאָטישע בירגער, פֿאַרעניסטרירט װערן אין קאָמיסאַריאַט. די אײַגנטימער פֿון די שנײַדערשע פֿוסמאַשינעס באַקומען פֿון קריגס־קאָמיסאַריאַט אַ קוויטאַנציע, אַז די מאַשינעס װערן גענומען צײַטװײַליק. באַ דער ערשטער מעגלעכקײט װעלן זײ טאַקע װערן אומגעקערט די אײַגנטימער.

אַלע מאַשינעס, װאָס מען װעט אַנטדעקן באַ די בירגער נאָך דעם דורכגעגאַנגענעם דרײַ מעסלעסיקן טערמין, װעלן קאָנפֿיסקירט װערן און די באַלעבאַטים פֿון זײ װעלן פֿאַררעכנט װערן, װי סאָנים פֿון דער רעװאָלוציע"...

פֿונדעסטװעגן זײַנען ניט אַלע שנײַדער אַרײַן מיט זײערע מאַשינעס אין אוטיליזאַציע. יאַנקל „קורץ און טאַליע" איז געבליבן מיט זײַן מאַשין אינדערהײם. דערװיסנדיק זיך װעגן דעם באַפֿעל, האָט ער לאַנג ניט געטראַכט און האָט געזאָגט זײַן װײַב:

— טו זיך אָן און טו אָן די קינדער — מיר גײען.

איז מען אַרױסגעגאַנגען פֿון שטוב זאַלבעניינט. „קורץ און טאַליע" מיט אַ קינד אַף די הענט, זײַן װײַב מיטן אַרױסגעשטעקטן בױך און מיט א קינד אַף די הענט און 5 קינדער אַף די אײגענע פֿיס.

די קאַנצעלאַריע האָט ברײט פֿאַנאַנדערגעעפֿנט די טיר פֿאַר דער שנײַדערשער מישפּאָכע, אײנער האָט דערלײַנגט דעם קריגקאָמיסאַר װעגן די אָנגעקומענע געסט.

— אַזױ װי איך בין אַ קאַבצן, האָט אָנגעהױבן „קורץ און טאַליע", װיל איך ניט זײַן קײן סױנע פֿון דער רעװאָלוציע. די מאַשינע גיב איך אײַך אַװעק, נאָר קאָרמענען זײ אַלעמען װעט דיר אױסקומען.

— דו האָסט, קאַנאַליע, אָנגעשלעפּט קינדער פֿון נאָס, האָט דער קאָמיסאַר זיך געבײזערט.

— זאָל נאָט היטן, האָט זיך שױן דאָ די װײַב אַרײַנגעמישט און באַװיזן אַ מױל מיט אײן פֿאָרנסטן צאָן אינגאַנצן: איר זעט ניט, אַז זײ גײען אַלע אין דעם טאַטן — קורצינקע.

— כאַװער קאָמיסאַר, עס װעט זײַן באַלד אַן אַכטער. צען מײַלער, כאַװער קאָמיסאַר...

איז דער קאָמיסאַר אַרײַן צו זיך אין קאַבינעט אַן אױפֿגעקאָכטער און האָט בײז אַרױסגערופֿן דאָדלען צום טעלעפֿאָן.

— דער טײװל װײסט דיך דאָדושיק... אַלע זײַנען זײ באַ מיר אין קאַנצעלאַריע...

— װאָס קאָכסטו זיך אַזױ. באַ אים װעלן מיר די מאַשינע ניט נעמען... באַ אים װעלן מיר זי נאָר פֿ אַ ר ע נ י ס ט ר י ר ן... שיק אים אַהײם.

דרײַ טעג נאָכאַנאַנד איז יאַנקל „קורץ און טאַליע" געװען דער פּאָפּולערסטער מענטש אין שטאָט. די אוטיליזאַציע אַלײן האָט אים אָנגעקלאַפּט אין פֿענצטער, „קורץ און טאַליע" זאָל דערצײלן באַאַריכעס, װי די מאַיסע איז פֿאָרגעקומען.

— ניטאָ דאָ װאָס צו דערצײלן, האָט ער געזאָגט: פֿאַרנומען מײַן גאַנצע „אַלטילעריע", דעם בױך דעם נײַנכאָדאָשימדיקן און די זיבן קאַלטע־ושניקעס מײַנע... איז ער אַנטלאָפֿן פֿון מיר, װי א פֿאַרסאַמטע מױז.

— אַי „קורץ און טאַליע", אַי, „קורץ און טאַליע", האָבן זיך שנײַדער געפֿרײט.

— לאָמיר אים הױבן, כאַװײרים.

— העכער, העכער...

קורץ און טאַליע האָט זיך קאָם אַ לעבעדיקער אַרױסגעריסן פֿון די אוטיליזאַציע־װאַרשטאַטן.

אײנער אַן אַרבעטער האָט אָנגעהױבן זינגען דאָס לידעלע „טילזאַציע", װאָס די אַרבעטער האָבן אַלײן צונױפֿגעשטעלט.

זינגט אײנער און דער גאַנצער װאַרשטאַט פֿאַרהילכט דעם גערױש פֿון די צענדליקער שנײַדערשע מאַשינען און כאַפּט אונטער מיטן לאַ־דע־רי־דע־ראַם־ראַם...

— אונדזער גאַנצער נאָדל פֿאַך  
לאַ־דע־רי־דע־ראַם־ראַם...  
טיליזאַציע געמאַכט  
לאַ־דע־רי־דע־ראַם־ראַם..  
טיליזאַציע געמאַכט...  
האָרעװען מיר טאָג און נאַכט...  
האָרעװען מיר טאָג און נאַכט...  
דעם בורזשוק דעם מױל פֿאַרמאַכט...  
דעם בורזשוק דעם מױל פֿאַרמאַכט...  
האָבן מיר אַ ראַטן מאַכט...  
האָבן מיר אַ ראַטן מאַכט...  
פּערלגרױפּן אונדז געבראַכט...

צוזאַמען מיט די װאַרשטאַטן האָט זיך אױך דאָס לידעלע פֿאַנאַנדערגעװאַקסן. אַלע טאָג פֿלעגן שנײַדער קומען אַף דער אַרבעט מיט נײַע גראַמען, װאָס האָבן אָפּגעשפּיגלט די שטימונג פֿון די אַרבעטער, אָפּטמאָל געװענדעט זײער שאַרף קעגן אײגענע כאַװײרים...

דאָדל, דאָדל לױפֿט אַרום  
לאַ־דע־רי־דע־ראַם־ראַם..  
האַלט אונדז אַלעמען אין צױם —  
לאַ־דע־רי־דע־ראַם־ראַם..  
אונטער פּאַכװע די כאַליאַװע... *)  
טרינקט ער אין סטאָלאָװקע קאַװע...  
טרינקט ער אין סטאָלאָװקע קאַװע...  
אַ פֿאַראַנטװאָרטלעכער כאַװער...

— זיסינקע קאַװע, מיט אַ װײַצענע בולקעלע, האָבן די פּראָזאַיקער אַרײַנגעשטעלט... דערלאַנגט זײ, כעװרע, די פֿאַראַנטװאָרטלעכע.

---

*) פּאָרטפֿעל.

...מײַנט, אוטיל איז זײַן מאַיאָנטיק...
ברײַנגט ער טראַנטעס אַלע מאָנטיק...

און אַז אײַנמאָל איז אין װאַרשטאַט פֿאַרפֿאַלן געװאָרן עטלעכע מאָטקעס פֿאָדים, האָבן שנײַדער דורכגענומען דעם גאַנעװ.

פֿעלט אין װאַרשטאַט הײַנט אַ מאָטיק —
לאַ־דע־רי־דע־־ראַם־ראַם..
איז די גאַנצע מאַיסע בלאָטיק —
לאַ־דע־רי־דע־־ראַם־ראַם..

די אוטיליזאַציע איז הײַנט געװען באַזונדערס אױפֿגעלײגט. אין צװײ אָפּטײלונגען איז מען אַריבער אַף נײַע שטאָף — געשטשאָבעט נײַע סאָלדאַטסקע מאַנטלען.

דאָס האָט אַרויסגערופֿן אַ פֿרײד און אַ פֿאַרװוּנדערונג.

— שוין ושע איז דאָס נאָך פֿון פֿאַר דער מילכאָמע איבערגעבליבן?

נאָר דאָדל האָט פֿאַרזיכערט, אַז אין פּעטערבורג זײַנען שוין אין גאַנג צװײ טעקסטיל־פֿאַבריקן, און די מאַנטלען זײַנען באַשטעלט געװאָרן פֿאַרן ערשטן אַרויסלאָז פֿון רויטע קאָמאַנדירן, װאָס ענדיקן טאַקע אין פּעטערבורג.

כּוּיִן דעם האָט מען אין קאַנצעלאַריע געטײלט טאַלאָנען אַף דעם כוידעשדיקן מיליטערישן פּאַיאָק — מיט מעלצוקער, מיט אַ פוּד קאָרענע ברויט, מיט פּאָווידלע און מיט הערינג און קאָנסערװירטע פֿלײש אין בלעכענע פּושקעס.

זײַנען די פֿענצטער אין אַלע װאַרשטאַטן געװען פֿאַנאַנדערגעעפֿנט, און דאָס לידל „קערענקעס" האָט באַזונדערס מונטער געקלונגען, און געברױט, און געטריבן פֿון גאַס די דוכנײער.

— כעװרע! מען זאָל זינגען מיט אַ טאָלק. אײנער זאָל אָנהײבן און די לעצטע 4 שורעס כאַפּן אַלע אונטער... מיט דעם ניגן פֿון דער „סאָכע"...

איך האָב געפּאַקטע פּערענקעס
מיט קערענקעס, מיט קערענקעס,
מיט דומסקע, ניקאָלאַיעװער
פֿאַר סאָכרימלעך פֿאַר גראַיעװער,
פֿאַר סאָכרימלעך פֿאַר גראַיעװער,
פֿאַר טאָלאָטשינער, באַיעװער,
װאָס האַנדלען מיט אַ מין
אַ זיסן — סאַכאַרין...

האָבן זיך יידישע שולקינדער אָפּגעשטעלט הערן דאָס לידעלע, און װײַבער, פֿאַרבײַגײענדיק די װאַרשטאַטן, האָבן זיך דערמאָנט אָן די יונגע מײדלשע יאָרן, געשמײכלט, געװישט די נאָז און געשמועסט.

— קערענקעס מיט ניקאָלאַיעװער... כע־כע... אַ פֿײער זאָל זײ כאַפּן...

— קאַדאָכעס פֿעלט זײ,

— דאָדלס צאַרסטװע — פֿאַרפֿלײצט די גאַסן מיט טראַנטעס.

— פֿרײלעך בא זײ...

— פּאַיקעס...

— און שלוימען איז דאָס גוט צוהערן.

— װײניק בלוט האָט ער אויסגעזויגן פֿון שטאָט... זאָל ער...

און שלוימע אַלײן, דער באַלעבאָס פֿון די נאַכלעס, פֿון די שפּײכלערס, פֿון די קלײטן, פֿון די קראָמען, פֿון די קעלערס — און שלוימע אַלײן, אַן אַרײנגעקװעטשטער מיט זײַן װײַב אין אײן צימערל, האָט צוגעלײגט צום טיר דעם לינקן אויער, אַף װעלכן ער האָט בעסער געהערט, און האָט נאָכגעזאָגט:

נאָר היטן די פּאַפּירעלעך —
איז װערן גראָ די הערעלעך,
און שיטערער די צײנדלעך,
און אײנגעדאַרט די בײנדלעך,
און מילטערלעך די בעקעלעך,
די פֿיסלעך װי שטעקעלעך —
אַ קלאָג איז צו דעם גוזיר,
װאָס שרײַסט זיך מיט פּאַפּיר...

איז שלוימע צוגעגאַנגען צום שפּיגל און האָט זיך דערשראָקן פֿאַר דעם אײגענעם פּאָנים.

— זע נאָר, האָט ער באַװיזן זײַן װײַב, װעלכע האָט זיך געאײַסיקט באַם פֿאַרזיכערטן בלעכענעם אײַזעלע: איך בין דאָך טאַקע גראָ געװאָרן.

— געװאָרן גראָ, האָט זי באַשטעטיקט.

— און אונטער די אויגן קישעלעך.

— יאָ, קישעלעך, האָט זי געענטפֿערט... דו זעסט ניט, אַז מיט אונדז איז אַ סאָף — און האָט זיך פֿאַנאַנדערגעװײנט.

שלוימען האָט דאָס פֿאַרדראָסן, ער האָט זיך געפּלאָנטערט אין צימער צװישן די פּעקלעך, קלומקעס, זאַכן, אָנגעשטעלטע אײנע אַף די אַנדערע.

— װײן ניט, װײן ניט, האָט ער באַרויִקט זײַן װײַב: אַזאַ צײַט קרענקען זײ... און האָט װײטער צוגעלײגט דעם אויער צו דער געפֿאַרבטער, איצט פֿאַרזיכערטער, פֿאַרגעלטער טיר.

אַ קלאַפּ אין טיר — דערשרעק איך זיך,
פֿאַרגראָב איך זיך, פֿאַרדעק איך זיך...
דעם גאַנצן לעבן ביטערן
און פֿלאַטערן און ציטערן
און אויסהערן אַ בײקעלע
פֿון אונדזער טשרעזװיטשאַיקעלע —
שוין בעסער אין „אוטיל" —
דאָ לעבט זיך רויִק, שטיל...

שלוימע איז װײטער אָפּגעגאַנגען פֿון טיר, אַרומגעקוקט זיך, איבערגעלײגט און געטאַפּט אין די פּעקלעך, אַ הײסע געקאָכטע בולבע אין מויל אַרײַנגעכאַפּט, געברענט זיך און געקײקלט זי אין מויל.

— אָט דאָ אין זאַל האָט דער טאַטע די סדאָרים געפּראַװעט. אָט דאָ אין זאַל האָט זיך דער מאַרשל מיטן װיצעגובערנאַטאָר אָפּגעשטעלט. אַ שנײַדער־יונג האָט ניט געװאַגט צוגײן... סאַידן, אַז קײן גאָט איז ניטאָ אַף דער װעלט... װאָס אַרט דיך, עס װעט קומען אַף זײ אַ מאַפּאָלע, עס מוז קומען אַף זײ אַ מאַפּאָלע.

די שולקינדער, ייִנגעלעך און מײדעלעך, האָבן, װי װאָראָבײטשיקלעך, פֿאַרפֿלײצט דעם הויף, טרעפּיקן טאַניק, זײַנען געהאַנגען אַף די פֿענצטער און צוזאַמען מיט די שנײַדער געזונגען:

די בעסטע ספּעקולאַציע
איז איצטער „טיליזאַציע“.
דו קענסט זיך רויִק פּיטערן
און דאַרפֿסט פֿאַר קיינעם ציטערן.
פֿאַר האָרעוואַניע ערלעכע
באַקומסטו סבֿירעס יערלעכע...
אָ, זיצן באַם מאַשין —
איז צוקער־סאַכאַרין...

איז געוועזן אין וואַרשטאַט איינער אַ שניידער, אַ הוסטער, וואָס פֿלעגט אַלעמען אַריבערשרייען און פֿאַרענדיקן דאָס לידל אַזוי:

אָ, זיצן באַם מאַשין —
איז ווערסטו געל און גרין.

נאָר היינט איז אין קאָפּ ניט געקראָכן קיין שקאָצקעריי: אַפֿן ניימאַשין איז שוין געלעגן אַ פֿאַרטיקער אָרדער אויף אַ פּאַיאָק, דער שטאַמפּ „פֿאַרגרעסערטער מיליטערישער פּאַיאָק“ האָט געמונטערט און אויסגעגלייכט די קראַנקע קנייטשן פֿון פּאָנים, די ציפֿערן האָבן געקיצלט. דער שניידער האָט זיך דערפֿילט אַזוי טאַקיף און ראַבֿוועסדיק און די הענט האָבן געטריבן די ברייטע האַרטע נעט פֿון מאַשין מיט אַ באַזונדערן אימפּעט.

— נו, וואָסטו איצט זאָגן „איז ווערסטו געל און גרין?“ — האָט איינער אַ יונגער שניידער אונטערגערוקט אונטערן נאָז דעם אָרדער.

— לאָז אַרבעטן, לאָז...

— כאַפּט זיי, די בורזשויען, די גיכפּע.

. . . . . . . .

. . . . . . . .

באַלד איז אויך קאַלמען אין שטאָט געקומען.

ער איז אַריין אין קאַנצעלאַריע פֿון אוטיליזאַציע בעטן אַרבעט.

— מיר דאַרפֿן האָבן אַ שטעפּער. אָבער אַ גוטן שטעפּער. איר קענט שטעפּן? האָט דער אינסטרוקטאָר געפֿרעגט.

— מע שטעפּט... ווי דען?

— „מע שטעפּט“ איז ניט קיין ענטפֿער. גייט אַריין אין וואַרשטאַט און זעט ווי דער אוילעם אַרבעט.

נאָר דער טומל פֿון די מאַשינעס און די לוסטיקע שטימונג פֿון די אַרבעטער האָבן קאַלמענען געדריקט און געשראָקן. ער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פֿון די וואַרשטאַטן און איז אין בעסמעדרעש אַוועק.

—וואָס גייסטו אים, קאַלמען, לייז־לײדיק. מאַך אַ קנעלונג. מאַך, די ווייבער צאָלן איצט גוט און דיך וועט מען ניט טשעפּן. דו ביסט דאָך ווייערער אַ מענטש... קלייב אויס אַ בעסמעדרעש און נעם זיך קנעלן.

און עטלעכע טעג אַרום האָט קאַלמען אין איינעם פֿון די פֿאַרוואָרפֿנסטע באַטעמעדראָשים אַ כײדער געעפֿנט.

## געפּאַקט אַ כיידער.

קיינעם האָט זיך אַפֿילע ניט געכאָלעמט, אַז די רעדיפֿעס אַפֿן כיידער וועלן אָנעמען אַזעלכע שאַרפֿע פֿאָרמען, אַז אין אַ שיינעם פֿרימאָרגן זאָלן באַלאַגערט ווערן מיט אַמאָל אַלע כאַדאָרים, די כיידערייִנגלעך זאָלן אַבֿאָריעסדיק פֿאַנאַנדערגעטריבן ווערן, און די מעלאַמדים — אייניקע פֿון זיי זאָלן אַפֿילע ווערן אַרעסטירט און אייניקע זאָל מען אָנטאָן אַזויפֿיל שיפּלעס.

— אַמאָל האָט מען פֿון מעלאַמעד געפֿאָדערט אַ שיין, האָסטו געוווסט, אַז דו האָסט אַ שיין.

— פּאָר־פּיס־קע, גיב זיי אַרויס אַ פּאָרפּיסקע.

— מען זאָל נאָר קומען מיט מיליציע, מען מאַכט נאָר פּראָטאָקאָלן.

— בין איך אַ באַלעבאָס אויף מיין קינד, צי ניט?

— דו גיב אים עסן און טרינקען און האָדעווע אים, און אַ באַלעבאָס אויף אים זיינען זיי... דאָרל איז איצט אַ באַלעבאָס אויף דיר. די אוטיליזאַציע איז איצט אַ באַלעבאָס אויף דיר, דער אָנגעפֿאָרענער, וואָס אין די גלעזלעך, איז איצט אַ באַלעבאָס אויף דיר... און דו?.. טאָרסט ניט לערנען דעם יינגל אַשעריאַצאַר...

— מירן זען, וואָס וועלן זיי טאָן מיט קאַלמענען.

— וואָס — אַ טאַטע!? קובעד אָוו? פּעראָדעס... און אַליין גלאָניק, ווען ער איז דאָ, וואָלט אים ניט אויקער מיט האַשוירעש געווען.

— — — — — — — — —

— — — — — — — — —

די פֿאַרברייטערטע זיצונג פֿון בילדבוראָ האָט זיך פֿאַרצויגן ביז אַ שטיק נאָך האַלבע נאַכט. אַרום צוויי פֿראַגן האָבן זיך פֿאַנאַנדערגעפֿלאַקערט ליידנשאַפֿטלעכע וויקוכים: אַפּנעמען דעם יונגן בעסמעדרעש און מיט איין קלאַפּ ליקווידירן די פֿראַגע מיטן כיידער.

— זאָל זיין, אַז ניט אַלע קינדער קאָנען מיר באַזאָרגן מיט שולן, נאָר צושטערן דעם כיידער איז אַן און פֿאַר זיך אַ שעפֿערישע אַרבעט, האָט יִסראָעל געזאָגט און האָט צוגעצויגן אויף זיין זייט אַ גרויסע מערהייט. ער האָט זיך אָבער אַרויסגעזאָגט קעגן פֿאַרכאַפּן דעם יונגן בעסמעדרעש.

קעגן יִסראָעלן איז אַרויסגעטראָטן דאָרל.

— און איך זאָג זיך אַרויס פֿאַרן יונגן בעסמעדרעש, האָט דאָרל זיך געהיצט, ער איז אַ פּראָדוקט פֿון דער יונגער בורזשואַזיע, זיי האָבן אים אויסגעמויערט, זיי האָבן אים אויסגעפּוצט. דאָס איז זייער באַזע... קיין איין בגדישע פֿאַרזאַמלונג האָבן מיר דאָרטן, אַ פֿינצטערער יאָר אויף זיי, דורכפֿירן ניט געקאָנט... און אַכטן יאָר, כאַוויירים, בײַם איך האָב פֿון קאַצאָווישן שול פֿון בוידעם די באָמבעס אַריבערגעטראָגן...

— האַלט זיך, דאָרל, נעענטער צום איניען, האָט יִסראָעל איבערגעריסן דאָרלען: די באָמבעס פֿון אַכטן יאָר האָבן קיין שום שײַכעס ניט צום איניען...

— און איך זאָג, אַז זיי האָבן אַ שאַיכעס און אַ גרויסע שאַיכעס... די בורזשואַזיע האָט אויך אין בעסמעדרעש דורכגעפֿירט איר קלאַסאָווע ליניע...

— נעענטער, נעענטער צום איניען.

— דאָס איז אַ פּריצישע שול, און אַל די פֿינצטערע יאָר... מיר לאָזן איבער די אָרעמע שולן — די קאַצאָווישע שול, די הונגעריקע שול, די מילכיקע שול, דעם פּאַצמיניען, די קרעציקע שול.

אַלע האָבן זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט.

— די קרעציקע שול? האָט איבערגעפֿרעגט דער פֿאַרוואַלטער פֿון בילדבוראָ, ער איז געווען אַ פֿאָלקלאָריסט, ער האָט אויסגעווישט די דיקע גלעזלעך פֿון זיינע פּענסנע און האָט פֿאַרנאָטירט באַ זיך אין נאָטיצביכל.

— די קרעציקע שול? האָט דער פֿאַרוואַלטער איבערגעפֿרעגט.

— איר הערט עס ערשט? אַזאַ שול איז דאָ. איך האָב אַלײן געלעבֿערט דעם מויעך צווײ יאָר פֿון יונגן בעסמעדרעש פֿאַר יאָרענען. „ער גײט אין דער קרעציקער שול, קרעציקער, קרעציקער...“ ישׂראל, און וועלכן בעסמעדרעש ביסטו מיט דײן טאַטן געגאַנגען אַמאָל? מיר דאַכט, אַז אין יונגן...

ס'איז געוואָרן פֿרײלעך.

ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צוציִען צום קאַמף מיט די כאַראָרים די יונגט און אָנהױבן טרײבן דעם סוינע פֿון די עקן שטאָט, פֿון די אַרבע־טער־קוואַרטאַלן, און ערשט דערנאָך זיך נעמען פֿאַרן צענטער.

די קרעציקע שול, ווו קאַלמען האָט זײן כײדער געעפֿנט, און דער גאַנצער אַרום איז געווען שמוציק און פֿאַרלאָזן. די דילן בלאָטיק און צופֿוילט. שויבן אויסגעהאַקטע. די אויוונס צופּלאַצטע, די טירלעך אין זײ אַרויסגעדרײטע. און דעם לײטער פֿון דער אויבערשטער שול האָבן טרעפּלעך געפֿעלט — אויסגעקומען רײסן די פֿיס איבער צווײ און דרײ ווי עס איז צוגעקלאַפּט ווינגדיקע טרעפּ און ניט זיכער שטעלן די פֿיס אַף זײ.

אַז כעווירע זײנען אין שול אַרײן, האָט זיך דער מעלאַמעד מיט אַלע זײנע טאַלמידים געפֿונען טאַקע אַפֿן שאַלקע. פֿון שאַלקע האָבן זיך דערטראָגן קינדערשע קעלכלעך און מעלאַמדישע אויסגעשרײען. הײסט דאָס, אַז דער סוינע האָט זיך געגעבן אַלײן אין די הענט.

פֿאָרזיכטיק זײנען זײ זאַלבעדריט, אַלס יונגע אַרבעטער און גע־וועזענע טאַלמודטוירעניקעס, צום שאַלקע צוגעגאַנגען און אײנער פֿון זײ האָט זיך שוין געוואָלט אופֿהויבן אַף די טרעפּ, נאָר אַ צווײטער פֿון די כאַווײרים האָט פֿאָרגעלײגט אַזאַ פּלאַן.

— קעדײ די קלײנוואַרג זאָלן זיך ניט צולויפֿן, דאַרף מען צו־נעמען די טרעפּ פֿון שאַלקע.

— מע דאַרף דאָך זײ אָפּרײסן! זײ זײנען דאָך צוגעשלאָגן מיט טשוועקעס!

— שטילער. איך מײן אויך אָפּרײסן. ששש... ניט אָקאָרשט אַ שלעפּ, יאַטן... מיטאַמאָל... ררראַזז!

אין דעם אויבערשטן ברעג זײנען די טשוועקעס געזעסן גאַנץ פֿעסט. איז אויסגעקומען די טרעפּלעך אַ צי טאָן אַ צווײטן מאָל און אַ דריטן מאָל. האָבן די כײדערײנגלעך דערשפּירט, אַז עפּעס קרעכ־צעט, אַז עפּעס סקריפּעט און באַוועגט זיך, האָבן זײ אָפּגעעפֿנט די טיר פֿון שאַלקע און האָבן דערזען פֿאַר זיך דעם גאַנצן אָטריאַד.

— פֿאָרזיכטיק, קינדער, מיר זײנען געקומען פֿאַריכטן אײך די טרעפּ.

האָט דערהערט דעם געשפּרעך קאַלמען אַלײן. איז ער אויך צוגעגאַנגען צום טיר און, דערזעענדיק די געסט, האָט אים אָפּגענומען דער לאָשן און ער האָט זיך געוואָלט אַ וואַרף טאָן פֿאָרויס.

— פֿאָרזיכטיק, פֿאָרזיכטיק, רעבע, איר קענט זיך נאָך צושעדיקן. מיר האָבן צוגענומען די טרעפּ, האָט אײנער פֿון די יאַטן באַ אַ גוטער שטימונג דערקלערט.

אַלע צווײ צענדליק יינגלעך האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן פֿאָרויס צום אַרויסגאַנג. קלײנוואַרג איז געפֿעלן געוואָרן דער אופּטו.

— אָפּגעריסן די טרעפּ, רעבע! די טרעפּ אָפּגעריסן.

— כעווירע, פֿאָרזיכטיק.

די קאָמיוניסטן האָבן, קען מען זאָגן, צום ערשטן מאָל באַוויזן, ווי מען נוצט אויס אין דער פּראַקטיק די איבונגען פֿון פֿיזקולטור. אײנער אַפֿן צווײטן, דער צווײטער אַפֿן דריטן און אײנער האָט שוין באַ־וויזן אין כײדער צו זײן, ווו די קלײנוואַרג האָבן אים באַטראַכט נאָר מיט גרויס דערכבֿערײַ. באַלד איז אַרויף דער צווײטער יאַט, דער דריטער.

— נו, יאַטן, קומט אַקאָרשט אַהער, דערצײלט אונדז, מיט וואָס באַשעפֿטיקן זיך אײערע עלטערן. לאָמיר אָנהויבן קעסײדער.

— וואָס טוט דײן טאַטע?

— אַ שוסטער.

— און דײנער?

— אַ סטאָלער

— און דײנער?

— אַ שנײדער.

— און דײנער?

— אַ בלעכער.

— און דײנער?

— אַ פֿאַרבער.

— און דײנער?

— אַ וואַסער־פֿירער.

— און דײנער?

— אַ שוימער.

— און דײנער?

— דער טאַטע געשטאָרבן.

— וואָס טוט די מאַמע?

— די מאַמע וואַשט בריקן, שווענקט גרעט און קנעט דײזשעס.

— אָהאָ! איז זי דאָך אַ בורזשויקע.

— מײן מאַמע איז אַ פּראָלעטאַריאַט, האָט געפּרוווט ראַ־טעווען דאָס ייִנגעלע זײן מאַמען.

און אַ ווײלע אַרום איז אונטערגעגאַנגען דער פֿאַרוואַלטער פֿון בילד־אָפּטײלונג מיט נאָך 3—2 גאַסיקע אַרבעטער.

— איך בעט פֿאַרפֿיקסירן, אַז אין כײדער האָבן מיר גע־טראָפֿן אַלץ אַרבעטער־קינדער. קײן אײן קינד פֿון פֿאַרמעגלעכע על־טערן, האָט ער געזאָגט.

מען האָט צוגעשטעלט די טרעפּ.

— איר, קאַלמען, קענט גײן, האָט דער פֿאַרוואַלטער געזאָגט.

די קינדער האָבן געשוויגן און האָבן באַגלײט מיט מיטלײד דעם רעבן זײערן, וועלכער האָט שווײַגנדיק מיט רויטע פֿלעקן אין פּאָנים די שאַלקע פֿאַרלאָזן.

האָט דער פֿאַרוואַלטער זיך צוגעזעצט, און די פּענסנע פֿון נאָז אַראָפּגענומען.

— און מיט מיר וואָס וועט זײן? האָט געפֿרעגט דער אַלמאָ־נעס ייִנגעלע.

— וואָס ווילסטו זאָל זײן מיט דיר?

— איך האָב אײך אײנמאָל געזאָגט, אַז מײן מאַמע איז אַ פּראָלעטאַריאַט.

— ווילסטו, מען זאָל דיך צונעמען אין שול?

איינער פֿון די פּיוקילטורניקעס האָט דעם יאַטל אַ כאַפּ געטאָן אונטער די אָרעמס, נאָר דאָס יינגעלע האָט זיך פֿלינק אַרויסגעגליטשט פֿון זיינע הענט.

— איר ווילט, קינדער, אַ קוק טאָן די שול, די יידישע און דערנאָך גיין אַהיים?

דער גאַנצער כיידער האָט איינגעשטימט.

— איז צושטעלט זיך פּאָרווייז.

זיינען די קאָמיוניסטן מיטן גאַנצן כיידער אַפֿן גאַס אַרויס.

ווייבער האָבן זיך אין קופּקעס געקליבן. קרעמער און טאַלעס און טפֿילען האָבן פֿון די פֿענצטער פֿון יונגן מיניען אַרויסגעקוקט.

— אָ־אָ—קאָנטאָניסטן, האָבן דאַוונער די טפֿילע מאַפּסיק געווען און געריפֿן די איבערינקע צום פֿענצטער.

און די קאָמיסאַריכע אין נייע געלע שיך אַף הויכע קנאַפּל און אין אַ גרינגער ציצענער רעפֿאָרם האָט אין די קראָמען אָנגעזאָגט אַלעמען:

— קאַלמענען מיטן גאַנצן כיידער אַרעסטירט און אין טפּיסע אָפּגעפֿירט.

— די קינדער אויך?

— זיי זאָגן — אַלעמען!..

פּ. גלאַדקאָוו.

# צעמענט*).

## אַרבעטער־בלוט.

טעג האָבן געברענט ניט פֿון זון, דער הימל האָט אויסגעזען, ווי אַ שמויסענער און אין ברוסט האָט אויסגעפֿעלט לופֿט. די שטאָט אין די בערג, און די מענטשן, און די האַפֿנס האָבן געשמיסן מיט ווינט אין די אויגן און געקייקלט זיך אין שטיינערנעם ווירבל.

נאָר אין האַרצן האָבן זיך געבאָמבלט טעג, און האַרץ האָט געפּלאַטערט מיט רויטן לייוונט. מיט אַ פֿאַריסענעם „שלעם“ איז אומגעלאָפֿן גלעב אין פּראָפֿראַט, אין פּאַרטקאָם (טייקעף זאָל מען צונויפֿרופֿן אַן אַלשטאָטישע פּאַרטיי־פֿאַרזאַמלונג!), אין „אויטשפּראָפּסאָוש“ (כאַווייריס, מע דאַרף שטופּן דאָס צושטעלן פֿון ציסטערנעס צום נאַפֿט־איבערגוס!), אין זאַוואָד־פֿאַרוואַלטונג, און די מאַשין־קאָרפּוסן פֿון זאַוואָד — דאָרט איז ברינזע, דאָרט וואַרטן דיזעל־מאָטאָרן גרייטע צו אַרבעט.

זשידקי האָט געשעפּט לופֿט מיט די נאָזלעכער און געקלאַפּט אים איבערן פּלייצע.

— טשומאַליטש, זאָל דיך כאַפּן דער רוח! שפּאַן איין דיין קויעך אָנשטאָט אַ מאַשין אין זאַוואָד, קענסט אים צעווינען אַף הונדערט פּראָצענט! מע דאַרף דיך קאָמאַנדירן קיין אייראָפּע, זאָלסט דאָרטן אַ שטורעם טאָן...

— מע קען אויינס! מיר דעקן אייראָפּע אין באַסטאַ...

און באַ גלעבן פֿלעגן זיך אָנבלאָזן די נאָזלעכער פֿון אויפֿרעגונג.

געלאָפֿן צו לוכאַווע. נאָר, ווי געוויינטלעך, איז לוכאַווע קיינמאָל ניט געווען אין פּראָפֿראַט: ער האָט ניט געקענט זיצן אין די ווענט פֿון פּראָפֿראַט־צימער. יעדן טאָג, פֿון אינדערפֿרי ביז באַנאַכט, איז ער אַרומגעלאָפֿן איבער די פֿאַרייניען, איבער די אונטערנעמונגען. באַלד אַפֿן אָרט פֿלעגט ער פֿאַנאַנדערפֿרעגן וועגן אַלע קלייניקייטן פֿון דער פּראָדוקציע און וועגן לעבן פֿון די אַרבעטער, פֿלעגט איינאָרדענען עקסטרע־זיצונגען, אויסגלייכן קאָנפֿליקטן, געקנאַקט אין דער מאַמען אַריין, געדעקט אַף וואָס די וועלט שטייט די פֿוילע און פֿאַרשריבן אַפֿן רויטן טאָוול די אַרבעט־העלדן. אַליין אַרומגעלאָפֿן איבער די אָנשטאַלטן, פֿאַבריקן און זאַוואָדן, איבער די ווירטשאַפֿט־אָרגאַנען, דערנערונג־אָרגאַנען, פֿלעגט אויפֿקלאַפּן ווי מיט פּוך די פּאַפּירן, באַפֿוילן, פֿאָדערן, באַגייסטערן, פֿלעגט אָנטרייבן אין אייַמע און אַרויסרופֿן פֿאַרוואונדערונג. ער איז קיינמאָל ניט געווען אויסגעמאַטערט, ניט געוווסט פֿון איבערגעמידקייט, נאָר אין די אויגן האָבן שטענדיק, ניט אויסלעשנדיק זיך, געברענט פֿיבער־פֿייערלעך.

אָט מיט וואָס ער האָט זיך איינגעבאַקן אין די נעשאָמעס פֿון די אַרבעטער.

גלעב האָט איבערגעלאָזן צעטעלעך:

— אַ שטורם טאָן דעם „אויטשפּראָפּסאָוש“.

— צוקוועטשן דעם סאָוונאַרכאָז פֿאַר סאַבאָטאַזש און פֿאַרציעניש.

— אַ קלאַפּ טאָן איבער די קעפּ דעם זאַווקאָם פֿון נאַפֿט־איבערגוס.

און לוכאַווע איז מיט פֿונקען פֿון בראָנזן־הויט, מיט פֿייער פֿון אויגן געלאָפֿן אַהער און אַהין, און זיינע האָר האָבן פֿונווייטנס געפֿלאַקערט מיט שוואַרצע פֿלאַמען־צינגער.

אַפֿן זאַוואָד זיינען די עלעקטרע־מאָנטיאָרן צוגעטראָטן צו דער אַרבעט איבערצורעמאָנטירן די עלעקטריע־סיסטעם. אין די אַרבעטער־דירעס האָט מען אַריינגעדרייט לעמפּעלעך (פֿון די זאַוואָדישע אויצרעס), און זייערע גלעזלעך האָבן געגלאַנצט מיט אַ קיילעכדיקן שמייכל פֿון אָפּגעשפּיגלטע פֿענצטער, און מיט זיי צוזאַמען האָבן אויך צוריק געשמייכלט ווייבער, קינדער, און דער הונגעריקער שטויב איז צעגאַנגען אַף די פּנימער פֿון די אַרבעטער אין דעם פֿאַרגעפֿיל פֿון גרויסע ענדערונגען.

אין דעם שלאָסער־צעך האָט מען ניט געפֿאַרטיקט קיין צינדמאַשינקעס. דאָרט איז געגאַנגען אַן אַנדער אַרבעט: אינם ווירבל פֿון אייזן בראַזשג, פֿייף, גערויש און געקלונג האָבן ווידער אויפֿגעלעבט די מאַשינען. פֿונם צעך צו די מאַשין־קאָרפּוסן און ווידער איבערן הויף קיין צעך, האָבן, אין בלויע העמדלעך מיט אַ מעש־אַפּשיין, איינער

*) מיר גיבן דאָ איניקע קאַפּיטלען פֿונם ראָמאַן „צעמענט“, וואָס האָט אַרויסגערופֿן אַ גרויסן אינטערעס אין דער רוסישער ליטעראַטור.

קענן צווייטן געשפּאַנט אַרבעטער. ניט געווען זיינען בלויז לאָשאַקעס און הראָמאַדע: זיי האָבן געהאַט אַן אַנדער זאָרג — זאַווקאָם.

און אין זאַווקאָם, אין קעלער, אונטער דער זאַוואָד־פּראַוואַלטונג, אין צימערן אָנגעזאַפּטע מיט צעמענט און טאַבאַק, האָט זיך געשטויסן אַן אוילעם — געטופּעט מיט די באָטעס — פון זאַווקאָם קיין זאַווקאָם, פון טיר צו טיר, און די שויבן און די ווענט האָבן געציטערט פון געשרייען און פונם אָקסן־געלעכטער.

...זאַווקאָם. פאַרגרעסערטע פּאַיקעס, אַרבעט־צעטיילונג. ברעמסבערג. מעטאַלישער ווירבל אין שלאָסער־צעך. שיטערע באַהייצונג. מאָרגן איז שוין די דינאַמאָ אין דער אַרבעט, און באַנאַכט וועט דער זאַוואָד עפענען די אויגן...

גלעב (ער איז באַפולמעכטיקטער פון די אַרבעטער בא דער זאַוואָד־פּאַרוואַלטונג) איז אומגעלאָפן, געשפּריצט מיט שוויס־טראָפּנס, געקוואָלן, אַליין געכאַפּט זיך פאַר די אינסטרומענטן, געשניטן, געזעגט, געבוירעט און האָט ניט געקאָנט איבעריאָגן זיין אייגן האַריץ.

פלעגט ער אָפּט אַריינלויפן צו ברינזען, און ברינזע פלעגט אים באַגעגענען מיט געשרייען איבער דער גאַנצער מאַשין־אָפּטיילונג:

— האָ, האָ, קאָמאַנדאַרם!.. עס גייט... די מאַשינען זיינען שוין לאַנג פאַרטיק... באַהייצונג, באַהייצונג, קאַמאַנדאַרם!... נאָר באַהייצונג — און מער גאָרניט... קוים ביסטו שוין אַרויסגעשפּרונגען פון דיין געהענעם, וועלן מיר שוין דרייען דאָס רעדל — איך האָב דאָס טאַקע געוווסט... דיין מויעך איז פונקט אַזאַ מאַשין, ווי מיינע דיזעלן. באַהייצונג, נאַפט און בענזין!.... נאָר באַהייצונג... אויב דו וועסט זי ניט קריגן פאַר די נאָענטסטע צוויי טעג, וועל איך זיך אויפרייסן צוזאַמען מיט די דיזעלן... און ווען עס וועט מיך אַ הויב טאָן אין דער לופטן, וועל איך דיך מיטשלעפּן פאַר די פיס...

און צווישן די מאַשינען האָבן געניִשטערט און געפּאָרקעט זיך, געלעכערט און געקלונגען מיט מעטאַל. זייערע מיטהעלפער, ענלעכע אַף אים, עך האָט אונטערגעוווּנקען און געשאָקלט צו זייער זייט מיט דער קעפּקע און פריידיק געשטשירעט די ציין.

— זעסט? די לעצטע האָבן אַן אַרבעט געטאָן מיט אַלע אייוורים. ס'זיינען פאַרגעסן געוואָרן, ברודערל, די ליידיקגייערייִ און הונקעניש פון יענע יאָרן... אָט וואָס עס הייסט קראַפט פון מאַשינען. ביזוואַנען עס לעבן די מאַשינען — קען מען פון זיי ניט אַנטלויפן ערגעץ ניט... די בענקעניש נאָך דער מאַשין איז שטאַרקער פון דער בענקעניש נאָך אַ געליבטער...

און ווידער צעשרייען זיך איבערן גאַנצן קאָרפּוס, ווי אַ דולער:

— באַהייצונג, באַהייצונג!.. צען ציסטערנעס!... פאַרן ערשטן מאָל — וועט קלעקן. צען ציסטערנעס... אָדער איך וועל דיר צערייבן אַף אַש, קאָמאַנדאַרם...

צוזאַמען מיטן אינזשענער קלייסט, מיט די טעכניקער און מיט די שטיינהעקער האָט מען געשפּאַנט איבער די שפּאַלטן, איבער די אַרבעט־פּלעצער באַוואַקסענע מיט גראָז. אַ לייטישער, שווייגעוודיקער, מיט איינגעפאַלענע אויגן, האָט דער אינזשענער קלייסט געפאָרשט די אַלטע ברעמסבערגן. צוויי טעכניקער זיינען נאָך דער געוואָינהייט נאָך פון די אַמאָליקע יאָרן געגאַנגען אַף צוויי טריט הינטער דעם אינזשענער קלייסט און געוואָרפן זיך צו אים מיט אַ קנעכטישער גרייטקייט אָפן ערשטן שטומען שאָקל פון זיין קאָפּ. ער האָט ניט געקוקט אַף גלעבן, אַזוי ווי ער וואָלט אים ניט באַמערקן לעבן זיך, נאָר גלעב האָט געוווּסט, אַז דער אינזשענער קלייסט ווייסט נאָר אים און נאָר זיין קראַפט טראָגט ער אַף די אייגענע קאָפּ און פּלייצעס. און, ווען ער האָט גערעדט מיט די טעכניקער, האָט גלעב געשפּירט, אַז ער רעדט נאָר מיט אים, מיט גלעבן, און נאָר פון אים האָט ער געוואַרט אַף אַ וואָרט, וועלכן ער האָט ניט געקענט בייקומען.

מע האָט באַשטימט: פאַריכטן די מאַגיסטראַל און פון דעם אויבערשטן פּלאַץ דורכוויס אויפהויבן אַ ליניע פון ברעמסבערג ביז איבערן באַרג־ראַנד אַף דער הויך פון 800 מעטער.

און איינמאָל אין זיין קאַבינעט (די פענצטער זיינען שוין געווען אָפן אַף ביידע זייטן), האָט דער אינזשענער קלייסט נאָך דער אַרבעט איבער מאַטעריעלע סמעטעס געזאָגט:

— אויב ס'וועט זיין אַ גאַראַנטיע, אַז די סמעטעס וועלן זיין אינגאַנצן דורכגעפירט און אַרבעט־הענט וועלן זיין געזיכערט, דעמאָלט וועלן מיר קענען מיט דערפאָלג דורכפירן די אַרבעט אין מעשעך פון אַ כוידעש צייט.

גלעב האָט זיך צוגעבויגן צו זיין פּאָנים און האָט שווער אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער האַנט איבער די פּאַפּירן.

— כאַוועך טעכנישער אָנפירער, די אַרבעט דאַרף זיין אויסגעפירט אין פיר אַרבעט־טעג. פינף טויזנט אַרבעטער צו אייער דינסט. מאַטעריאַלן לויט דער ערשטער פאָדערונג דורך דער זאַוואָד־פאַרוואַלטונג. וועט זיין אַ סאַבאָטאַזש, וועל איך רייסן אַף שטיקער: ניט אַזעלכע באַסטיליעס האָבן מיר געריסן. ניט קיין כוידעש, נאָר פיר טעג, כאַוועך טעכנישער אָנפירער. דאָס שלאָגט זיך איין פעסט אין קאָפּ און פאַרקריצט זיך אין זיקאָרן.

דער אינזשענער קלייסט האָט אַף אים שאַרף אַ קוק געגעבן און צום ערשטן מאָל בלייך אַ שמייכל געטאָן.

דער באָנדער־צעך איז איצטער — פּאָשעט אַ אומגיציקע שטאַל: דער גלעזערנער דאַך איז צעשלאָגן פון שטיינער — קינדער שטיפעריי. אַף די ראַמען, אַף די גאַניץ־פאַרבליבענע שויבן, ליגן שטעקלעך, צעבראָכענע צוואַנגען, אָפּצווייגעס און ענלעכע שמאַטעס. און די וואַרשטאַטן, די טראַנסמיסיעס, די דיסקן פון די פאַרשפּיצטע זעגן זיינען אין אַ זשאַווער־הייטל, באַדעקט מיט פּראָסט־שטויב — דער שטויב פון די בערג און שאָסיי, דאָס איז די אַרבעט פונם קאָבריען־ווינט. און אומעטום אַ בלוי־פאַרנעפּלטער שיין: ניט דערפאַר דען זיינען די וואַרשטאַטן, זעגן, די ניט פאַרענדיקטע פעסער מיט דריי יאָר צוריק געווען בלוי און דורכזיכטיק, ווי אייז?

אויך אַהער איז פאַרלאָפן גלעב, אָפּגעשטעלט זיך באַם אַריינגאַנג. אַמאָל האָבן דאָ נאָלדענע סטרוזשקעס, געברענט מיט פייערדיקע פּאַסן, און באַגדאַרן נופּע, און סטרוזשקעס און אין פונקען פון פּאַלאַווינעס, זיינען געווען שיקער און פריילעך פונם ווייןרייעך פונם האָלץ און פונם סירענען געזאַנג פון די זעגן.

ווייטער איז גלעב ניט געגאַנגען: מע קען דאָ פאַרפירן דעם מאָרך. וועט זיין אַ טאָג — וועט קומען די ריי אויך פאַר דעם דאָזיקן אָרט: ווידער וועלן אויפשיינען סטרוזשקעס, ווידער וועלן פליען שפּריצן פון פּאַלאַווינעס, ווידער וועלן זעגן דערמאָנען זיך אָן זייערע יונגע לידער....

זשוק — קאַראַיל. שוין ניט יענער זשוק — אַ לײַדיקגייער, אַ נאָכשפּירער, אַ ליגן, אַ טומלער, — פֿאַר גלעבן איז געשטאַנען אַן אָנגעגאָסענער מיט דראָנג זעלנער, און ווען צו אים איז צוגעגאַנגען גלעב, האָט ער ניט געקרימט זיך, ווי שטענדיק, נאָר פֿעסט געהאַלטן דעם ביקס צווישן די שפּיצן פֿון די שיך. פֿון די אָפֿענע טירן, פֿון אַ הויז מיט שפּיגל־פֿענצטער, האָבן זיך געטראָגן היסטערישע אויסגעשרייען פֿון אַ פֿרוי.

— ווער אַרבעט דאָ, זשוק?

— מיר נישטערן אַף וואָס די וועלט שטייט, ברודערל... הערסט, ווי ס'האָט זיך צעשאַכמערט אַ יענטע!... סאַווטשוק, דיין ווייבל און צוויי טשעקיסטן אַרבעטן דאָרט. פֿלי צו זיי — טו אַ קוק, ווי מע צעליינט די בורזשואזיע... צוויי און צוואַנציק קלעפּ!... אין אַ גלעזערנעם קאָרידאָר, אין באַגינען־טונקלקייט איז געשטאַנען אַ רויטאַרמייער מיט אַ ביקס, און אין דער אָפֿענער טיר, אין גרויסע שטיקער שאָטנס, האָט מען געזען, ווי אַף אַ דיוואַן האָט זיך געדרייט אַ צעפּודלטע פֿרוי, געקלאָגט און געבראָכן מיט די הענט.

ס'האָט געריסן זיך אַ שווערע אייליקע אַרבעט: פֿאַלנדיק האָט געקנאַקט דאָס מעבל, געשוואָלענערהייט זיינען געפֿלויגן אָנגעשטאָפּטע פּעק, ס'האָבן געטופּעט און געגרילצט באַטעס...

גלעב איז נאָך דער מיליטער־געוואָנהייט אַריין דרייסט — ער האָט דער לעצטער צעטראָטן מיט זיינע באַטעס די קולטורעלע היימלעכקייט. ער האָט ניט אַ קוק געטאָן אַף דער פֿרוי, וועלכע איז געלעגן אַפֿן דיוואַן. און זי — אַ האַלב אויסגעטאָנענע מיט אַ פּאָנים פֿון ראָשטשינע, האָט זי מיט שרעק געקוקט אַף די מענטשן מיט ביקסן און אַף יענע, וואָס האָבן געבוידעקט די קאָמאָדן, גאַרדעראָבעס און קעסטלעך. קענטיק, אַז זי האָט ניט געפֿילט לעבן זיך איר קליינינקע מיידעלע, וואָס האָט מיט גיינער אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן אַף די פֿרעמדע פּעטערס, וואָס זיינען אַזוי פּלוצים און הילכיק אַריינגעפֿאַלן פֿון דער נאַכט.

אַ מענטש אין שלייקעס און שטעקשיך מיט גאָלדענע פּענסנע אַפֿן נאָז, מיט אַ לאַנגער באָרד, איז געשטאַנען פֿאַרלאָרן, נאָר פֿאַריינזאַמט־לייטיש, באַ דעם גרויסן שרייבטיש און מיט אַ ציטעריקן שמייכל געקייעטשט מיט די פּלייצעס.

דאַשע, האָט מיט אַ געניטער האַנט, ווי אַ באַלעבאָסטע, וואָרנפֿיל און באַטראַכטערהייט אָפּגעקליבן אַלצדינג, וואָס זי האָט געפֿונען פֿאַר אַמערסט נייטיקער, פֿון וועש, קליידער און שטוב־זאַכן, און זי האָט עס אויפֿגעלייגט אַף די פֿאַרשפּרייטע ליילעכער און אין די וועגקערב.

— דאָס — פֿאַר די קינדער־הייזער... פֿאַר קינדערלעך... פֿאַר די הייזער פֿון מוטער און קינד... כאַ, כאַ, צייג... אָט האָבן זיי זיך אָנגעשטאָפּט מיט צייג. וויפֿל קינדער וועט מען דערמיט אָנטאָן!...

סאַווטשוק האָט ווי אַן אָקס געקייקלט אַלמערס און קאָמאָדן. זיינע פּיאַטעס האָב בלאָטיק געבליבן פֿון אָנשטרענגונג, און דער פּאָנים האָט זיך אָנגעגאָסן מיט בלוט.

— אָט, טייוולשע געשאָמעס, אָנגעפּאַקט קאַסטנס מיט אַלדאָס גוטס. אונדזערע כּאַזיירים־טרייבער האָבן געהאַקט צינד־מאַשינקעס און געריבן מיט זעקל די האָרבן. פֿרעכע מענטשן, און די דאָזיקע קאַסטנס זיינען פֿעט געוואָרן, ווילדע ווי שייער־מייז. האַ־האַ, אַזאַ קאַפּעליע —

ער האָט געוואָלט אַרויסגיין — אַרבעט, אַרבעט... נאָר ער ט'זיך אָפּגעשטעלט, און אַף די באַקן האָבן זיך צעשפּילט האַרמאָניקעס.

סאַווטשוק.

געזעסן איז ער מיטן רוקן צו גלעבן באַ זיין אַלטן וואַרשטאַט, האָט אים באַטראַכט, געשפּילט זיך מיט זיין פֿוס מיטן וואַרשטאַט, האָט געפּרוווט די פֿעסטקייט, געקלאַפּט מיטן פֿויסט, און ער האָט געסקריפּעט, געהוסט, ווי אַ פֿאַרלאָזטער זאָקן.

— האָ—האָ, טרייבערסט, טייוולשע געשאָמע?... אַגאַ, גלייך אויס דיינע ביינער און נאַרגערעס, אָנצייניקער!... ס'טאָך ניט פֿאַרגעסן? הערסטו?... האַ—האַ!..

אַוועקגעשפּאַנט באָרוועסערהייט צו די זעגן און געגלעט מיט דער ברייטער האַנט די אייז־דיסקן, און זיי האָבן אים אָפּגעקלונגען מיט ווייטע זיפֿצן, ווי פֿון אַ שלאָף.

דער געלעכטער האָט געקיצלט גלעבן. טייוול סאַווטשוק! א יאַט, ווי א בער, און ביין אויפֿן ניט צו פֿאַרצייען אים ניט מיט ביין, ניט מיט גוטן, נאָר דאָ, און דעמדאָזיקן פֿאַרשאָלטענעם שטאָל, פֿאַרגייט ער זיך און מורמלט, ווי א יאָלד, וואָס האָט זיך איינגעליאַפּעט אין א מויד. טייוול סאַווטשוק, ס'פּאַסט דען פֿאַר אים, פֿאַר דעם צופּודלטן, יעמענס פֿיס זיינען ווי באַ א פֿעטן פֿערד און די פֿויסטן — ווי א גאַנצע וואַגאָנעט?

און פֿאַנאַנדערלאָזן זיך האָט גלעב ניט געקענט: מע טאָר ניט שטערן סאַווטשוקן. ווען ס'דערוועקן זיך געזונטע קוילעס און גיסן זיך אָן מיט בלוט — טאָר מען ניט אַרופֿליינן קיין האַנט: דאָס איז די טיפֿסטע און וויכטיקסטע רגע אינם מענטשנס לעבן...

גלעב איז שטיל אַרויס פֿונם צעך און, ווען אים האָט ווידער אָפּגעבריט די זון, האָט ער א קלאַפּ געטאָן מיטן האַנט איבערן „שלעם“ און גענומען שטיקן זיך פֿאַר געלעכטער.

— פֿאַרברענט זאָלסטו ווערן, טייוול דו איינער, סאַווטשוק! באַ די ווייטן זיך צו האַלטן... פֿאַרשאָלטענער!

...באַטאָג, ווען די שטיינער און רעלסן האָבן זיך צעלאָזן אַף דער זון, און דער לידיקער זאַוואָד האָט געציטערט אינם פֿייער פֿון די זון־כוואַליעס, — האָט א לאָקאָמאָטיוו מיט בויך־זיפֿצן, וואַרפֿנדיק צום הימל הויפֿנס פּאַרע, געשטופּט צום זאַוואָד א לאַנגע קייט פֿון ציסטערנעס פֿילינקע מיט בענזין און נאַפֿט. אַנטקעגן, פֿון די טויערן, זיינען אַרבעטער אין לאַנגע העמדלעך אַרויסגעגאַנגען פֿילדרנדיק און מאַכנדיק מיט די הענט.

## גינציקע הענט.

ביז פֿאַרטאָג איז גלעב אומגעגאַנגען איבער די דירעס און אַליין אָנגעפֿירט מיט דער אַרבעט פֿון אָטריאַד. איבער די נאַסן, אָפֿן ברוק, זיינען געשטאַנען מיט ביקסן אַף די אַקסלען שאַרפֿאויגיקע שטומע פֿיגורן פֿון אַרבעטער. אין נאַסן, פֿאַרשרומפּענע אין זיך און אין פֿינצטערניש, האָט דער רויש פֿון שווערע באַטעס געדיכטער געמאַכט די נאַכט און אימע. און פֿון הימל האָט שוין די לופֿט געשטויבט זיך מיט א בלויען באַגינען, און די שטערן האָבן נאָענט געציטערט מיט א פֿרילינג־טריף.

ניט קיין טראַלאַלאַיקע, נאָר אַ האַפּן־באַרזשע (ער האָט געקײַקלט אַ ראָיאַל): ווער זשע זאָל אַף איר טראַלאַלאַיקען, אויב ניט קיין אָקסן?..

סערגיי איז געשטאַנען מיט אַ ביקס אין די הענט און ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן. און אָט דעם הויז פֿלעגט ער זײַן אַמאָל, אין זײַנע יוגנט־טעג, טשירסקי — איז אַ באַוווּסטער אַדוואָקאַט. אין די אַמאָליקע יאָרן איז ער געווען באַפֿרײַנדעט מיט זײַן טאַטן, אַ סאָציאַליסט, אַ מיטגליד פֿון דער מעלוכע־דומע און אַלע אירע באַשטאַנדן, אַ מיטגליד פֿון דער גרינדונג־פֿאַרזאַמלונג לויטן צעטל № 7..

סערגיי האָט ניט געקוקט אַף אים און געקעמפֿט אין זיך מיט דער איפּרעגונג: ער האָט מוירע געהאַט: פּלוצים וועט צו אים צוגיין טשירסקי, וועט אים אויסשטרעקן אַ האַנט און וועט מיט אים נעמען ריידן ווי מיט אַ נאָענטן מענטשן. ער האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער דערקענט אים ניט, און ביז ווייטיק פֿאַרבײַסנדיק די ציין, האָט ער געזען צו זײַן פּעסט, — זײַן אַזעלכער, ווי די כאַווייריִם, נאָר ער האָט געפֿילט, אַז זײַנע פּיס ציטערן בײַ אים און דעם פֿאָרגעפֿיל פֿון דעם באַלדיקן סקאַנדאַל.

און דאָס, וואָס ער האָט געהאַלטן פֿאַר שרעקלעך, איז געשען פּאָשעט און אומבאַמערקט. טשירסקי האָט אַף אים אָן אויפֿהער געקוקט און געקרימט דאָס מויל אין אַ שפּאָט־שמייכעלע, — געקוקט און אַליין געזוכט דעם מאָמענט, ווי צו פֿאַרטשעפּען אים מיט אַ וואָרט.

— סערגיי איוואַניטש, און איר פֿאַרנעמט זיך אויך מיט אַזעלכע אומנוציקע זאַכן, ווי דערדאָזיקער אָנפּאַל? אַף אונדזערער און אויך אַף אײַער שפּראַך האָט עס אַמאָל געהייסן גזילע. פֿונדאַנען וועט איר, קענטיק, גיין צו אײַער טאַטן, איוואַן אַרסעניטשן, און דאָרט וועט איר אויך מאַכן אַן ענלעכע אָפּעראַציע. דאָרט וועט איר, ווי עס פּאַסט, איבערלאָזן אײַער טאַטקעלע אַביסל מער, ווי דאָ. דאָ רייסט איר אַראָפּ די לעצטע גאַטקעס. צי גאַראַנטירט איר ניט פֿאַר זיך די אומבאַרירלעכקייט פֿון יערושע? ס'קען זײַן, אויך דאָ, און זכוּס פֿון דער אַלטער פֿרײַנטשאַפֿט, וועט איר עפּשער טאָן אַ טויווע?

און די פֿרוי, איבערײַסנדיק איר געוויין, האָט צו אים אויסגעצויגן די הענט און איבער אירע באַקן זײַנען פֿינקלענדיק געקראָכן טרערן און געציטערט אַף די קישעלעך פֿון איר דאַרן קין.

— סערגיי איוואַניטש... טײַבעלע!... איר ווייט דאָך געווען אַמאָל מיט אונדז נאָענט... וואָס טוט איר?.. צי דען ווייט איר דאָס, סערגיי איוואַניטש?..

ווילנדיק זײַן ניט אויפֿגערעגט און שטרענג, האָט סערגיי מיט אַ קנאַק פֿאַרקלאַמערט אין די הענט דעם ביקס און שאַרף, מיט אַ קלונג אין מוילעך, געזאָגט, קוקנדיק פֿאַרבײַ טשירסקין:

— יאָ, מײַן טאַטע וועט אויך אויסשטיין דאָסזעלבע, וואָס איר. אויך אַזוי, ווי איר, וועט ער ווערן אַרויסגעזעצט פֿון הויז און וועט זיך אין אים מער ניט אומקערן.

און ווען ער האָט געזאָגט די דאָזיקע ווערטער, איז אים פּלוצים געוואָרן לײַכט, און דער מענטש, וואָס איז געשטאַנען בײַם טיש האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר לעכערלעך אין זײַן פֿריערדיקער נאַיווע און לײַטישקייט.

— אַזוי, אַזוי... איר האָט זיך אויסגעלערנט זײַן ווי געהעריק איז בײַז... איך באַגריס!...

סאַווטשוק האָט געסאָפּעט און געבורטשעט. ער האָט אַרויסגעטראָגן פֿון שלאָף־צימער בעטגעוואַנט, פּעק קליידער, און געוואָרפֿן אַפֿן דיל. ער האָט אויסגעווישט דעם שווייס און ווי אַ וואָלף געקוקט אַף די מענטשן און זאַכן.

— אָט, טײַוולשע געשעמעס. וויפֿל מע האָט דאָס אָנגעפּאַקט!.. דאָס איז אַן אַרבעט, נאָך ערגער, ווי אין באָנדער־צעך.. זאָל עס פֿאַרברענט ווערן, שוין גלײַכער צו אַרבעטן אַפֿן ברעמסבערג...

דאַשע איז צוגעגאַנגען צו גלעבן און זאַכלעך געמאָלדן:

— אַליין ווערט איבערגעשריבן, גלעב... אַרויסגעקריגן אַליין, וואָס מע דאַרף... פֿון וועש און קליידונג איז איבערגעלאָזן געוואָרן צו איין פּאָר... איך רעכן צונעמען די בילדער, אויך די איבעריקע זעלטנהייטן: זײַגערס, געפֿעס, שפּילצייג, ביכער (פֿע, דידאָזיקע ביכער, איז פּונקט ווי דאַכלקעס אַף אַ דאַך). די ביכער וועלן מיר איבערפֿירן פֿאַרכאַסמענען פֿאַרן בילדונג־אָפּטייל. און אַליין, און דעמדאָזיקן ראָיאַל — פֿאַר די קינדער־הײַזער און קלובן.

גלעב איז געוואָרן קאַלט און קאָמאַנדירט אײַנגעהאַלטן.

— אנו, גוט. אַלעס איבעריקע, כוץ וועש, איבערלאָזן אַף אָן אָרט. אַ קאַראַול פֿון צוויי מענטשן. ענדיקט.

— אַזוי, און איך האָב אויך דאָסזעלבע געטראַכט. מיר וואַרטן אַף פֿורן.

און זי איז אָפּגעגאַנגען מיט אַ פּאָנים פֿון אַ שטרענגער באַלעבאָסטע.

אינם אויסגעשטערנטן באַגינען האָבן זיך געבלויט הײַזער. פֿון די בערג האָבן זיך הורדעסווײַז געקײַקלט נעפּל־קנוילן און איבערן אויסגוס האָט זיך געריווכערט אַ פֿיאָלעטע טונקלקייט. די פֿרימאָרגנדיקע שפּערלינגען האָבן זיך שוין צעגאַנגען, און אין דער שטאָל־כאַשכעס פֿון בערג, נאָר ווייט און גאָר נאָענט האָבן געבלאָנדושעט, געלאָשן זיך און ווידער אָנגעצונדן זיך געהיימניספֿולע פֿאַקעלן.

אַף דער אויבערשטער גאַס זײַנען גלעבן אַנטקעגן אָנגעקומען מיט אַן אָפּגעמאָסטענעם טראָט, אין אַ שטעליקער באַרשט פֿון שפּיזן, אין ענגע רייען רויטאַרמייער. געגאַנגען זײַנען זיי, קענטיק, אין אַסאַך קאָלאָנעס: אומעטום האָט געטראָגן זיך אַ רויש פֿון באַוועגונג: — איבערן שטאָט, איבער די הײַזער און איבער די שטיינער פֿון ברוק. מיט אַ קרישטאָלענעם ווידערקאָל האָבן זיך געקײַקלט פֿורן.

רויטאַרמייַ, שלאַכט, ברענענדיקע אַרבעט... דאָס איז דאָך געווען אַזוי ניט לאַנג! אײַנענע רייען. גלעבס „שלעם" האָט זיך ניט אָפּגעקילט פֿונם פֿײַער און פֿון די שלאַכטן. זיי גייען, און די שפּיזן קלינגען איבערפֿלעכטנדיק זיך אין אַ גראַדער באַוועגונג. זיי גייען, און ער איז דאָ. אָט איז ער. פֿאַרוואָס איז ער דאָ, בעשאַס זײַן אָרט איז ניט פֿאַרנומען אין די דאָזיקע רייען? אַ מיליטקאָם פֿון פּאָלק. דער „שלעם" ברענט דעם קאָפּ מיט נאָך ניט אָפּגעקילטן היץ פֿון שלאַכט־פֿײַער.

מיט אַ ברייטן שפּאַן, קוים כאַפּנדיק דעם אָטעם פֿון איפּרעגונג, האָט ער געאײַלט, צו די אָנגעשפּיזטע רייען, קעדיי באַהעפֿטן זיך מיט זייער פּעסטן, שלאַנקן שטראָם און באַגריסן זיי, ווי אַ רויטער זעלנער. נאָר די רייען האָבן צעריסן און פֿאַרלאָרן זיך הינטערן ראָג, און נאָך צוויי רויטאַרמייער אײַנער נאָכן אַנדערן, שווײַגנדיק, באָמבלענדיק מיט די זעקלעך און באַוועגנדיק זיך מיט די ביקסן, האָבן געאײַלט אָנצויאָגן די כאַוויירים.

# אַפן קערפּונקט.

ווידער זײַנען אָנגעקומען רויִקע אײַנגעשפּאַרטע טעג פֿון ווירטשאַפֿטלעכע דאגעס און וואָכעדיקער אומבאַמערקבאַרער אַרבעט אין די אָפּטײלן, אָרגאַניזאַציעס און אַפֿן זאַוואָד. און די דאָזיקע טעג זײַנען געווען פּונקט אַזעלכע ווי יענע, וואָס בײַן אויפֿשטאַנד פֿון די ווײַס־גרינע און פֿון די קאָזאַקישע טײלן — ווידער האָבן זיך די קאַנצעליאַריעס צערוישט מיט פּאַפּירן, ווידער — זיצונגען און אויספֿירקאָס, און פּראָפֿאַרײַנען־ראַט, אין „עקאָסאָ", אינם טשאַדערדיקן טאַבאַק־רויך, מיט פּאַפּיראָסן־ברעקלעך אַפֿן דיל, מיט אומפֿאַרלעכע וויקוכים, רעזאָלוציעס און פּלענער. נאָר באַנאַכט האָבן זיך שוין ניט געזען די וואַלגערנדיק־אַלאַמירנדיקע פֿאַקעלן אין די בערג. שאַבעס פֿלעגט מען אַרײַנפֿירן אין שטאָט דאָרפֿישע פּראָדוקטן — בולבעס, מעל, גרינס, אײער און אויפֿעס. פֿורן פֿלעגן פֿאַרשטעלן דעם גאַנצן מאַרק־פּלאַץ פֿונם פֿאַרשטאָט, און אין דער לופֿט האָט זיס־ווײַרלעך פֿאַרשמעקט מיט פֿערדישן שווײס, מיסט און ערד־זאַפֿט. און די באַזן־שפּאַלטן, איבער וועלכע ס'איז פֿריִער ניט געווען קיין דורכגאַנג, ניט פֿאַר קיין פֿוסגײער און ניט פֿאַר קיין רײַטער, האָבן זיך געעפֿנט פֿרײַע, וואַלדישע וועגן מיט מאַכנעס פֿוסגײער, מיט אַ פֿורן־סקריפּ, און מיט אַ שלעפֿעריקער ליד פֿון ערדאַרבעטער.

און ווידער זײַנען שטאָטישע באַלעבעסלעך און געשעפֿטמענטשן און גימנאַסטיאָרקעס, און פֿרענטשן, און לעדער, מיט פּאָרטפֿעלן און אָן פּאָרטפֿעלן אַרויסגעפֿויזעט פֿון בלינדע דירעס, פֿון דער אונטערערד און די גאַסן אַרויס, און קײנער האָט ניט דערמאָנט וועגן עוואַקואַציע, וועגן דעם האַרמאַטן־דונער הינטער די בערג, וועגן די איבערגעלעבטע נאַכטישע שרעקן.

הימלדיק האָט געבליט דער יאַם אין בערנדיקע ברעגן, און איבער דער באַמברענדיקער נאַס האָבן געדערט ווענגער און מאַסעבער אויטאָמאָבילן, און אויף דעם רעיד, בײַן סאַמע האַריזאָנט האָבן זיך צעוויגט מיט שאַרפֿע פֿליגלען פֿישערשע ווײַסזעגלדיקע שיפֿלעך. און די פֿרימאָרגנס, ניט באַוווסט פֿון וואַנען, האָבן זיך באַוויזן טערקישע יאַם־שלופּקעס און זיך געהוידעט אויף די כוואַליעס.

צוגעשאַרטע מיטגלידער פֿון פּראָפֿאַרײַנען האָבן שוין באַגעגענדיק זיך ניט געשפּילט מיט די ברעמען, ניט געשושקעט זיך, ניט געטריבן בײַזע רעכילעס אויף די ראָגן, אונטער פּלויטן און אויף פּאַנעלן, נאָר האָבן זאַכלעך און הויך געשמועסט וועגן דער נײַער עקאָנאָמישער פּאָליטיק, וועגן וואַלוטע, וועגן די טערקישע יאַם־שלופּקעס און קאָנטראַבאַנדע.

אויף דער הויפּט־גאַס, בײַ די קלייטן, וועלכע האָבן פֿריִער געדינט פֿאַר שפּײַכלערס און זאַמלפּונקטן פֿון פֿאַרשיידענע ווירטשאַפֿט־אָרגאַנען, האָבן געקנאַקט גרוזאָוויקעס און וועגענער, געהירזשעט און געריסן זיך פֿערד, און די טרעגער האָבן גאַנצענע טעג געוואָלדעוועט, געזידלט זיך אין דער מאַמען אַרײַן און געקרעכצט אונטער דער מאַסע פֿון קאַסטנס, זעק און פֿעק. די הויפּט־גאַס האָט זיך געברענט אויף דער זון, געשמעקט מיט פֿרילינג־הימל, גערײַניקט זיך, ווי אַ הויז, אין דעם פֿאַרגעפֿיל פֿון נײַע ענדערונגען. אַמאָליקע יאָרן האָט זי געבליט מיט באַפּוצטע וויטרינעס, געשמעקט מיט גוט־שמעקנדיקן אָדעקאָלאָן און מיטן שאָרך פֿון שפּאַצירנדיקע פֿרויען, און אין די נעכט האָט זי געצאַפּלט אין שטראַלן פֿון עלעקטרישע רעקלאַמען. דער מאָרגנדיקער טאָג האָט זיך געטרוימט אין אַ פֿאַרברוינטן שמײַכעלע פֿון זאַפּטיקע, אָפּגעיעגנדיקע פֿאַרגאַנגענע טעג — דער מאָרגנדיקער טאָג אָן טשעקאַ, אָן אויסגעטײלטן ברויט, אָן אַ דירעס־פֿאַרענגערונג, אָן רעגיסטראַציעס און איבער־רעגיסטראַציעס, אָן פֿאַרקלעמונגען, אָן דערנערונג־קאַרטלעך און צוואַנג־אַרבעט.

ווײַבער און מידן מיט פֿאַרקאַשערטע אַרבל און קני אונטערקלײדלעך זײַנען געשטאַנען אויף די פֿענצטער און לײטערס, האָבן געוואַשן און געריבן שפּיגל־גלאָזן, און די פֿאַרלעכטערטע בלאָטע איז מיט געלע שטראָמען אַראָפּגערונען אַפֿן טראָטואַר. און פֿון די פֿינצטערע שטאַל־בײַכער בײַ די קלייטן האָט געשמעקט מיט טויכלער און פֿאַרשימלטער קעלער־קילקייט. נאָר מיט אַ לײדיקן עכאָ האָבן געקלונגען די מײדלשע לידער, פֿלעגן זײ שפּאַלטן זיך מיט אַ ראַשיקן געלעכטער און ווידערקאָל. פֿאַר די פֿאַנאַנדערגעעפֿנטע טירן און פֿענצטער האָבן זיך געשטופּט פֿאַרבײַגײער אין לאַנג, מיט אַן אומרויִקן נײַגער געקוקט אין דעם אינווייניק פֿון די קלייטן, אויף די נאַסע פֿענצטער, אויף די הויכע ווײַבערשע פֿיס. און דאָרט, ווו די פֿענצטער האָבן געשוואַרצט מיט אַ דורכזיכטיקער לערקייט, און אינווייניק האָבן געקלאַפּט העמערלעך און געטעסעט הובלס, אויף די פֿענצטער און אויף די ווענט פֿון די פֿאַסאַדן האָבן זיך אויף דער זון געשײַנט אין בלענדנדיקע קוואַדראַטן און פּאַסן ברײטע אַנשלאַגן:

„אין אַ קורצער צײַט אַרום וועט דאָ זײַן אָפֿן אַן אַרבקאָאָפּ".

„דאָ עפֿנט זיך אַ קאַפֿע".

„אוניווערסאַלער געשעפֿט פֿון „יעפּאָ".

„האַנדל־גען. פֿון מאַנופֿאַקטור".

און אויף די גלאַטע גרויע ווענט פֿון שטאָט־הויז (קאָמונווירט) — מיט אַרשין־אויסיעס:

„ווער עס אַרבעט ניט, דער עסט ניט".

„אויף די כורוועס פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט וועלן מיר אויפֿבויען אַ גרויסע געביידע פֿון קאָמוניזם".

„מיר האָבן פֿאַרלאָרן בלויז קייטן, און באַקומען די גאַנצע וועלט".

אַפֿן מאַרק־פּלאַץ האָבן זיך אויפֿגעשטעלט נײַע ביידלעך און שטעלן. דאָרט האָבן געקלאַפּט העק, ס'האָבן אויפֿגעבליצט גאָלדענע סטרוזשקעס, און אין שטאָט, איבער די גאַסן, האָט געשמעקט מיט סאָסנע־סמאָלע און מיט בוימל־פֿאַרב.

בײַ דעם בילדונג־אָפּטייל האָבן זיך פֿון אינדערפֿרי אָן ביז 4 געשטופּט לערער, מיט בלײַלעכע אָנגעשוואָלענע פּענימער. קיפּקעסווײַז זײַנען זײ געשטאַנען און געזעסן אַפֿן טראָטואַר אָדער בײַ די ווענט, מיט אַ האַכנאָעדיקער מאַכטלאָזיקייט, ווי בלינדע. אַזוי האָבן זײ געשטופּט זיך לעבן בילד־אָפּטייל יעדן טאָג אַ גאַנצן ווינטער און דעם גאַנצן כוידעש מאַרט. די שולן האָט מען פֿאַרנומען פֿאַר אַנשטאַלטן, אין די שולן האָט מען צעראַבירט די ביבליאָטעקן און די קאַבינעטן, די בענק צעהאַקט אויף באַהייצונג, און אין בילד־אָפּטייל זײַנען ניטאָ קיין געלט־צייכנס. פֿאַרוואָס זשע זאָל מען גיט זיצן און ניט וואַרטן האַכנאָעדיק אַפֿן אַרבעטלויז, וועלכן מע צאָלט ניט פֿון האַרבסט אָן?

און ווען סערגיי פֿלעגט אַרויסגײן פֿון דער קאָלעגיע־זיצונג אַפֿן גאַס, פֿלעגט ער גלײַך פֿאַרטשאַדעט ווערן און ניט קענען כאַפּן דעם אָטעם אין דעם מידעדיקן געמיש פֿון לערער־געטומל. ס'איז ניט געווען ניט קיין גאַס, ניט קיין טראָטואַר, און די לופֿט איז געווען אַ שווע־

רע, אַ נודנע פֿון עטעמען, פֿון שמוציקן קערפּער און בגדים, פֿון בלויִלעכע פּענימער און אויגן פֿאַרגאָסענע אין טרערן־געבעט און האַבנאָע. אָט די צונויפֿגעקװעטשטע אין אַ טשערנע מאַסע פּלעגט זיך צונויפֿשליסן פֿאַר אים אין אַ װײַכע ניט־דורכדרינגבאַרע געדיכטעניש — אין אַ יאָמערנדיקער, שלעפּעריש־קלעפּיקער, מיט טרוקענע צײנער און ערדפֿאַרביקע ליפּן, װי בײַ טויטע. און נאָר אײנס האָבן זײ טויב געקרעכצט און געפּליסטערט, ס׳קען זײַן באַזונדערע שטימען, און ס׳קען זײַן אַלע צוזאַמען:

— סערגײ איװאַניטש!.. סערגײ איװאַניטש!.. טײַבעלע, סערגײ איװאַניטש!.. איר זײט דאָך אַלײן אַ לערער... איר װײסט דאָך — װי קען מען אַזױ... סערגײ איװאַניטש?..

און סערגײ פֿלעגט זיך דורכקלײַבן דורך דער בעטלערישער שטופּעניש און פֿלעגט קײנעם ניט זען, ער האָט געקוקט אַראָפּ, פֿאַרבײַ אַלעמען און פֿאַרשעמט געשמײכלט. געשמײכלט און געקרענקט זיך, פֿילנדיק זיך, װי עפּעס שולדיק פֿאַר דיזאָזיקע דערשלאָגענע, האַלבטויטע מענטשן.

— איך קען גאָר ניט מאַכן, כאַװײרים... איך פֿאָדער, פּרוּװ זיך דערשלאָגן, נאָר װאָס זשע זאָל איך טאָן? איך װײס אַלײן, כאַװײרים.... כ׳קאָן גאָרניט טאָן... און װען ס׳װעט זײַן אַ מעגלעכקײט — װײס איך ניט...

ער איז געגאַנגען, געאײַלט זיך, נאָר אַלײן ניט געקענט אַרויסקלײַבן זיך פֿון אוילעם, אַלײן ניט געקענט אַנטלויפֿן פֿון דיזאָזיקע האַבנאָעדיקע, הינטישע אויגן און טויטע צײנער.

...װידער איז געװען אַ מאַסאָװער זונטיקניק. װידער האָבן װי מוראַשקעס־גירלײַאַנדעס אױפֿן ברעמסבערג געשװיבלט טױזנטער אַרבעטער, און געטראַסקעט מיט האַמערס, רידלס און לאָמען. לײַטיש אָנשפּאַרנדיק זיך אױפֿן שטעקן, האָט דער אינזשענער קלײסט װידער אַלײן אָנגעפֿירט מיט די מאַסן־אַרבעטן. און אָװנט צו האָט דער ברעמסבערג װידער צעשפּילט זיך, און די רעדער פֿון דער עלעקטרישער מאַשין האָבן צעװיגט זיך מיט אײַזערנע צײנער אין פֿאַרשײדענע ריכטונגען. און באַנאַכט האָט דער זאַװאָד װידער אױפֿגעבליצט מיט עלעקטרישע שטערנס.

די אַרבעטער פֿון „ראַילעס" האָבן פֿאַרשטאָפּט די גאַס בײַם „סאָװנאַרכאָז". אין שמאַטעס, צעפּודלטע, מיט פֿאַרעלטערטע שמוץ אױף די פּענימער, אַזױ װי נאָר װאָס געקומענע פֿון דער אַרבעט, מיט העק הינטער די גאַרטלען, האָבן זײ געשפּאַרט אױף די אַרײַנגאַנג־טירן, אָנגעבלאָזן די אויגן אין בלעזלעך און געבריליט מיטאַמאָל, װי אױף אַ מיטינג, אָן װערטער, מיט אײנע בויך־קרעכצן.

די טירן פֿון „סאָװנאַרכאָז" זײַנען געװען פֿאַרשפּאַרט, און דער אוילעם האָט געשטורעמט אױפֿן ברוק, אױף די טראָטואַרן, געשפּאַרט אױף די װענט, אױף די טירן, געקװעטשט אײנע די אַנדערע, אױש די בײנער האָבן געסקריפּעט. פֿון פֿאָרנט, האַרט בײַ די טירן, האָבן אײנצלנע, הײזעריקע שטימען געריסן זיך אױפֿן קאָל צו די װענט צו, און אוילעם אַרײַן, אַלע מיט אַמאָל און באַזונדער:

— גיב אונדז אַהער דעם „סאָװנאַרכאָז"!.. דעם „ראַילעס", דעם קעלעװ, אַהער אױפֿן אַרקאַן!... אַהער גיב די קישעניקעס און רױבער, די הינטישע קינדער, די באַנדיטן... פּאַסקודעס, לײדיקגײער — אַהער דערלאַנג!... װו איז די טשעקאַ? פֿאַרװאָס ניט מיט די אויגן, נאָר מיטן הינטן קוקט די טשעקאַ?... דערלאַנג אַהער די קאָמוניסטן!... פֿאַרװאָס דאָרטן, הינטער די טירן, זיצן די קאָמוניסטן?.. מיר װײסן, װי די קאָמוניסטן האָבן אָן אַ צױם באַצױמט דעם אַרבעטער־מענטשן..

אױף די טראָטואַרן זײַנען געזעסן אָנגעשפּאַרט מיט די פּלײצעס אָן די װענט אין ענגע רײען אַנדערע אַרבעטער און געקײַט דעם פּאַיאָקברויט. זײ זײַנען געזעסן אױף דער זון און צעקראָכן געװאָרן פֿון היץ, װעלכע איז געװען אָנגעזאַפּט מיטן אַספֿאַלטן־רײעך און צעגליטן שטויב. פֿיל און שלעפֿעריק האָבן זײ געקוקט דורך די װיִעס אױף די צעדולטע כאַװײרים, אָדער זײ האָבן גאָרניט געקוקט, נאָר גלאַט אַזױ און שטיל געשמועסט, ניט קוקנדיק אײנער אױפֿן צװײטן, זיך פֿאַרװײַלט מיט שפּײַען אױפֿן טראָטואַר, געגאַנגען הינטערן ראָג, צו די טױערן פֿון „סאָװנאַרכאָז", און מאַשטין געװען מיטאַמאָל צו עטלעכע מענטשן, שטױסנדיק זיך מיט די עלנבױגנס און רוקנס.

און אָט איז אױף אַ טרעפּל פֿון נאַניק אַרױפֿגעשפּרונגען זשוק, האָט אָנגעהױבן מאַכן מיט די הענט, און פֿון זײַנע הענט־באַװעגונגען האָט כװאַליעסװײַז אַ שװעב געטאָן איבערן אוילעם אַ גערויש, װאָס איז ביסלעכװײַז אײַנגעשטילט געװאָרן.

— כאַװײרים, אַכטונג!..

און זשוק האָט, װי צום פֿליִען, פֿאַנאַנדערגעװאָרפֿן זײַנע הענט איבערן קאָפּ, דערנאָך אַ ריס געטאָן פֿון זיך די היטל, פֿאַרהױבן זי אין דער הײך און װי אַן אָקס באַטראַכט דעם אוילעם מיט אַ שװינדלדיקער דראָונג. און פֿון די סאַמע הינטערשטע רײען איז קענטיק געװען, װי זײַנע אויגן גיסן זיך איבער מיט אַ שיִקערער פֿײַכטקײט.

— כאַװײרים, איך קען אָט דיזאָזיקע קנופּיע אױף דרײַ און דרײַסיק בערג... קוקט, כאַװײרים, װי איך האָב זײ אױפֿגעדרײט מיט אַ גוטן קנאַט...( ער האָט אָנגעהױבן דרײען מיט די הענט און פֿאַרשטשירעט די צײן). איך האָב זײ אַלעמען אַרױסגעפֿירט װי בוימל אױפֿן װאַסער, אַלעמען צו דעם װענטל געשטעלט, אַלעמען אָפּגעגאָלט אױפֿן ערשטן נומער... זאָלן זײ דערװײסן זיך, כװרע, דאָס 18־טע יאָר... די ביוראָקראַטיע האָט זײ אױפֿגעגעסן, די הינטשלעגער, די כאָלערעס... מיר, דער אַרבעטער־קלאַס, װײסן, װי מען דאַרף זײ אַ נעם טאָן פֿאַר די שניפּסלעך... איר האָט ניט געזען, און איך האָב יאָ געזען: זײ גײען אין שלײקעס און שנײַצן זײערע סמאַרקעס אין נאָזטיכלעך. האָבן מיר דען שלײקעס, איז פֿאַראַן בײַ אונדז דיזאָזיקע אומדערטרעגלעכע נאַרישקײט, — נאָזטיכלעך און טײערע צײנער? זײ האָבן דאָס גאַנצע גאָלד זײערע, װאָס ס׳איז געװען און ניט געװען, פֿאַרנוצט אױף זײערע צײנער... איך האָב, כאַװײרים, זײ אַלעמען געדעקט מיט צװײ און צװאַנציק קלעפּ...

נאָר אין די פֿאָדערשטע רײען האָט מען געזען, װי זשוק האָט זיך אַ קײַקל געטאָן פֿון די טרעפּלעך פֿון נאַניק און האָט זיך מאָרנע צוגעקלעפּט צום װאַנט אױפֿן טראָטואַר. אױף זײַן אָרט האָט דער אוילעם דערזען דעם פֿאָרזיצער פֿון אױספֿירקאָם באַדיִן. זײַן פּאָנים איז געװען אומבאַװעגלעך, און די אויגן פֿאַרכמאַרעט — ניט קײן מענטש, נאָר אַ טשוהונענער גלאָמפּ.

די ערשטע װערטער האָט ער געזאָגט שטיל און רויִק, װי בײַ זיך אין קאַבינעט, נאָר זײַן קאָל איז געװען דײַטלעך און הילכיק.

— כאַװײרים, אין אונדזער שטאָט, איז פֿאַראַן — צװאַנציק טױזנט אָרגאַניזירטער פּראָלעטאַריאַט. פֿון דיזאָזיקע צװאַנציק טױזנט

זייט איר, אַ קליינינקע הייפֿעלע, געקומען אַהער, ווי פֿון אַן אַלטוואַרג-מאַרק מיט אַ כאַפּטע און מיטן דעזאָרגאַניזירט איר די פֿעסטע רייען פֿון די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער. אַ כאַרפּע, כאַווײרים, און פֿאַרברעכעריש! און וואָס גייט עס? וואָס ווילט איר? צי דען האָט איר ניט קיין פּראָפֿאַריין? איר האָט דען ניט אייערע ארבעטער-אָרגאַנען, ווי איר זאָלט קענען באַלד אַוועקשטעלן די אַלע פֿראַגן, וועלכע באַאומרויִקן אייך איצטער, און לייזן אין דער ערשטער ריי?

דער אוילעם האָט זיך וואַגיק אַ צאַפּל געטאָן און אויפֿגערוּיִסן זיך מיט אַ געפּילדער און טומעריי.

— דערלאַנג אַהער די רויבער!... אַהער גיב די גאַנאָווים פֿון „ראַילעס"! מיר וועלן ניט גיין צו דער אַרבעט... קליידונג... שפּייז... מיר זיינען ניט אַבי ווער... ראָצכים, הינטישע קינדער!..

באַדין האָט אויפֿגעהויבן אַ האַנט, און זיין פּאָנים האָט זיך ניט געענדערט: ער איז געווען ווי פֿריער פֿעסט און מעטאַליש-אומבאַוועגלעך, מיט אַ בראָנזן-אָפּשיין.

— איך בין ניט געקומען אַהער, קעדיי אַמפּערן זיך און שטרייטן מיט אייך, כאַווײרים. אַלע אייערע פֿאָדערונגען, וועלכע וועלן זיין פֿאַרגעלייגט דורך אייערע פֿאָרשטייער, דורך אייערע אָרגאַנען און דורכן פּראָפֿראַט, וועלן באַפֿרידיקט ווערן. אָרגאַניזירטערהייט צעגייט זיך אויף אייערע ערטער. ווייסט, אז יעדע געפּאַטערטע שאָ און דיזאַקיקע שווערע טעג פֿון דער רעפּובליק, ברענגט מיט זיך אַ העזעק דעם ווירטשאַפֿטלעכן פֿראָנט. און די שולד וועט פֿאַלן נאָר אויף אייך. איר וועט ניט אָפּוואַשן דעם שאַנד-פֿלעק, וועלכן איר לייגט אַרויף אויף אונדזער פּראָלעטאַריאַט. ער האָט צופֿיל העלדישע פֿאַרדינסטן, אז ער זאָל קענען פֿאַרליידן דיזאָזיקע שאַנד. ניט איר האָט זיך געלאָזט אויף דערדאָזיקער נידעריקער אַרויסטרעטונג. דאָס האָבן אָפּגעטאָן איינצלנע העצע-טרייבער. איך ווייס, ווער זיי זיינען דיזאָזיקע בונטאַרעס און העצע-טרייבער. אָט איז ער — ער איז נאָר וואָס אַרויסגעטראָטן פֿאַר מיר — זשוק. איך קען אים שוין פֿון לאַנג. איך וועל געבן אַ באַלדיקן באַפֿעל מע זאָל אים אַרעסטירן.

און באַדין האָט נאָך ניט באַוויזן צו ענדיקן, ווי זשוק, אינגאַנצן אַ צעפּודלטער, אַ בלייכער, מיט איינן אַרויסגעפֿאַלענע פֿון די ווייעס, האָט פֿאַרשפּרונגען אַרום באַדינען און צעשריען שאַרף, הינטיש: ניט עמעס!.. ניט עמעס!.. כאַווײרים, דאָס איז — אַ ליגן!.. איך קען דאָס ניט ליידן, כאַווײרים...

אין די פֿאָדערשטע רייען, לעבן פֿאָרזיצער פֿון אויספּירקאָם, האָבן זיך אין אַ געשלעג געפּלאָנטערט הענט, קערפּערס, און אַ טייוול-שער פּאַרטייבנדיקער געבריל האָט איבערגעריסן זשוקס געשרייען. דער אוילעם האָט געקאָכט זיך, געוויגט זיך, געשאָסן מיט די הענט און מע האָט זיך געריבט: נאָך איין רעגע און בא די ווענט, בא די טירן וועט זיך צעווילדעווען ניט צו פֿאַרהאַלטן אַ מוירעדיקער זעלבסטגעריכט.

— שלאָג זיי!.. שלעפּ, קאַטעווע! הינטישע קינדער!.. אונדזער זשוק... אויף די הענט זשוקן. גיב איבער זשוקס קאָפּל!.. זשוק!.. זשוק!..

דער פֿאָרזיצער פֿון אויספּירקאָם איז ווי פֿריער געשטאַנען אויפֿן איבערשטן טרעפּל פֿונם גאַניק, אין שוואַרצן לעדער און מיט אַן אומבאַוועגלעך-משונהדיקנעם געזיכט געקוקט אויפֿן ליאַרמנדיקן האַמוין, און זיינע אויגן זיינען געווען ליידיקע, ווי שוואַרצע לעכער. ער האָט געקוקט ניט פֿינצטערדיק און געוואַרט: ס'וועלן דורכגיין נאָך עטלעכע רגעס און דער אוילעם וועט זיך איבערשרייען, וועט בלייבן שטיל — וועט ווערן ווי אַ קעלבל ווייך און האַכנאָעדיק.

נאָר ניט דערוואַרט זיך: ס'האָט געשטערט לוכאָווע. דער שוואַרצער פּלאַם פֿון זיינע האָר און די דינע הענט זיינען געווען צעפּאָכעט צום פֿליען, ווי פֿליגלען. און אַ דורכשניידנדיקער, פֿייגלש-ציטעריקער קאָל מיט זיין געוויינלעכער היספּאַילעסדיקער בייזיקייט, פֿאַרגאָסן מיט אַ היפּש ביסל שפּייעכץ, האָט גלייך אָפּגעהאַקט דעם טייוולשן כאַיעשן געפּילדער.

— כאַווײרים, — אַ וואָרט! שטייט רויִק און הערט!

דער אוילעם האָט ווידער אַ ריר געטאָן זיך און אָפּגעשווומען צוריק און צו די זייטן פֿון ברוק, און דערנאָך ווידער מיט אַ געדיכטער שפּאַרעניש געשטופּט אַפֿן גאַניק.

— לוכאָווע!.. האַק, לוכאָווע, כאַווער!.. באַלד וועט לוכאָווע אַלעמען די פֿעל אַראָפּשינדן... דעק, כאַווער!

און לוכאָוועס האָר זיינען געווען צעפּאָכעטע צום פֿליען, און דער פּאָנים — אין שאַרפֿע ביינער (די סקולעס, די נאָז, די קין). די אויגן האָבן געטעמט: אָט האָבן זיי אויפֿגעבליצט אין אַ קיילעכדיקער טיפֿקייט, אָט אויפֿגעציטערט אונטער די ווייעס מיט פֿייערדיקע פֿינטעלעך.

— צו אַלדי רוכעס וואָס האַקט איר דאָ אַ טשאַניק, כאַווײרים? די העק הינטער די גאַרטלען, די זעקלעך אויף די פּלייצעס, און בנאָדים און שוכוואַרג וואַקסן אויף די ביימער. דאָס, כאַווײרים, זיינען באָבע-מאַיסעס, און דער איניען איז אַזעלכענער: אין אַ שאָ אַרום טרעטן מיר אַרויס, די זאַמלונג איז לעבן פּראָפֿראַט. עסנוואַרג לאָדט מען אויף פֿורן. דער פּאַרטקאָם האָט אויסגעטיילט אויף צו פֿאַרוואַלטן מיט דער פֿאַרזאָרגונג דעם כאַווער זשוק. פּראָדקליידונג ווערט אַרויסגעגעבן צו איין פּאָר. דעם גאַנצן באַשטאַנד פֿון „ראַילעס" — צו אַלדי קלאָגן! אַלע! שטעלט זיך אויס אין רייען און—פֿעסט אויף די איינענע ערטער.

דער אוילעם האָט מיט אַ געבריל און הילך צעפּילדערט זיך באַם גאַניק, און לוכאָווע האָט פֿלאַטערדיק געהוידעט זיך אין לופֿטן.

דער אוילעם איז אַוועק איבערן גאַס און ווי אַ ראָד פֿאַרקירעוועט איבערן ווינקל, צו דער באַמברעניקער גאַס.

באַדין און לוכאָווע זיינען געשטאַנען באַם „סאָוונאַרכאָז" און האָבן זיך געשטאָכן איינע די אַנדערע מיט די אויגן.

— באַצייטנס האָב איך שוין געמאָלדן וועגן מע דאַרף וועגן אייער נאַרישקייט. צו דערדאָזיקער יינגלשקייט דאַרף מען מאַכן אַ סאָף, ליבע כאַווײרים. אויף וואָס פֿאַר אַ באַפֿולמעכטיקונגען האָט איר זיך געשטיצט, צעשטערנדיק אָן דער באַשטימונג פֿון אויספּירקאָם דעם אַפּאַראַט פֿון „ראַילעס"? וועגן דעם וועט אייך ווערן געמאָלדן די געגנט-אָרגאַניזאַציעס, און איך וועל קענען אַוועקשטעלן אייך אויף אייערע ערטער.

לוכאָווע האָט געשמייכלט פֿאַרזשמורענדיק זיך, און פֿון די אויגן זיינען פֿונקען געפֿלויגן איבער די ברעמען, געציטערט און געלאַכט.

— ביו—ראָ—קראַט.

זיי האָבן זיך ווידער דורכגענומען איינע די אַנדערע מיט אויפֿרעגנדיקע אויגן און אַוועק אין באַזונדערע זייטן.

ד. באָגען

# פֿון פּוילישן טויטן-הויז.

דאָס בלוטיקסטע בלעטל אין דער געשיכטע פֿון דער פּוילישער ווירקלעכקייט, זיינען די פּוילישע טפֿיסעס. אין די 8 יאָר פֿון דער טעמשאָלע פֿון דער „אומאָפּהענגיקער", פּוילישער, שליאַכעצקער, בורזשואזער מעלוכע בושעוועט אין פּוילן דער ווייסער טעראָר און נעמט אָן וואָס א יאָר אַלץ ווילדערע פֿאָרמען. די קורצע עקזיסטענץ פֿון דער פּוילישער מעלוכעשקייט, האָט געשאַפֿן אַזאַ רייכע געשיכטע פֿון אַרבעטער- און פּויערים-מאַרטירעלאָגיע, אַז זעלטן, ווו אַ לאַנד קען זיך מיט איר פֿאַרגלייכן.

אין דיזאָזיקע מערדערישע מאַיסים איז ניט קליין דער אַנטייל פֿון די פּ.פּ.ס., די פּוילישע סאָציאַל-פֿאַשיסטן זיינען די בויער און באַשעפֿער פֿון דער פּוילישער אינקוויזיציע — דער דעפֿענזיווע. זיי זיינען עס געווען די „ספּעצן", וועלכע האָבן געלערנט דער יונגער בורזשואזער מעלוכע די „קונסט" פֿון שפּיאָנאַזש און פּראָוואָקאַציע אין דער אַרבעטער-סוויווע.

ניטאָ קיין גענויע סטאַטיסטיק פֿון די קאָרבאָנעס פֿון ווייסן טעראָר אין פּוילן, ניטאָ קיין סטאַטיסטיק וויפֿל ס'זיינען פֿאַר דער צייט אַרעסטירט געוואָרן, דערמאָרדעט געוואָרן, פֿאַרפּייניקט געוואָרן. די אָבראַנקע שווייגט אַקשאָנעסדיק. פֿון אירע געהיימע באַראָרים רייסט זיך זעלטן אַרויס אַ ידיע אין דער עפֿנטלעכקייט. ווען אָבער פּוילישע שטעט און דערפֿער וועט פֿלאַטערן די זיגרייכע רויטע פֿאָן פֿון דער רעוואָלוציע, ווען ס'וועלן צעבראָכן ווערן די אייזערנע טירן פֿון די טפֿיסעס און די אַרבעטער-מאַכט וועט אַריינדרינגען אין די פֿינצטערע צימערן פֿון דער פּאָליטישער פּאָליציי, — נאָר דעמאָלט וועט מעגלעך זיין צונויפֿשטעלן אַ גענויע סטאַטיסטיק פֿון דעם ווייסן טעראָר אין פּוילן.

אין דערווייל איז שטיל. הערשט און קיניגט איבער די אַלע מויסים היינטיקער דער גרויסער פּוילישער בייסאַקוואָרעס. שווייגט די „פֿרומע", „צניעסדיקע" אייראָפּע.

רייך איז די געשיכטע פֿון פּוילישן טויטן-הויז. אייניקע פֿאַקטן און ציפֿערן, געוויסע-אייזעס פֿון געליטענע, געצווונגענער מוידע זיין זיך פֿון די טאַליאָנים גיבן איבער אַ בילד פֿון דערדאָזיקער שרעקלעכער מאַרטירעלאָגיע פֿונם אַרבעטער און פּויער אין פּוילן.

I.

## די פּוילישע דעפֿענסיווע.

די רוסישע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער געדענקען נאָך ניט די אַמאָליקע צאַרישע „אָכראַנקע". די צאַרישע זשאַנדאַרמעריע און אירע מעטאָדן פֿון קאַמף קעגן דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער-באַוועגונג. די פּוילישע דעפֿענסיווע איז דער „גייסטיקער" יורש פֿון דער צאַרישער אָכראַנקע. זי האָט זי אָבער אַזוי „פֿאַרפּאָלקאָמט" און דערגאַנצט, אַז די געוועזענע אָכראַניקעס דערקענען שוין ניט זייער „גייסטיק" קינד.

די פּוילישע דעפֿענסיווע איז געבויט אַף פּראָוואָקאַציע. איר סיסטעם איז טעראָר און אַכזאָריעס. איר אַרבעט באַשטייט אין פֿאַרפֿילן די פּוילישע טפֿיסעס מיט וואָס מער אַרבעטער און פּויערים. די פּוילישע דעפֿענסיווע איז אַלמעכטיק, זי איז זעלבסטהערשנדיק, זי האָט ניט קיין קאָנטראָל און צוים איבער זיך, איר ווילן וואַרפֿן זיך אונטער אַלע, זי דיקטירט די מישפּאָטים, זי באַסטימט פֿאָרויס דעם טויט-אורטייל פֿון באַשולדיקטן, זי איז דער „זיבערדייט"-אָרגאַן פֿון קאַפּיטאַל, זיין געהאָרכזאַמער דינער, דער בירגער קאָן „רויק" שלאָפֿן, דער פּראָוואָקאַטאָר און אַגענט „וואַכט".

מיט צוויי מעטאָדן באַנוצט זיך די דעפֿענסיווע אין איר „אַרבעט". מיט פּראָוואָקאַציע און טעראָר, איינע דערגאַנצט טאָמיד די צווייטע. אין קיין לאַנד איז די פּראָוואָקאַציע ניט אַזוי פֿאַרשפּרייט, ווי אין פּוילן, אַף דעם שפּאָרט ניט די פּוילישע בורזשואַזיע קיין געלט. די אַרבעטער-באַוועגונג איז אַרומגעצוימט מיט אַ שטעכיקן דראָט פֿון פּראָוואָקאַטאָרן, מיט דעפֿענסיווע-אַגענטן. די דעפֿענסיווע ווערבירט פּראָוואָקאַטאָרן אומעטום, ווו ס'לאָזט זיך נאָר. זי ווערבירט זיי צווישן אַרבעטער, „אינטעליגענץ", זי קויפֿט זיי פֿאַר געלט, זי צווינגט דורך טעראָר און אָפּטמאָל דורך בזידע מיטלען מיטאַמאָל.

דער פּוילישער פּראָוואָקאַטאָר איז אַ באַזונדער טיפּ. ער איז אַ נאַציאָנאַלער „העלד". אַמאָל איז אַ פּראָוואָקאַטאָר געווען דער מיעסטער אָפּפֿאַל פֿון דער געזעלשאַפֿט, דער פֿאַרקויפֿטער יודא. אָרנטלעכע בירגער האָבן אַ פּראָוואָקאַטאָר ניט געגעבן די האַנט, ניט געלאָזט אים שטיין אין זייערע ד' אַמעס. זיין אָרט איז געווען צווישן פֿאַרברעכער, דער פּראָוואָקאַטאָר האָט געטראָגן אַף זיך קאַינס צייכן. ער איז געווען פֿאַרורטיילט פֿון דער געזעלשאַפֿט. אינם איצטיקן פּוילן איז דער פּראָוואָקאַטאָר דער אָנגעזעענסטער גאַסט אין די בורזשואַזע סאַלאָנען. די פּוילישע בורזשואַזיע איז ניט אַזוי „איידל", זי איז ציניש און אָפּנהאַרציקער. זי טראָגט דעם פּראָוואָקאַטאָר אַף די הענט, די „דאַמען" שענקען אים בלומען. דער פּראָוואָקאַטאָר איז די געשיכטע פֿון דער פּוילישער בורזשואַזיע.

צעכנאָווסקי — טראַיאַנאָווסקי, הונדערטער אויסבאַהויסטע וועררע באַוועגונג, דאָס איז די איצטיקע פּוילישע קאָנסטיטוציע, דער געזעץ, דאָס געריכט, די מאַכט. טויזנטער אומשולדיקע ווערן אַרעסטירט, טויזנטער באַקומען טויזנטער יאָרן טפֿיסע, דאָס איז די אַרבעט פֿון די דעפֿענסיווע-פּראָוואָקאַטאָרן.

מען אַנטדעקט קאָמוניסטישע „גרופּן", „צעלאַען", „פֿאַרשווערונגען", מען רייסט אויף מיט דינאַמיט הייזער און אינסטיטוציעס, מע געפֿינט „טעראָריסטישע" גרופּן, מע „שרעקט" די געזעלשאַפֿט.

די דעפֿענסיווע ווערבירט אירע פּראָוואָקאַטאָרן אַף פֿאַרשיידענע אופֿאַנים:

מענטשן דעגענערירטע, פּאַכראָנים, שיקורים און פֿילענצער. טיפּן מיט פֿאַרברעכערישע אָפּנייגונגען, כאַראַקטערלאָזע, אינערלעך צעפֿוילט און דעמאָראַליזירט. טיפּן, וועלכע שטאַמען פֿון דער אַרבעטער-סוויווע, נאָר האָבן זיך ניט געקאָנט איינלעבן אין איר, האָבן זיך אַליין אָדער זיינען פֿון איר אויסגעשפּיגן געוואָרן. און פֿאַרדרוס אַף זיך, און איבּיקן ניט רויקן שטיצן געזיכן, זיינען זיי זיך אַף אַ עקלהאַפֿטן אויפֿן נוקעם אין זייערע געבטיקע באַווייזן, אין זייער איינענער סוויווע. זייער בייזלעטסטער אויסדרוקער איז געווען דער דערשאָסענער הורבן יונגן אַרבעטער-העלד נאַפּטאַלי באָטווין — צעכנאָווסקי.

זיי זיינען די געפֿערלעכסטע פֿאַר דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. זיי גאַנווענען זיך אַריין אין די טיפֿסטע טיפֿקייטן, נאַרן אויס דעם צוטרוי פֿון די אַרבעטער, זיי זיינען לויט זייער אינערציע „אַקטיוו", און זיי שטעלן צו די מערהייט קאָרבאָנעס פֿאַר דער דעפֿענסיווע. זיי זיינען פֿאַראַן אין אַלע פֿאַבריקן, הערן זיך צו צו אַלע געשפּרעכן, זיי נישטערן און זוכן, שאַפֿן „גרופּן" און „אָרגאַניזאַציעס", וואַרפֿן אונטער ליטעראַטור, מאַסערן און פֿאַרפֿילן מיט אַרעסטירטע די טפֿיסעס.

מענטשן ראַפֿינירטע, „אינטעליגענטן", מיט דערפֿילטע קאַריערע-האָפֿענונגען, ערגייץ און אַמביציע, אידייענלאָזע. טיפּן, וואָס פֿאַרמאָגן איין גאָט — געלט. טיפּן, וועלכע ס'פּראָדוצירט לעצטנס אַזויפֿיל דער

אינטערנאַציאָנאַלער מאַרק פֿון קאַפּיטאַל, טיפּן, וועלכע האַנדלען לייבט מיט פֿרויען, דינגען אין אינטערנאַציאָנאַלע שפּיאָנאַזש-אָרגאַניזאַציעס, שפּילן אין קאָרטן, שרייבן אונטער פֿאַלשע וועקסלען און פֿאַרנעמען זיך אויך בײַ אַ געלעגנהייט — מיט פּאָליטישער פּראָוואָקאַציע. זייער פּוילישער כאַראַקטער-בילד איז — טראַיאַנאָווסקי, „רעדאַקטער" און פּראָוואָקאַטאָר, אַפֿעריסט פֿון גרויסן מאַסשטאַב. דיראָזיקע פּראָוואָקאַטאָרן איז ווינציק צו פֿאַרשיטן איינצלנע מענטשן, זיי באַדאַרפֿן פּראָוואָצירן אַ גאַנצע פּאַרטיי, אַ גאַנצע באַוועגונג, שאַפֿן גרויסע „סענסאַציעס", זיי גרייטן צו גראַנדיעזע „אַטענטאַטן", דיראָזיקע לייט זיינען באַזונדערס „טייער" דער דעפֿענסיווע. דורך זיי קאָן מען „אויסטרייסלען" די געזעלשאַפֿט און באַקומען אַ „אויסצייכענונג".

אומבאַוווּסטזיניקע שוואַכע, אומבאַהאָלפֿענע פּאַכראַנים. אַרבעטער, וועלכע האָבן ניט אויסגעהאַלטן די אינויים, די יעסורים פֿון דער דעפֿענסיווע. אויס מוירע פֿאַר קלעפּ, גיבן זיי אויס זייערע כאַווײרים. דער דאָזיקער עלעמענט איז דער טראַגישסטער צווישן די פּראָוואָקאַטאָרן. שוין ווערנדיק אַ פּראָוואָקאַטאָר, טראָגן זיי זיך אַרום מיט זייער פֿינצטערן „געוויסן", פּייניקן זיך, גיבן אַרויס און האָבן „כאַראָטע", שרייבן אָפּטמאָל „טשוווע"-בריוו. דיראָזיקע פּראָוואָקאַטאָרן גיבן אַרויס אונטערן אַקאָמפּאַנימענט פֿון קלעפּ, זיינען אַ בלינד וועקצייג אין די הענט פֿון די דעפֿענסיווע-לייט און אויספֿאָרשונג-ריכטער.

מיר גיבן דאָ איבער אַ טראַגישן דאָקומענט פֿון אַ פּראָוואָקאַטאָר, וועלכער באַווייזט, מיט וואָס פֿאַר אַ מיטלען ס'באַנוצט זיך די פּוילישע דעפֿענסיווע אין איר שמוציקער אַרבעט. דער דאָזיקער דאָקומענט איז געשריבן געוואָרן פֿון פּראָוואָקאַטאָר טראַוגער צום פּוילישן יוסטיץ-מיניסטער.

„ דעם 17-טן יון 1925 יאָר בין איך אַרעסטירט געוואָרן אין כעלם דורך די געהיים-אַגענטן פּלושאַנסקי און דזשענדזשעלעווסקי, ווערנדיק באַשולדיקט אין אַנטי-מעלוכע-טעטיקייט. די צוויי אויבנדערמאָנטע, ווי אויך אַ דריטער, וועלכן זיי האָבן גערופֿן „יאַנעק", האָבן מיך געשלאָגן. זיי האָבן מיר אויך געוויזן עפּעס אַן אויפֿרוף, און וועלכן ס'איז געווען באַשריבן דער טראַגישער מאַרטירער-טויט און דער פּאָליציי-קאָמענדאַנט פֿונם איינוואָינער פֿון וולאָדאָווער פּאָוויאַט מישטשענסקי, און האָבן מיר געזאָגט: „מיר קענען מיט דיר אויך דאָסזעלבע טאָן". איך בין אויך געווען אַן איידעס פֿון אומענטשלעכן שלאָגן מאַרי יאַסינסקין, צו דער לעצטער האָט זיך געווענדעט דער נאַטשאַלניק פֿון דער „זיכערהייט-ביוראָ" אין לובלין מיט די ווערטער „הינטיש בלוט... וועסט פֿאַרפֿילט ווערן אין כעלמער טפֿיסע"...... און צוויי כאַראָשים אַרום האָט מען מיך אָפּגעפֿירט אַף אַ געהיימניספֿולן אויפֿן, ד. ה. מע האָט מיר געזאָגט, אַז מע פֿירט מיך קיין לעמבערג און מע האָט מיך נאָר געפֿירט קיין וולאַדזימיערזש.

„.......אין דער נאַכט פֿון דעמזעלבן טאָג... בין איך איבערגעפֿירט געוואָרן פֿון וולאַדזימיערזש קיין לוצק. ווו אַנשטאָט אין טפֿיסע האָט מען מיך איבערגעפֿירט אין דער געביידע פֿון דער וואָיעוואָדסטווע, ווו עס געפֿינט זיך די דעפֿענסיווע... דאָס איז געשען נאָך 3 כאַראָשים זיך וואַלגערן אין פֿאַרשיידענע טפֿיסעס... מיינע פּראָטעסטן האָבן ניט געהאָלפֿן, וואָרום דער אַספּיראַנט פֿון דער פּאָליטישער פּאָליציי אין לוצק, זאַרעמבאַ, האָט מיר טייקעף אין זיין פֿאָרערע דערקלערט, אַז ער קען מיט מיר טאָן, וואָס ער וויל, וואָס ער וועט נאָר וועלן, אַפֿילע מיך דערמאָרדן און קיינער וועט אַפֿילע ניט געוואָר ווערן, ווו איך בין אַהינגעקומען. אַלס באַווייז האָט ער מיר איבערגעגעבן דעם פֿאַקט פֿון דערמאָרדן ברעכערן און אָלגאַ בעסאַראַבאַוואַ אין דער לעמבערגער פּאָליציי, און ער האָט צוגעגעבן, אַז די דאָזיקע פּאָליציי-פֿונקציאָנערן, וועלכע זיינען באַגאַנגען די דאָזיקע פֿאַרברעכנס, איז ניט געפֿאַלן קיין האָר פֿון קאָפּ, אַז זיי זיינען ווייטער פֿאַרבליבן אַף זייערע פּאָסטנס, און איינער פֿון זיי אַפֿילע, לאַביאַק, איז דערהויבן געוואָרן אַף אַ העכערן פּאָסטן. אַף אַזאַ אויפֿן בין איך פֿולשטענדיק טעראָריזירט געוואָרן, און געוואָרן גרייט צו טאָן אַלץ, וואָס זאַרעמבאַ וועט פֿון מיר פֿאָדערן. איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז אויב די רעגירונגס-מאַכט, וועלכע מוז שטיין אין דער שפּיץ פֿון רעכט און גערעכטיקייט, האָט מיך איבערגעגעבן אין די הענט פֿון דער פּאָליציי, דאַן ענדיקט זיך יעדער צוטרוי צו רעכט און צו דער דאָזיקער הערשאַפֿט און אַז נאָר דער פּאָליציי-ווילקיר האָט אַן אָרט און ווערט טאָלערירט אַף די קרעסן (מיזרעך-געביטן. ד. ב.). ווען זאַרעמבאַ האָט באַמערקט, אַז איך בין אינגאַנצן טעראָריזירט, האָט ער מיט מיר אָנגעהויבן „פֿון אַן אַנדער פֿעסל", ער האָט מיך פֿאָרגעשטעלט דעם נאַטשאַלניק פֿון דער פּאָליצעישער קרייז-עקספּאָזיטור אין לוצק דזיאַלקאָווסקי און ביידע האָבן מיר דערקלערט, אַז דער פּאָליציי אינטערעסירט ניט קיין יעכידים, אַז זיי קענען מיך, אויב זיי ווילן, יעדע מינוט באַפֿרייען, ס'גייט זיי נאָר אין דעם, אַז איך זאָל צושטיין צו זייער לאַגער — זיי האָבן מיר פֿאָרגעלייגט אָנצונעמען אַ פּאָסטן אין דער פּאָליטישער פּאָליציי. א. ד. גל. נאָכדעם האָט מיר זאַרעמבאַ דערציילט דעם פֿאַרלויף פֿון דער אַזוי גערופֿענער ליקווידאַציע-אַקציע פֿון דער קאָמוניסטישער דיווערסיע-אַקציע אין וואָלין און האָט זיך באַרימט פֿאַר מיר, אַז ער, ווי אויך, די וואָלינער פּאָליטישע פּאָליציי האָט באַוויזן דורך שלאָגן און אַנדערע מיטלען צו צווינגען די אַרעסטירטע אָפּצוגעבן דערקלערונגען, וועלכע קאָמפּראָמיטירן זיי... צום סאָף האָט ער אָנגעשריבן אַף אַ ברוליאָן מיט רויטע בליישטיפֿט דעם אינהאַלט פֿון די דערקלערונגען, וועלכע דאַרפֿן קאָמפּראָמיטירן די אַרעסטירטע אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַזוי גערופֿענער ליקווידאַציע-אַקציע פֿון דער קאָמוניסטישער דיווערסיע „קאָמכאָמאָל". ווען איך האָב אים אויפֿמערקזאַם געמאַכט, אַז איך קען ניט דיראָזיקע אָרגאַניזאַציע... האָט ער מיר געענטפֿערט, דאָס ער ווייס פֿון דעם, דאָך שטערט דאָס נאָר ניט, בײַ דעם פֿאַרדינט מען אָרנטליך.... דאָסזעלבע האָט מיר דערקלערט דער אויספֿאָרשונג-ריכטער זאַקשעווסקי.

„אַזוי בין איך אָפּגעזעסן 10 טעג... נעמענדיק אַן אַקטיווען אַנטייל אין דעמדאָזיקן לעבן. איך האָב געלייענט אַלע געהיימע צירקולאַרן און ראַפּאָרטן. איך האָב באַקוקט די אַלבאָמען און קאַרטאָ-טעקן. צווישן דער צייט האָט מיר זאַרעמבאַ פֿאָרגעלייגט אָנצושרייבן פּראָטאָקאָלן, אַז די אַזוי גערופֿענע אוקראַיִנישע אָרגאַניזאַציעס זיינען קאָמוניסטישע. ווען איך האָב אים אויפֿמערקזאַם געמאַכט, אַז דאָס איז דאָך ניט עמעס, האָט ער געענטפֿערט, אַז ס'גייט ניט וועגן דעם, צי ס'איז עמעס, נאָר וועגן דעם, קעדיי וואָס צו כאַפּן און צו קענען אַראָפּשיקן אַ ראַפּאָרט קיין וואַרשע, אַז ס'איז עפּעס געטאָן געוואָרן...... און אַ געוויסער צייט שפּעטער איז געקומען צו מיר דער אויספֿאָרשונג-ריכטער זאַקשעווסקי, דער געהילף-פּראָקוראָר סטרוטינסקי און דער נאַטשאַלניק פֿון דער קרייז-קאָמאַנדע פֿון דער מעלוכע-פּאָליציי אין לוצק, ה' דזיאַלאָווסקי און דער לעצטער האָט מיר פֿאָרגעלייגט אַ אויסלענדישן פּאַס און 2000 זלאָטעס, אַבי נאָר איך זאָל באַשטעטיקן מיינע דערקלערונגען, וועלכע זיינען מיר אַף אַזאַ געמיינעם אויפֿן דיקטירט געוואָרן פֿון זאַרעמבען.

דעמאָלט האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז איך בין געפֿאַלן אַ קאָרבן פֿון די אומענטשלעכע מעטאָדן פֿון דער פּאָליטישער פּאָליציי און אַז אַף מיינע פּלייצעס, דאַרף עס געבויט ווערן דער איניען פֿון אומשולדיקע מענטשן, וועלכע איך קען ניט, און פֿון וועמענס טעטיקייט איך האָב ניט די מינדעסטע אַגונג. ס'האָט זיך אין מיר אָפּגערופֿן דער מענטשלעכער געוויסן און איך האָב באַשלאָסן אויפֿקלערן דעמדאָזיקן איניען.... דער קרייז-געריכט האָט מיין ביטע ניט אָפּגעשיקט און האָט אָנגעהויבן אָנצווענדן בנוגע מיר טעראָר-מיטלען און אַזוי האָט מען מיר געפֿירט קיין זאַמאָשטש, ווי אַן איידעס, און מען האָט מיר מיט געוואַלד געשמידט אין קייטן... צוזאַמען מיט מיר האָט מען געפֿירט אַ געשמידטן מענטשן, בײַ וועמען די טעמפּעראַטור איז טאָמיד געווען 39 הויך, וועלכער האָט געהאַט טובערקוליאָז אין דער העכסטער סטאַדיע"...

דער דאָזיקער דאָקומענט, איינער פֿון אַסאַך, רעדט פֿאַר זיך און דערציילט, מיט וואָס פֿאַר אַ מיטלען פֿאַרטייפֿעט דאָס פּוילישע קלאַסן-געריכט אומשולדיקע מענטשן אַף הונדערטער יאָרן קאַטאָרגע.

II.

## די אינקװיזיציע־מעטאָדן פֿון דער פּױלישער דעפֿענסיװע.

אין דער פּױלישער דעפֿענסיװע פּײַניקט מען און מען שלאָגט. מע שלאָגט אַלטע, יונגע, פֿרױען, יעדן אומגליקלעכן, װעלכער פֿאַלט נאָר אַרײַן צו זײ אין די הענט. דאָס איז ניט קײן נײַס אין דער געשיכטע פֿון דער רעװאָלוציאָנערער אַרבעטער־באַװעגונג. די בורזשואַזיע אין קאַמף קעגן איר קלאַסן־קעגנער האָט נאָר אײן מיטל — ברוטאַלן טעראָר. אָבער די אינקװיזיציע־מיטלען פֿון דער פּױלישער אָכראַנקע װײַזן אַ נײַעם, װי שטײַגן איבער די מענטשלעכע פֿאַנטאַזיע, קענען זײ װערט בלױז די געשיכטע פֿון מיטלאַלטער.

דאָס פּײַניקן איז דאָ דערגאַנגען צו אַ ראַפֿינירטן אױסגערעכנטן סאַדיזם, צו אַ סיסטעם, װי „דערפֿינדן" פּײַניקונג־מאַכשירים. ס'איז דערגאַנגען צו אַ ספּעציעלער „לערע", װי אַזױ בעסער שינדן פֿון מענטשלעכע קערפּערס די הױט.

װען מיר לײענען בריװ פֿון געפּײַניקטע, װען ס'דערגײט צו אונדז דער אומענטשלעכער שױדערלעכער געשרײ פֿון די צום טױט־פֿאַרפּײַניקטע, נעמט אונדז אַרום אַ קאַלטער שױדער. ס'װילט זיך ניט גלױבן דעמראָזיקן בלוטיקן עמעס. דאָך איז עס אַזױ. אַזױ גרױזאַם און בהמיש־מערדערלעך קען נאָר זײַן אַ אונטערגײענדיקער, דעגראַדירטער, צעפֿױלטער קלאַס, אַ װילדע בהמה אין איר לעצטע מינוטן פֿון טױט־נסיעה.

לײענען מיר די בלוטיקע בלעטלעך פֿון דעם פּױלישן גהינום, טריפֿט פֿון יעדן אָס מענטשלעך בלוט. װאָס טוט דען ניט די דעפֿענסיװע מיט אירע קרבנות? שלאָגן מיט אײַזערנע דרענגער איבערן קערפּער, קלאַפּן מיט דעם רעװאָלװער איבערן קאָפּ, קװעטשן די פֿינגער אין די טירן, שטעכן שפּילקעס אין די נעגל, שלאָגן אין די פּיאַטעס, הענגען פֿרױען אױף זײערע האָר, שענדן פֿרױען, דערמאָרדן, עלעקטרישן שטראָם איבערן קערפּער, ביז מען װערט מעשוגע אָדער מע באַגײט זעלבסטמאָרד, גיסן פֿלעשער װאַסער, נאָפֿט אָדער אורין אין מענטשלעכע נעז, רײַסן מיט צװאַנגען די האָר פֿון קאָפּ, די דאָזיקע אינױים זײַנען אַ טאָגטעגלעכע דערשײַנונג און כאַזערן זיך איבער סיסטעמאַטיש איבער גאַנץ פּױלן.

די דאָזיקע אינקװיזיציע װערט ניט באַגאַנגען בלױז בענוגע יעקירים, נאָר אױך בענוגע גאַנצע מאַסן. אַזױ זײַנען אין סעפּטעמבער 1925 יאָר אין ביאַליסטאָקער קרײַז געפּײַניקט געװאָרן 600 אַרעסטירטע. 600 יונגע לעבנס זײַנען דורכגעגאַנגען דעמראָזיקן גהינום, זײַנען אױסגעטאָן געװאָרן נאַקעט און געשלאָגן געװאָרן אױף אַ שרעקלעכן אומענטשלעכן אופֿן. הונדערטער פֿון זײ זײַנען פֿאַרבליבן קאַליקעס אױף זײער גאַנץ לעבן. שװינדזיכטיקע, האַרץ־לײדנדיקע, פֿון זינען־געריטע און עפּילעפּטיקער. יונגע מײדלעך, װעלכע פֿון קלענסטן קלאַפּ פֿאַלן אין חלשות שױן לאַנג, יונגע בחורים, װעלכע שפּײַען מיט בלוט. קינדער, װעלכע זײַנען יונגערהײט אַלט געװאָרן.

די פּױלישע בורזשואַזיע האָט די ערשטע צײַט פּרובירט „אָפּלײקענען" דידאָזיקע שאַנד־טאַטן, נאָר דער מאַסן־טעראָר איז געװאָרן אַזאַ שרעקלעכע דערשײַנונג, אַז ס'איז שױן געװאָרן שװער צו „לײקענען". און די פּױלישע בורזשואַזיע, איר פֿאַרקױפֿטע פּרעסע אַפּלאָדירט די דאָזיקע מערדערײַען, שטשירעט מיט די צײן, און שרײַט: נאָך װיניק בלוט!

מיט אײניקע חדשים צוריק (אין מאַרט 1926), איז אין פּױלישן סײם פֿאָרגעקומען אַ דעבאַטע װעגן די פּױלישע טפֿיסעס און דעפֿענסיװע מערדערײַען. די רעכטע האָבן געטומלט און געשריִען: בלוט! בלוט! נאָר די „לינקע", „אָפּלײקענענדיק" די קאָמוניסטישע בילבולים", האָבן אַלײן דערצײלט אַזעלכע שרעקלעכע פֿאַקטן, אַז ס'איז ניט געבליבן, װאָס מער צוגעבן.

מיר ברענגען דאָ אײניקע קורצע אױסצוגן פֿון זײערע רעדעס:

טוגוט — דער „ליבעראַל" און פּילסודטשיק, פֿאָרזיצער פֿון דער סײם־קאָמיסיע אױסצופֿאָרשן די פּױלישע טפֿיסעס, באַמערנדיק זיך אין זײַן רעדע „אָבצולײקענען" די פֿאַקטן פֿון שלאָגן און „רױנװאַשן" פּױלן אין די אױגן פֿון אײראָפּע, — מוז צוגעבן:

„װאָס איז שײַעך װעגן באַגײן זיך מיט די אַרעסטירטע בײַ דער פּאָליצײ־אױספֿאָרשונג, באַזונדערס אין דער פּאָליטישער דעפֿענסיװע, האָט די קאָמיסיע אָנגעטראָפֿן אױף װײער אַ גרױסער צאָל פֿאַלן פֿון קלאָגן זיך אױף דעם ברוטאַלן באַגײן זיך און פּײַניקן, דערבײַ אין אײניקע פֿאַלן, באַזונדערס אין לעמבערג, האָבן די אַרעסטירטע געװיזן צײכנס פֿון שלאָגן.

„... איך מוז אױך באַשטעטיקן, אַז די אָפֿטקײט פֿון די פֿאַלן, אין װעלכע דאָס שלאָגן די אַרעסטירטע דערגײט צו בעסטיאַליטעט, נױטיקט מיך צו דער האַנאָכע, אַז פֿאַלן פֿון פּײַניקן בײַ דער פּאָליצײ־אױספֿאָרשונג פּאַסירט בײַ אונדז װירקלעך".

דאָס מוז מודה זײַן יעדער, װעלכער „לײקנט" אינעם װײַסן טעראָר אין פּױלן.

יערעמיטש — דער קלײנבורגערלעכער װײַסרוסישער דעפּוטאַט־נאַציאָנאַליסט, באַמיט זיך ניט רײנצװאַשן די מערדערײַען. ער דערצײלט „אײנגעהאַלטן" פֿאַקטן:

„...אַז די הערן קאָמענדאַנטן, פּאָליציאַנטן, װעלכע האָבן דערמאָרדעט צװײ מענטשן, װעלכע האָבן געפּײַניקט אױף אַ מיטלאַלטערלעכן אופֿן, האָבן באַקומען אַ העכערע שטעלע". און יערעמיטש לײגנט פֿאָר אַ רעזאָלוציע (װעלכע װערט פֿון רעאַקציאָנערן סײם אָפּגעװאָרפֿן):

„...אַז אין די אױספֿאָרשונג־אינסטיטוציעס הערשט אַ סיסטעם פֿון שלאָגן מיטן ציל צו צװינגען אָפּצוגעבן דערקלערונגען און אַפֿילע װײַער אָפֿט אומענטשלעכע פּײַניקונגען, מאַטערן די אַרעסטירטע, ס'טרעפֿן אױך פֿאַלן פֿון מאָרד".

דער פּעפּעסאָװיעץ — אוזיעמבלאַ — דערקלערט:

„...אין אונדזער קאָמיסיע האָט אין די לעמבערגער טפֿיסעס געהערט צענדליקער אָנקלאַגעס אױף די פּאָליצײ־פֿונקציאָנערן פֿון די אַרעסטירטע, בײַ װעלכע מיר האָבן מיט די אײגענע אױגן געזען דײַטלעכע צײכן פֿון די װונדן".

„...יעדער קלאָגן זיך בלײַבט אַ פּוסטער קול־קורא... נעמט באַטש דעם פֿאַקט מיטן טױט פֿון אַלנאַ בעסאַראַבאָװאַ, און האָס װילדע שענדן דורך אַ טפֿיסע־באַאַמטן אַ יונגע 17 יעריקע פּאָליטישע אַרעסטירטע".

דער פּעפּעסאָװיעץ — אוזיעמבלאַ דערקלערט:

„...איך האָב די איבערצײַגונג, אַז די סיסטעם פֿון שלאָגן הערשט װירקלעך אין די פּאָליצײ־אַרעסטן, און איך האָב זײ ניט בלױז פֿון באַזוכן די טפֿיסעס, נאָר אױך פֿון דעם, װאָס אײניקע אינספּעקטאָרן פֿון דער צענטראַלער פּאָליצײ־קאָמאַנדע האָבן מיר דערקלערט, אַז „אָן דעם איז זיך דאָך אומעגלעך צו באַגײן", איך האָב אױך די איבערצײַגונג, אַז אַפֿילע די אינספּעקטאָרן פֿון דער צענטראַלער פּאָליצײ־קאָמאַנדע, װעלכע באַקומען אַראָנק פֿאַר זײער אױפֿעריקע דינסט, װי דער סנאַרסקי (דער באַרימטער דעפֿענסיװיאַק און אָרגאַניזאַטאָר פֿון פּראָװאָקאַטאָרישע מאַיסים, דער „גײַסטיקער" פֿאָטער פֿון פּראָװאָקאַטאָר צעכנאָװסקי. ד. ב.), האָבן אַלײן געשלאָגן אַרעסטירטע".

דער װײַסרוסישער אַרבעטער־פּױערים־דעפּוטאַט — סאָבאָלעװסקי, װעלכער איז אַלײן געזעסן אין טפֿיסע, דערצײלט:

„...דער אָנפֿירער מיט דער עקספּאָזיטור, פּוכאַלסקי, דער פֿונקציאָנער מיכאַל סולעטיצקי, דער א. א. האָבן, קעדײ צו צװינגען דעם אַרעסטירטן אונטערצושרײַבן דעם פּאָליצײ־פּראָטאָקאָל, אָנגעװענדעט בענוגע קאָרפּאָװיטשן פֿאָלגנדיקע אינױים: מע האָט אים אַרױסגעריסן די האָר פֿון קאָפּ, מע האָט אים געשלאָגן מיט די פֿױסטן אין געזיכט, מע האָט אים אַרײַנגעשטעקט שפּילקעס אונטער די נעגל, מע האָט אים געשלאָגן מיט אַ גומענעם שטעקן איבער די פּיאַטעס, מע האָט אים געשטאָכן דעם קערפּער מיט נאָדלען... מע האָט אים געקװעטשט די פֿינגער צװישן דער טיר. אױף דעם אומגעװאָרפֿענעם אױף דער ערד האָבן זיך געזעצט די טאַליאָנים און האָבן אים געשלאָגן מיט רעװאָלװערן אין

האַלדז, אַף די אַמערסטן פֿילנדיקע ערטער, צום סאַך האָט מען אים צוגעשטעלט אַ רעוואָלווער צום קאָפּ דראָענדיק אים מיט דערשיסן.

אין דער נאַכט פֿון 31־טן אָקטיאבער אפֿן 1־טן נאָיאבער האָט מען איבערגעבאַזערט די אויבנדערמאָנטע יעסורים. דערביי האָט דער פּאָליציי־פֿונקציאָנאַר מיכאַל סולעטיצקי אַזוי שטאַרק אַ קלאַפּ אים געטאָן איבערן אויער, אַז ס׳האָט אים געפּלאַצט דאָס אויער־פּענבערל, מען האָט געשלאָגן און געמוטשעט 22 אַרעסטירטע אין סאָקולצע... אַף אַ באַזונדער באַרבאַרישן אויפֿן איז געשלאָגן געוואָרן דער אַרעסטירטער וולאַדזימיערוש שאַך. מע האָט אים געבונדן אַף אַזאַ אויפֿן, אַז די עלנבויגנס האָבן אַרומגענומען די פּיאַטעס פֿון די איינגעבויגענע פֿיס. אַזוי געבונדן — האָט מען אים געשלאָגן. אַף וויפֿל מען האָט אים געשלאָגן, רעט דער פֿאַקט, אַז דער געשלאָגענער, וואַרפֿנדיק זיך, האָט צובראָכן אַ שווערד, צו וועלכן מע האָט אים צוגעבונדן. אויסערדעם האָט מען דעם געשלאָגענעם אַריינגעגאָסן עטלעכע פֿלעשער עסיק אין דער נאָז.

„פֿון אַנטאָני סיצקאָ האָב איך באַקומען פֿאָלגנדיקן בריוו: „מע האָט מיך אַרעסטירט דעם 9־טן יולי 1925.... מע האָט מיך אָפּגעפֿירט אַ געשמידטן אין קייטן אפֿן פּאָליציי־פּאָסטן אין ווילקע ברושאָסטאָווצע (מאַירעוו־ווייסרוסלאַנד. ד. ב.)... דאַן האָט מען מיך אָפּגעשיקט אפֿן פּאָליציי־פּאָסטן אין מויסלאָשטש, דערביי איז דער טראַנספּאָרט פֿאָרגעקומען אַף אַזאַ אויפֿן: איך בין געלעגן אפֿן רוקן אין וואָגן און די הענט זיינען מיר געווען צוגעשמידט מיט אַ קייט צו די ביידע קעגנזייטיקע דראַבינעס פֿון וואָגן. דער מעהאַלעך פֿון וו. ברושעסטאָוויצע ביז מויסלאָשטש באַטרעפֿט 45 וויאָרסט... ניט באַקומענדיק פֿון מיר קיינע ענטפֿערן, האָט מען מיך אָנגעהויבן שרעקלעך צו שלאָגן. צוערשט האָט מיך דער נעהאָים־אַגענט מאַכורא געגעבן אַזאַ שטאַרקן קלאַפּ איבערן קאָפּ, אַז ער האָט מיך אומגעוואָרפֿן. נאָכדעם האָט מען מיר אַראָפּגענומען די שטיוול, מע האָט מיר אַריינגעשטעקט די עלנבויגנס אין אַ דראָנג, וואָס מע האָט מיר אָנגעטאָן אַף די פּלייצעס, מע האָט איינגעבויגן די פֿיס אין די קני און צוגעשמידט זיי צו די הענט. דעמאָלט האָט מען מיר אַרופֿגעוואָרפֿן אפֿן קאָפּ עפּעס אַ פּוטער, עמיצער פֿון די אַגענטן האָט זיך מיר אַרופֿגעזעצט אַף די ברוסטן און מע האָט מיך אָנגעהויבן שלאָגן מיט אַ גראָבן וואָגן־שטעקן אין די פּיאַטעס. עס האָבן געשלאָגן דריי אַגענטן טוישנדיק זיך, מע האָט אָפּגעציילט 60 קלעפּ, נאָכדעם האָט מען מיר אַריינגעגאָסן דורך דער נאָז אַ פֿלעשל וואַסער.. אָפּזאָגנדיק זיך אונטערצושרייבן, האָט מיך אָנגעהויבן צו שלאָגן דערזעלבער אַגענט מאַכורא מיט אַ דראָנג איבערן האַלדז. ניט זייענדיק אימשטאַנד אויסצוהאַלטן די ווייטערדיקע יעסורים, האָב איך מסכּים געווען אונטערצושרייבן דעם צוגעגרייטן דורך דער פּאָליציי פּראָטאָקאָל. מיט וועמענס אינהאַלט מע האָט מיך בכלל ניט באַקאַנט.

„...נאָך דעמטראָזיקן שלאָגן בין איך פֿיר טאָג געלעגן אַף דעמטראָזיקן פּאָליציי־פּאָסטן און איך בין געווען אַזוי קראַנק און אָפּגעשוואַכט, אַז מע האָט געמוזט איבעררייסן יעדע אויספֿאָרשונג... אין צוויי טאָג אַרום האָט מען מיך איבערגעפֿירט אין אַן אויטאָמאָביל צו דער דירע פֿון אָרטיקן סטאַראָסטע (אין גראָדנע), ווו מע האָט מיך ווידער געפֿרעגט וועגן עפּעס אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס איז מיר אומבאַוווּסט. עפּעס אַ פּאָליציאַנט, וואָס איז מיר אומבאַוווּסט, האָט מיך צוגערעדט, אַז איך זאָל באַשולדיקן אין דעם איניען. אַוועלכן עס איז יידן. איך האָב ניט געקענט אַף דעם ענטפֿערן, וואָרום איך האָב גאָר ניט געוווּסט וועגן דעם. דאַן האָט מען מיך ווידער אַריינגעזעצט אין אַווטאָמאָביל, אין וועלכן ס׳האָט זיך אויך אַריינגעזעצט דער גראָדנער סטאַראָסטע, און מען האָט מיך אָפּגעפֿירט.....

„...ווידער האָט מען געפֿאָדערט פֿון מיר, אַז איך זאָל זיך אָנערקענען, אַז איך געהער צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. ווען איך האָב זיך אָפּגעזאָגט, האָט מע מיך אָנגעהויבן שלאָגן. דאָס שלאָגן האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט. אַ געשמידטן און געבונדענעם האָט מען מיך געשלאָגן אין די פּיאַטעס, געטאָפּעט מיט די פֿיס, און איינער פֿון די טאַליאַנים איז מיר אַרופֿגעשפּרונגען אַף די ברוסטן און געטראָטן זיי.

נאָכדעם האָט מען מיר געשלאָגן מיט אַ דראָנג איבערן קאָפּ, ברוסט און פּלייצעס, מען האָט מיר אַריינגעשטעקט שפּילקעס אין די נעגל, אַזוי אַז איך האָב פֿאַרלאָרן פֿון ווייטאָק דאָס באַוווּסטזיין. ווען איך בין געלעגן אַ האַלב געבאַלעשטער, האָט מיר איינער פֿון די פּאָליציאַנטן געגעבן אַזאַ שטאַרקן קלאַפּ מיטן שטיוול אין מויל, אַז ער האָט מיר אויסגעהאַקט אַ צאָן. נאָכדעם האָב איך ווידער פֿאַרלאָרן דאָס באַוווּסטזיין... איך בין געלעגן אַ קראַנקער און זייער אַ ליידנדיקער אין קיך אַ גאַנצע וואָך... ס׳איז געקומען צו פֿאָרן דער סטאַראָסטע און האָט פֿאַרשפּראָכן צו באַפֿרייען מיך, אויב איך וועל אונטערשרייבן דעם פּאָליציי־פּראָטאָקאָל. איך האָב זיך אָפּגעזאָגט. מע האָט מיך איבערגעפֿירט אין גראָדנער טפֿיסע... מיין שרעקלעכן צושטאַנד האָבן געזען.... (אויסגערעכנט נעמען. ד. ב.)... איך בין געווען אַזוי קראַנק, אַז דער וועכטער האָט מיר געפֿרעגט, צי ער זאָל ניט רופֿן צו מיר דעם נאַלעך. מע האָט מיך איבערגעפֿירט אין שפּיטאָל... איך בין געווען אַזוי קראַנק און אַזוי אומבאַהאָלפֿן, אַז אין משך פֿון צוויי וואָכן האָט מען מיך געמוזט אַרומזעען, שפּייזן מיך און איבערדרייען פֿון איין זייט אַף דער צווייטער... איך פֿיל זיך נאָענט צום טויט".

די סוים־דעפּוטאַטן, וועלכע האָבן „אויסגעפֿאָרשט" די לאַגע אין די טפֿיסעס, האָבן ניט ווילנדיק געמוזט מודה זיין אין די שרעקן, וועלכע זיי האָבן געזען בלויז אין איניקע צוואַנציק טפֿיסעס פֿון די 341 טפֿיסעס, וועלכע זיינען פֿאַראַן אין פּוילן.

דער סוים־דעפּוטאַט טוגוט, וועלכער ווייס באַשטימט זייער פֿיל, נאָר ער וויל ניט דערציילן, מוז פֿונדעסטוועגן איבערגעבן פֿאָלגנדיקע שוידערלעכע פֿאַקטן:

„...אין דער טפֿיסע אין נאָוואָגרודעק (מאַירעוו־ווייסרוסלאַנד. ד. ב.) האָב איך געטראָפֿן צוויי אַלטיטשקע, וועלכע ציילן צוזאַמען 150 יאָר. קימאַט בלינדע, קימאַט טויבע, וועלכע זיינען באַשולדיקט אין פֿאַלשע איידעס זאָגן... אין דערזעלבער טפֿיסע האָבן מיר געטראָפֿן עטלעכע צוואַנציק פּערזאָן, פּויערים פֿון נאָענטן דאָרף, וועלכע זיינען באַשולדיקט אין אויסקאָפּן דעם אייזנבאַן־פּלאַנט, אין וועלכן ס׳איז אָנגעקומען נאָך אַ שטורעם וואַסער און האָט פֿאַרגאָסן די וואָינונג־הייזלעך. ...די מענטשן האָבן ניט געקאָנט פֿאַרשטיין זייער פֿאַרברעכן: זיי האָבן דאָך געראַטעוועט זיך און זייערע פֿאַמיליעס פֿון טויט, אָפּלאָזנדיק די וואַסער, וועלכע האָט געדראָט דאָס פֿאַרגיסן פֿון זייערע הייזער." און רעדנדיק דערעט ער זיך:

„...ס׳איז ניטאָ קיין זאַך, וואָס ס׳דערלויבט פֿאַרבייצוגיין גלייכגילטיק, אויב מען וועט נאָר אַ טראַכט טאָן, אַז מיר טרעפֿן אין די טפֿיסעס מענטשן, וועלכע זיצן 1, 2, 3, יאָר, וועלכע ס׳איז אַפֿילע ניט צוגעשטעלט געוואָרן קיין באַשולדיקונג־אַקט, און וועלכע ווערן נאָך דעם פֿאַרמישפּעט אַף אַ יאָר אָדער האַלב יאָר, ניט פֿאַררעכענענדיק די דריי יאָר, וועלכע זיי זיינען געזעסן ביזן געריכט".

טוגוט דערציילט ווייטער וועגן דער שרעקלעכער קאַטאָרגע, דער „הייליקער קרייץ" (אין קעלצער גובערניע).

„הייליקער קרייץ"! אַלטע רעצעדעוויסטן פֿאַרברעכער ווערן מיט טרערן, ווען זיי הערן, אַז מען שיקט זיי דאָרטן זיצן. די דאָזיקע טפֿיסע איז אַ לעבעדיקער קבֿער, פֿון דאָרטן קומט קיינער ניט אַרויס. אין דער דאָזיקער טפֿיסע לעבט ניט אויס קיין אַרעסטירטער גאַנצע צוויי יאָר. די דאָזיקע טפֿיסע איז אַן אַלטער מיטלאַלטערלעכער קלויסטער, פֿון די ווענט רינט וואַסער, די קאַמערן זיינען אונטער דער ערד. שוין יאָרן, ווי ס׳פֿאָרן דאָרט „קאָמיסיעס" און „באַשליסן", אַז מען מוז זי ליקווידירן, אַז דאָרטן איז ניט קיין טפֿיסע, נאָר אַ מויסים־שטיבל, אָבער די מאַכט לאַכט פֿון דעם. זי האָט געפֿונען אַ מיטל, ווי אַזוי פּאָטער צו ווערן פֿון אַרעסטירטע. די לאַגע פֿון די אַרעסטאַנטן איז אַזאַ פֿאַרצווייפֿלטע, אַז זיי האָבן ניט אויסגעהאַלטן און פֿאָריקעם יאָר ענדע זומער, האָבן זיי געמאַכט אַן אויפֿשטאַנד, דערביי זיינען אומגעקומען עטלעכע אַרעסטירטע. די לעבעדיקע האָבן אָבער מעקאַנע געווען די טויטע.

טע, זוי זיינען שוין „גליקלעך" פֿאַטער געוואָרן פֿון דערדאָזיקער שרעק. אין דערדאָזיקער טפּיסע האַלט מען פּאָליטישע אַרעסטירטע. און טונגוט שרייט אויס:

„....איך האַלט, אַז די „הייליקע קרייז"-טפּיסע איז ניט דערלאָזבאַר אין פּוילן, אַז דאָס איז אַן אָרט, וווּהין מען קען שיקן מענטשן, קעדיי, וואָס שנעלער אָפּצוטראַנספּאָרטירן זיי אַף יענער וועלט... די דאָזיקע טפּיסע, ווי די הערן איז באַוווּסט, געפֿינט זיך אַף אַ געגנט הייליקן באַרג, איז אַרומגערינגלט מיט אַ וואַלד און איז געבויט פֿון שטיינער, איבער וועלכע ס'גיסט זיך אַ גאַנץ יאָר וואַסער. די דאָזיקע טפּיסע ווירקט בלי שום ספֿק טויטלעך אַף דער נערוון-סיסטעם און אַף די לונגען פֿון דעם אַרעסטירטן"...

איינער פֿון די ווייסרוסישע סיים-דעפּוטאַטן דערציילט:

„דער באַוווּסטער מיר פּערזענלעך טפּיסע-נאַטשאַלניק סורטינסקי, וועלכער איז איצט אין ראָווגע, איז אַן אומבעראַכמאָנעסדיקער, ברוטאַלער סאַטראַפּ, וועלכער ווייסט ניט פֿון קיין אַנדערע מעטאָדן בענייע דעם אַרעסטירטן, ווי נאָר רעפּרעסיעס. בײַ יעדער געלעגנהייט ווענדעט ער אָן קאַרצער, און אין פֿאַל פֿון פּראָטעסט — שמידט ער אין קייטן און גיסט אָפּ מיט עטלעכע עמער קאַלטע וואַסער אַפֿן קאָפּ, ניט קוקנדיק אַף די צייט פֿון יאָר און אַפֿן געזונט-צושטאַנד פֿון דעם אַרעסטירטן... איך האָב זיך אויך אין דעם איבערצייגט, זייענדיק אין נאָוואָגרודקער טפּיסע. די דאָזיקע טפּיסע איז אַזוי אויך זייער אַ פֿייכטע. און צוליב דעם ניט הייצן רינט פֿון די ווענט... דער קאַרצער איז זייער קליין; דער אַרעסטירטער, וועלכער איז געווען דאָרטן כאָטש צוויי טעג, גייט פֿון דאָרטן אַרויס האַלב פֿאַרסאַמט און האַלב בלינד.

„... אַפֿילע די קאָמיסיע האָט באַשטעטיקט דעם איצט באַוווּסטן פֿאַקט פֿון הונגער-קאַמפּף פֿון די אַרעסטירטע פֿאַר פֿאַרטיידיקן זייער רעכט. די הונגער-שטרייקן און די טפּיסעס פֿון דער רעפּובליק זיינען אַ טאָגטעגלעכע דערשיינונג און ווערן טאָמיד פּראָוואָצירט פֿון דער טפּיסע-פֿאַרוואַלטונג".

דער קאָמוניסטישער סיים-דעפּוטאַט, ח' פּריסטופּאַ, דערגאַנצט דאָס דאָזיקע שוידערלעכע בילד.

„...און ביאַליסטאָק... דאָרטן אונטערן איינפֿלוס פֿון פֿאַרצווייפֿלונג, וועלכע ווערט אַרויסגערופֿן דורך די פֿאַרפֿאָלגונגען, באַגייען די אַרעסטירטע זעלבסטמאָרד, ווי וואָיציק א. ד. גל.

„...די טפּיסע אין ווראָנקע... באַזיצט 1500 איינצל קאַמערן... די באַדינונגען אין דערדאָזיקער טפּיסע זיינען שרעקלעכע... מיר האָבן ניט קיינע פּאָליטישע רעכט... מען טוט אונדז איבער מיט געוואַלט אין אַרעסטאַנטן קליידער... מען נעמט אונדז צו די שרייב-מאַטעריאַל... און די קלאָזעטן לאָזט מען אונדז פֿון קאַמערן ניט אַרויס... זעקס אַזייגער צווינגט מען אונדז זיך אויסצוטון און איבערלאָזן דאָס אָנטאָן אין קאָרידאָר, אונטער די טיר פֿון קאַמער... ווינטער איז אונדז ניט דערלויבט זיך וואָרעם אָנצוטאָן... די פֿאַרמישפּעטע אַף 1447 טעג שטראָף-קאַמער נעמט מען צו די קליידונג, און מען פֿאַרשליסט אָן בעטגעוואַנט, אָן קליידונג אַף דער גאַנצער צייט, געבנדיק נאָר וואַסער און ברויט.

„איצט, ערשט מיט אייניקע וואָכן צוריק, האָב איך באַקומען אַ טעלעגראַמע, אַז אין ווראָנקע איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דער לאָדזשער אַרבעטער, ח' ראָמאַן קאַלושאַ. פֿאַרמישפּעט אַף קאַטאָרגע פֿאַר קאָמוניזם... קאַלושאַ האָט ניט אויסגעהאַלטן, קוידעמקאָל, די געצווונגענע איינזאַמקייט... די צערודערטע נערוון האָבן אים אָפּגעזאָגט צו פֿאָלגן.

„...ס'איז גענוג צו דערמאָנען, אַז נאָר אין אייניקע פּוילישע טפּיסעס, ווו ס'זיצן אוקראַינישע אַרבעטער און פּויערים, אין לוצק, קאָוועל, וולאַדזימיערזש-וואָלין, לעמבערג און סאַמבאָר, זיינען אין משך פֿון די יאָרן 1924—1925 פֿאָרגעקומען איבער 40 הונגער-שטרייקן, וועלכע האָבן געדויערט 160 טעג. וואָס פֿאַר אַ פּיין זיינען עס די דאָזיקע מענטשן אַדורכגעגאַנגען און וואָס האָט זיי געצוווּנגען צו אַזאַ שרעקלעכן מיטל — צו גוט איז דאָס שוין דאָ באַוווּסט. צו געדענקבאַר זיינען די בלוטיקע געשעענישן אין דער לוצקער און לעמבערגער טפּיסע...

„איך וועל ברענגען אייניקע פֿאַקטן... אין איניען פֿון פֿאַרסאַמען דעם פּאָליטישן אַרעסטירטן ק ר י י ז אין וולאַדזימירער שפּיטאָל אין וואָלין. דעם אַרעסטירטן, וואָס איז קראַנק אַף די לונגען, האָט מען געפֿונען באַדערנאַכט אָן אַ זינען מיט סימאָנים פֿון שטאַרקער פֿאַרסאַמונג. ערשט אין צוויי שאָ אַרום איז געלונגען די דאָקטוירים ברענגען אים צום באַוווּסטזיין, דערביי האָבן זיי באַשטעטיקט, אַז דעם קראַנקן האָט מען געגעבן אין דער מילך צוויי דאָזעס סטריכנין".

די דאָזיקע אַלע פֿאַקטן זיינען נאָר גענומען פֿון דריי—פֿיר דעפּוטאַטן-רעדעס, וועלכע זיינען געהאַלטן געוואָרן מיט פֿיר כאַדאָשים צוריק. וויפֿל האָבן די דעפּוטאַטן ניט דערזאָגט. וויפֿל איז אוממעגלעך געווען צו דערזאָגן? וויפֿל האָט זיך פֿאַרגרעסערט און פֿאַרשטאַרקט דער ווייסער טעראָר אין פּוילן נאָך דעם בוידעש מאַרט!

שווער איז דער וועג פֿון דעם קעמפֿנדיקן קאָמוניסטישן אַוואַנגאַרד אין פּוילן, פּייַנלעך, שרעקלעך איז דאָס לעבן פֿון דעם אַרבעטער און פּויער אין דעמדאָזיקן בלוטיקן לאַנד.

פֿון פּוילישן טויטן-הויז דערטראָגט זיך איבער דער גאַנצער וועלט דער וויי-געשריי פֿון די צום טויט פֿאַרפּייניקטע. דער געשריי נאָך הילף און רעטונג. עס הערט זיך אָבער דאָס אָנקומען פֿון שטורם, דער ערשטער בליץ, האָט זיך שוין באַוויזן. עס וועט זיין אַ שטורם, אַ ווירבל, וועלכער וועט פֿאַרניכטן דאָס שרעקלעכע מייסים-הויז, וועט צעברעכן די אייזערנע קייטן, אין וועלכע ס'איז געקאָוועט דער אַרבעטער און פּויער אין פּוילן.

עס וועט קומען דער טאָג, ווען דאָס אויפֿשטייענדיקע אַרבעטער-פֿאָלק וועט צוברעכן די טפּיסעס. און דאַן „ו ע ל ן מ י ר ז י י ן ד י ר י כ ט ע ר"

---

א. קריניצקי.

# די פּאַרטיי און די אינטעליגענץ.

1

## ווי שטייט די פראַגע וועגן דער אינטעליגענץ.

די פראַגע וועגן דער פּאַרטיי און לערערשאַפט איז, און טאַקע געוויס, די פראַגע וועגן דעם אַרבעטער-קלאַס און לערערשאַפט, וועגן דעם סאָציאַליזם און לערערשאַפט, ווייל דער סאָציאַליזם איז דער נאָענטסטער ציל פון אונדזער קאַמף. דערדאָזיקער ציל באַשטימט דעם וועג פון אונדזער קאַמף און דעם טאַקט פון דער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע, דורך וועלכער מיר שטרעבן צו דערגרייכן דעמדאָזיקן ציל אינם איבערגאַנג-מאָמענט — די מעלוכע פון דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. דער הויפּט סאָציאַלער קויעך, דער קלאַס, וואָס פירט א סאָציאַלן קאַמף און א סאָציאַליסטישע באַוועגונג, פירט אָן מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג — איז דער אַרבעטער-קלאַס, דער אינדוסטריעלער פּראָלעטאַריאַט, וועלכער שליסט א בונד מיטן פּויערטום. די הויפּט-געווער און דער הויפּט-אָנפירנדיקער קויעך אין דעמדאָזיקן קאַמף און אין דער באַוועגונג — איז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי.

ווען מיר שטעלן אין אונדזערע באַדינגונגען די פראַגע וועגן „פּאַרטיי און לערערשאַפט“ — דאַרפן מיר זיך קודעמקאָל אָפּזאָגן פון אייניקע פאַלשע פאָרשטעלונגען אין דער פראַגע וועגן דער אינטעליגענץ און איר אָרט אין דער פאַרהעלטעניש צווישן פאַרשיידענע קלאַסן.

דער אַרבעטער-קלאַס קעמפט ניט נאָר אין די אינטערעסן פון זיין קלאַס, ער קעמפט, בויט אין דער שפּיץ פון דער גאַנצער מענטשהייט. די זאַך פונם אַרבעטער-קלאַס איז די זאַך פון דער גאַנצער האָרעפּאַשנער מענטשהייט. מיר זאָגן: דער אַרבעטער-קלאַס איז א העגעמאָן. אין אונדזער לאַנד איז דער אַרבעטער-קלאַס נאָך דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע אָרגאַניזירט אין אזא מעלוכישער-סיסטעם, וואָס רופט זיך דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, בא וועלכער דער זיגער, דער אַרבעטער-קלאַס, פירט נאָך זיך אלע האָרעפּאַשניקעס, אויף וועלכע ער שטיצט זיך.

אונדזער היסטאָרישער פּעריאָד איז דער פּעריאָד פון יענעם עטאַפּ פון קאַפּיטאַליזם, וועלכער רופט זיך אימפּעריאַליזם, א פּעריאָד פון פאַנאַנדערגעוויקלטן קלאַסנקאַמף, ווען עס פירן א קאַמף צוויי גרונט-קויכעס: דער אַרבעטער-קלאַס און די בורזשואַזיע.

די קליינבורזשואַזע צווישנשיכטן, דאָס פּויערטום און זיין הויפּט-מאַסע — דאָס מיטל-פּויערטום, שפּילן ניט אין דעמדאָזיקן קאַמף קיין זעלבשטענדיקע ראָל, זיי שטעלן מיט זיך ניט פאָר קיין זעלבשטענדיקן קויעך, זיי שטייען צו צו דעם אָדער יענעם קלאַס. דאָס מיטל-פּויערטום, די הויפּט פּויערישע מאַסע קען אָנגעפירט ווערן אָדער דורך דער בורזשואַזיע אָדער דורכן פּראָלעטאַריאַט. אין אונדזער לאַנד, צום ביישפּיל, ווערט דער גרעסטער טייל פונם פּויערטום אָנגעפירט דורכן אַרבעטער-קלאַס. אין דער רעוואָלוציע פון 48-טן יאָר אין דייטשלאַנד, האָט די בורזשואַזע-רעסטאַוראַציע זיך אויסגעדריקט אין דעם, וואָס בעראָש פונם פּויערטום האָט זיך געשטעלט די בורזשואַזיע. אין דער געשיכטע איז נאָך קיינמאָל ניט געווען א פאַל, ווען די קליינבורזשואַזיע בכלל און דאָס פּויערטום בפרט, זאָל האָבן א זעלבשטענדיקע, אָנפירנדיקע באַדייטונג.

דעמדאָזיקן עמעס דאַרף מען קודעם קאָל געדענקען, ווען מיר רעדן וועגן די סאָציאַלע צווישנשיכטן.

ווי שטייט די פראַגע וועגן דער אינטעליגענץ? די אינטעליגענץ איז ניט קיין קלאַס, ניט קיין מאָנאָליטיש-איינהייטלעכער סאָציאַלער שיכט. אונטער דעם באַגריף אינטעליגענץ דאַרף מען פאַרשטיין די אידעאָלאָגישע טאָנגעבער פון דעם אָדער יענעם קלאַס — פון פּראָלעטאַריאַט, בורזשואַזיע אָדער קליינבורזשואַזיע. אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט שטעלט מיט זיך א באַדייטנדיקער טייל פון דער אינטעליגענץ פאָר די אידעאָלאָגישע טאָנגעבער פון דער בורזשואַזיע, וועלכע דינען פאַר איר ווי קאַדערס, מיט וועלכע די בורזשואַזיע באַנוצט זיך אין אירע קלאַסן-אינטערעסן... צום ביישפּיל, אין די צייטן פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, האָט די בורזשואַזע אינטעליגענץ געשפּילט א קאָלאָסאַלע ראָל הען אין דער צוגרייטונג, הען אין דעם עצם קאַמף פון דער בורזשואַזיע מיט דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט. אין 1917-טן יאָר אין רוסלאַנד האָט די אינטעליגענץ, אין דעם איבערגאַנג-פּעריאָד פון דער בורזשואַזער צו דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, פאָרגעשטעלט היפּטוכלעך די קליינבורזשואַזיע, צוזאַמען מיט איר און בעראָש פון איר האָט זי פאַרווירקלעכט די ליניע, וועלכע איז אַמפּולסטן אויסגעדריקט געוואָרן דורך קערענסקען און די סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן. נאָך דער אָקטיאַבער-איבערקערעניש, אין 18-טן יאָר, איז א באַדייטנדיקער טייל פון דערדאָזיקער אינטעליגענץ געבליבן אויף יענער זייט פון דער האַלבצעבראָכענער בורזשואַזיע, וועלכע האָט מיט אַלערליי מיטלען געשטרעבט צו רעסטאַווירן איר לאַגע, וועלכע האָט געפּרווט דורך דער הילף פון דער אינערלעכער קאָנטר-רעוואָלוציע און פון אויסלענדישע אימפּעריאַליסטן צעקלאַפּן די געשאַפענע מעלוכע פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, נאָר שוין אין זעלבן 1918 יאָר זעען מיר די אינטעליגענץ, וועלכע גייט שוין אָפּ פון דער פּאָזיציע, שטעלט זיך אויף דער פּאָזיציע פון אַרבעטער-קלאַס, שטעלט זיך אין די רייען פון יענעם טייל פון דער אינטעליגענץ, וועלכע איז שוין לאַנג צוגעשטאַנען צום פּראָלעטאַריאַט און געהאָלפן אים אין די ערשטע טעג נאָך דער אָקטיאַבער-איבערקערעניש. איצטער אין 1926 יאָר, קאָנען מיר אויך ניט זאָגן, אז די אינטעליגענץ, וועלכע אַרבעט אין אונדזער לאַנד, איז איין און דערזעלבער שיכט מיט איין און דערזעלבער פּאָליטישע ליניע. עמעס, די באַוווסטזיניקע און די ערלעכע אין די רייען פון דער אינטעליגענץ איז צוגעגאַנגען צום אַרבעטער-קלאַס, אַרבעט מיט אים צוזאַמען אונטער דער אָנפירונג פון דער פּאַרטיי, אלין א גרעסערער טייל פון דער אינטעליגענץ גייט איבער צו דערדאָזיקער פּאָזיציע. אין דעם זין באַמערקט זיך א באַדייטנדיקער איבערברוך אין די רייען פון דער אינטעליגענץ און איבערהויפּט פון דער לערערשאַפט. מיר דאַרפן אָנערקענען, אז א באַדייטנדיקער טייל פון דער לערערשאַפט שטעלט זיך און וויל זיך שטעלן אויף דער פּאָזיציע פונם פּראָלעטאַריאַט, נאָר ס'איז גאַנץ קלאָר, אז צוליב זיין סאָציאַלער אָפּשטאַמונג, צוליב זיינע סאָציאַלע פאַרבינדונגען מיטן דאָרף און אין א באַדייטנדיקער מאָס צוליב די סאָציאַלע ווירקונגען איצטער און איבערהויפּט אין דאָרף, — שפּיגלט נאָך אָפּ דער לערער, דער אינטעליגענט-האָרעפּאַשניק די ספּיקעס, וועלכע עס טראָגט דאָס מיטל-פּויערטום. און אַנדערש קאָן עס ניט זיין, ווייל פון דערדאָזיקער פּויערישער סבֿיווע איז אין דער גרעסטער מערהייט ווייגער אַרוים דער לערער, ווייל מיט דערדאָזיקער סבֿיווע איז ער פאַרבונדן.

אין דערזעלבער צייט זעען מיר אָבער, אז א באַדייטנדיקער טייל פון דער לערערשאַפט אַרבעט אַקשאָנעסדיק, קעדיי דורך אַן ערנסטער

טעאָרעטישער ארבעט איבער זיך, מיטן אָנטייל אין דער פּראַקטישער בויונג אַרויסגיין אַף די פּראָלעטאַרישע פּאָזיציעס. מיר זעען באַדייטנדיקע דערגרייכונגען אין דעם זין, ווען פֿון די רייען פֿון דער אינטעליגענץ גייען אַרויס יעכידים, וועלכע ווערן בעעמעס פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציאָנערן ניט נאָר לויטן פֿאַרלאַנג זייערן, נאָר ווערן אין דער ווירקלעכקייט רעוואָלוציאָנערן, וועלכע קומען אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. דערדאָזיקער פּראָצעס וועט וואָס ווייטער אַלץ פֿאַרברייטערט און פֿאַרטיפֿערט ווערן, ווייל באַ אונדזער אָרדענונג זיינען ניטאָ קיין שאַרפֿע סטירעס צווישן פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום, ווייל וואָס ווייטער אַלץ מער דערנעענטערט זיך דאָס פּויערטום צום פּראָלעטאַריאַט און וואָס ווייטער אַלץ מער אַנטוויקלט זיך די ארבעט אַף איבערדערציען דעם פּויער. אין דעם דאָזיקן פּראָצעס פֿון פֿאַרפֿעסטיקן דעם בונד צווישן ארבעטער און פּויער, שפּיגלט אָפּ אין זיך די אינטעליגענץ, דערנעענטערנדיק זיך צום ארבעטער-קלאַס.

ס'איז זייער וויכטיק פֿאַנאַנדערקלייבן זיך אין די באַזונדערקייטן פֿון דער פֿראַגע וועגן דער אינטעליגענץ אין יעדער נאַציאָנאַלער רעפּובליק באַזונדער. אין אַ נאַציאָנאַלער רעפּובליק, קימאַט אין יעדער נאַצ.-סאָוועטישער רעפּובליק, איז די נאַצ. קולטור זייער אָפּגעשטאַנען צוליב דער פּאָליטיק פֿון דער צאַרישער רעגירונג. אין די ארבעטנדיקע מאַסן, און איבערהויפּט אינעם פּויערטום, איז דידאָזיקע קולטורעלע אָפּגעשטאַנענקייט באַזונדער גרויס. אָט פֿאַרוואָס אין יעדער נאַציאָנאַלער רעפּובליק, שטייט פֿאַר דער פּאַרטיי די אויפֿגאַבע איבערצוציען אַף דער זייט פֿונעם ארבעטער-קלאַס, אַריינציען אין קולטורעלער, פּאָליטישער און ווירטשאַפֿטלעכער בויונג די קויכעס פֿון דער אינטעליגענץ.

אין די באַדינגונגען פֿון קאַמף קעגן נאַציאָנאַלן יאָך האָבן מיר ניט איין מאָל געזען אין דער געשיכטע אַ בונד פֿון דער בורזשואַזיע, פּויערטום, אָפּטמאָל אַפֿילע פֿון פּראָלעטאַריאַט. דער קאַמף פֿאַר נאַציאָנאַלער באַפֿרייונג, האָט פֿאַראייניקט פֿאַרשיידנאַרטיקע שיכטן פֿון דער אינטעליגענץ, אָפּמעקנדיק אָפּטמאָל אַלע ווידערשפּרוכן צווישן זיי. די דיפֿערענצירונג אין די רייען פֿון דער אינטעליגענץ באַ די באַדינגונגען פֿון אַ נאַציאָנאַלער רעפּובליק איז אָפֿט פֿאַרבאַהאַלטן און מ'זעט זי ניט דערפֿאַר, ווייל אַפֿן געביט פֿון דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע קומען זיך נאָענט צוזאַמען אַזעלכע מענטשן, וועלכע, זיינען לויט זייער קלאַסן-פּאָזיציע, לויט זייער פּאָליטישער און סאָציאַלער פּלאַטפֿאָרם, גאַנץ אָפֿט נאָר ניט אַזוי נאָענט איינער צום אַנדערן.

אין די באַדינגונגען פֿון אַ סאָוועטישן לאַנד, דערנעענטערט, נאַטירלעך, און פֿאַראייניקט אויך אָפֿט, דער קאַמף פֿאַר אויפֿלעבן די נאַציאָנאַלע קולטור, די שיכטן, פֿון די אינטעליגענטישע רייען, וועמענס קלאַסן-פּאָזיציעס זיינען זייער פֿאַרשיידן, באַדייטנד מער פֿאַרשיידן, ווי ס'דוכט זיך פֿון ערשטן קוק, פֿון דעם איז פֿאַרשטענדלעך די באַזונדערע שווערקייטן און די באַזונדערע וויכטיקייט אין די באַדינגונגען פֿון אַ נאַציאָנאַלער רעפּובליק — אַרויסצוּווייזן פֿאַר דער גאַנצער נאַציאָנאַלער אינטעליגענץ דעם קלאַסן-אינהאַלט פֿון די פּאָזיציעס פֿון דער אָדער יענער גרופּע פֿון דער אינטעליגענץ. צוציען אַף דער זייט פֿון פּראָלעטאַריאַט איר גרעסערן טייל, אַרויספֿירן פֿון וואַקלונג-צושטאַנד און פּאָליטישער פּאַסיווקייט איר צווישנשיכט, אויפֿדעקן דעם בורזשואַזן און קליינבירגערלעכן פֿליגל, און סאָפֿקאָלסאָף פֿירן נאָכן פּראָלעטאַריאַט דעם גרעסטן טייל פֿון דער אינטעליגענץ.

אָט די אַנערקענטע דיפֿערענצירונג אין די רייען פֿון דער נאַציאָנאַלער אינטעליגענץ דאַרף אין קיין פֿאַל ניט ברענגען, מיצאַד דער פּאַרטיי און ארבעטער-קלאַס, צו אַ פּאָליטיק פֿון „אָפּשטויסן“. פֿאַרקערט, מיר זאָגן יעדערן, וועלכער וויל ארבעטן אַף דער פֿאַרשטאַרקונג פֿון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור: „גיי און ארבעט אונטער אונדזער אָנפֿירונג“. און דערזעלבער צייט אָבער, וועלן מיר דאַרפֿן נערגלדיק אויפֿקלערן אַלע רעשטן פֿון די אינטעליגענטישע פֿאַרבינדונגען מיט דעם קלאַס פֿון דער גרויס-בורזשואַזיע אָדער קליינבירגער פֿון אַלע, וועלכע ווילן מיט אונדז ארבעטן, און דערזעלבער צייט פֿאָדערן מיר, אַז מ'זאָל זיך אָפּזאָגן פֿון יעדער פּאָזיציע, וועלכע איז פֿיינטלעך דער דיקטאַטור פֿון ארבעטער-קלאַס. מיר שטעלן שאַרף די פֿראַגע וועגן דער דיפֿערענצירונג אין די רייען פֿון דער אינטעליגענץ, וועגן דעם, אַז אַזאַ דיפֿערענצירונג איז דאָ, זי וועט גיין ווייטער, אַז זי איז אומפֿאַרמיידלעך. מיר באַהאַלטן ניט אונדזערע פֿאַרשיידענע באַציִונגען צו פֿאַרשיידענע גרופּן פֿון דער אינטעליגענץ.

·2

## די אָריענטאַציע פֿון דער ווייסרוסישער אינטעליגענץ

טוט אַזוי ריכטיק די פּאַרטיי? אין האַרבסט 1925 יאָר, האָט ק. פּ. ו. צום ערשטן מאָל אָפֿן געשטעלט אין דער פּרעסע די פֿראַגע וועגן דעם, אַז אין די רייען פֿון דער ווייסרוסישער אינטעליגענץ און פֿון דער אינטעליגענץ פֿון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן — סאַי פֿון דער גרויס-רוסישער, סאַי פֿון דער יידישער און סאַי פֿון דער פּוילישער — זיינען דאָ פֿאַרשיידענע גרופּן. מיר האָבן גערעדט וועגן דער אינטעליגענץ, וועלכע האָט אַקטיוו אָנגענומען די פּאָזיציע פֿון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור און האָט אַקטיוו אָנטייל גענומען אין דער סאָציאַליסטישער בויונג. מיר האָבן גערעדט וועגן דער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ, אַ ניט-באַדייטנדיקע גרופּע, וועלכע איז לויט איר פּאָליטישער פּאָזיציע, דער היפּעך פֿון דער ערשטער. מיר האָבן גערעדט וועגן דעם וואַקלענדיקן און פּאָליטיש-פּאַסיוון טייל פֿון דער אינטעליגענץ. צו דערדאָזיקער פֿראַגע האָבן מיר געקענט צוגיין אַף אַ צווייענדיקן אופֿן: פֿאַרדעקן די פֿאַקטיש-עקזיסטירנדיקע דיפֿערענצירונג, אָדער שטעלן די פֿראַגע אין איר גאַנצער שאַרפֿקייט. מיר רעכענען, אַז די פֿראַגע דאַרף מען טאַקע שטעלן אין איר גאַנצער שאַרפֿקייט. מע קען ניט פֿירן קיין ריכטיקע קלאַסן-פּאָליטיק, אויב מע פֿאַרדעקט פֿאַר זיך די עקזיסטירנדיקע פֿאַקטן.

ווי האַלט דאָס מיט דעם באַ אונדז אין ווייסרוסלאַנד, און ווי שטעלט ק. פּ. ו. די פֿראַגע וועגן דער ארבעטנדיקער אינטעליגענץ אין גאַנצן גענומען און וועגן דעם גרעסטן טייל פֿון דערדאָזיקער אינטעליגענץ, איך וואָלט געזאָגט, וועגן דער גרונט-מאַסע פֿון דער אינטעליגענץ — וועגן דער לערערשאַפֿט?

אַ פּאָר ווערטער וועגן דער לאַגע אין די רייען פֿון דער אינטעליגענץ, וועלכע געפֿינט זיך אַף יענער זייט גרענעץ. דאָס לעבן פֿון יענער אינטעליגענץ קאָן ניט זיין אינגאַנצן אָפּגעריסן פֿון לעבן, שטימונגען און האָפֿענונגען פֿון אונדזער אינטעליגענץ, און פֿאַרקערט, פֿאַר דער לעצטער צייט האָט זיך אין די רייען פֿון דער אינטעליגענץ, וועלכע געפֿינט זיך אַף יענער זייט גרענעץ, בולעט אָנגעמערקט 3 אָריענטירונגען: די ערשטע גרופּע פֿאַראייניקט די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן פֿון דער אינטעליגענץ און איז אַמערסטן נאָענט צוגעגאַנגען צו אונדזער פּאַרטיי. וועגן די אַרויסטרעטונגען פֿון אָט דער אינטעליגענץ, ווייסט איר פֿון די צייטונגען. די צווייטע גרופּע, וועלכע איז ניט צוגעגאַנגען האַרט צו אונדז, האָט זיך ניט גענוג דערנעענטערט צו דער פּאָזיציע פֿון אונדזער פּאַרטיי, אָבער זי איינגעגאַנגען אַף אַ פֿולער אָנערקענונג פֿון דער סאָוועטן-מאַכט: האָט געמאָלדן, אַז זי וויל ארבעטן און וועט ארבעטן אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דער סאָוועטן-מאַכט; האָט אָנערקענט, אַז די ווייסרוסיש-סאָוועטישע מלוכע איז די איינציקע פֿאָרם, באַ וועלכע ס'איז מעגלעך דורכצופֿירן אַ ריכטיקע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק און ריכטיק דערליידיקן די ווייסרוסישע פֿראַגע.

אָט די צווייטע גרופּע האָט צוזאַמענגעקליבן אין אירע רייען אַ גרויסע צאָל פֿאַרשיידענע מענטשן, אַ טייל פֿון וועלכע עוואָלוציאָנירט מער אָדער ווייניקער, נענטער צו דער ערשטער גרופּע. די דריטע גרופּע איז די, וועלכע טרעט אַרויס אָפֿן קעגן אונדז. דאָס איז דער רעכטער פֿליגל מיט אַ בולעטער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטישער פּלאַטפֿאָרם; איז קעגן קעגן דער אָריענטירונג אַפֿן סאָוועטישן ווייסרוסלאַנד; איז קעגן דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור; איז קעגן אונדזער פּאָליטיק אַפֿן געביט פֿון עקאָנאָמישער און סאָציאַליסטישער בויונג. דאָס איז דער „פּויערים פֿאַריין“ (ראַגולע און אַנדערע) א. א. ו.

איצט מ׳זאָל א קוק טאָן ווי האַלט עס בײַ אונדז אין סאָוועטן-ווײַסרוסלאַנד, איז דאָ, אומגעפער, אַזאַ פאַנאַנדערגרענעצונג פון די גרופּן, נאָר מיט אַן אַנדער צווישנבאַציונג צווישן זיי און מיט אַן אַנדער באַדײַטונג פון יעדערער פון זיי, בײַ אונדז גייט עס בעהעסקעם מיט אונדזער אָרדענונג פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור.

בײַ אונדז אין ווײַסרוסלאַנד קאָנען מיר אָנמערקן פיר גרופּן. די ערשטע, וועלכע נעמט אָן אין א פולער מאָס די הויפּט-ליניע פון דער פּאַרטיי און אַרבעט פּאַקטיש מיט איר האַנט בײַ האַנט. די גרופּע ווערט ווערבירט הויפּטזעכלעך פון דער נידעריקער אינטעליגענץ; אין קאַמוס איז זי ניט באַדײַטנד, איר וואָגיקייט אָבער, איר ווירקונג, איר אָנפירנדיקע ראָל וואַקסן אויס בעהאַדראָגעדיק און שטאַרק. די צווייטע גרופּע וויל אַרבעטן מיט אונדז און מיט דער סאָוועטן-מאַכט, איז צו דעם גרייטע, זי האָט אָבער זיך נאָך ניט אויסגעלעבט אין א נעגונגדיקער מאָס, איז נאָך באַאײַנפלוסט פון ניט פּראָלעטאַרישע ווירקונגען. די דריטע גרופּע, איז א דירעקטער סוינע פון אונדזער פּאָליטיק, דאָס איז די נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטישע גרופּע. און די פערטע גרופּע — פּאָליטישער זומפּ, מענטשן פּאַסיווע, אַפּאָליטישע, וועלכע לייגן זיך מיט זייער פּאַסיווער פּאָזיציע אַלס א נרויסער באַלאַסט אויפן וואָגשאָל קעגן אונדז.

פאַרשטייט זיך, אַז בײַ די איצטיקע באַדינגונגען איז די הויפּט-פראַגע וועגן כאַראַקטער פון דער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטישער גרופּע. די נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטישע אידעאָלאָגיע האָט זיך אין ווײַסרוסלאַנד גאַנץ בולעט אַרויסגעוויזן, לעמאָשל אין ליסטאָפּאַדס פּראָצעס. דער הויפּט-מאָמענט פון דער אידעאָלאָגיע איז די אָפּלייקענונג פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, די שטרעבונג פּאָליטיש אויסצוגלייכן דאָס פויערטום מיטן אַרבעטער-קלאַס („דאָס פויערטום איז די גרעסטע סאָציאַלע גרופּע און דעריבער דאַרף דאָס פויערטום אָנפירן“). זיי פאַרשטייען ניט, אַז דאָס פויערטום, ליט זיין סאָציאַלן באַשטאַנד, איז זייער פאַרשיידנאַרטיק, צעשטיבט, איז אָנמעכטיק אין קלאַסן-קאַמף אַף א זעלבשטענדיקער ראָל, ווייל ער קאָן אַף זיך ניט נעמען די אָנפירונג מיטן קלאַסנ-קאַמף. אָביעקטיוו הויסט עס די פולסטע קאַפּיטולאַציע פאַרן באַלעבאָס און פאַר דער בורזשואַזיע

א צווייטער מאָמענט פון דער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטישער אידעאָלאָגיע איז די אָריענטירונג אַף די באַלעבאָטישע עלעמענטן אין דאָרף. דערבײַ ווערט פאַרדעקט די קלאַסנדיפערענצירונג אין דאָרף. ס׳עקזיסטירן ניט מיקלוימערשט בײַ אונדז קיין קלאַסן, ס׳איז ניטאָ קיין באַלעבאָס, קיין מיטלפויער און אָרעמקייט.

דער דריטער מאָמענט — שטרעבונג מיצאַד דער אינטעליגענץ צו ווירקן אַפן מעלוכע-אַפּאַראַט קעגן דער אָנפירונג פון אַרבעטער-קלאַס און קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אַהער געהערט אויך אַזאַ מין דענקען: „ניט דער אינטעליגענץ די פולסטע ווירקונג אַף דער גאַנצער בוייונג“. זי, די אינטעליגענץ, ניט נאָר זי דינט דער זאַך פון אַרבעטער-קלאַס, נאָר זי איז דער גרונטלעכער קולטורעלער קויעך און די הויפּטאָנפירנדיקע קראַפט.

און צולעצט דער 4-טער מאָמענט — פאַרזידקונג פון ווײַסרוסישן שאָוויניזם. דאָס דריקט זיך אויס אין דער פאָרם פון לאָזונג פון „אומאָפּהענגיקער ו.ס.ס.ר.“, וועלכע נעמט אָן, נאַטירלעך, א כאַראַקטער פון קעמפן פאַר א בורזשואַזער ווײַסרוסלאַנד, פאַר א באַלעבאָטישער, מעגלעך פאַר א בורזשואַז-פּריצישער רעגירונג. אָט די שטימונג כאַראַקטעריזירט זיך מיט דער אָנגריף-ליניע בענוגע די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, ביזן אַנטיסעמיטיזם, ד. ה. ביז איר שוואַרצמייעדיקן אויסדרוק.

אָט וועלכע הויפּטמאָמענטן האָבן געפונען זייער אויסדרוק אין ליסטאָפּאַדאָווישטשינע. ס׳פאַרשטייט זיך, די ליסטאָפּאַדאָווישטשינע האָט קיין ווירקונג ניט פּאַסט צוליב דעם, וואָס אָט די גרופּע האָט אָן און פאַר זיך קיין קרעפטן, וועלכע זאָלן קאָנען זיך אַריינמישן אין אונדזער פּאָליטישן לעבן און בוייונג און זאָלן קאָנע פּאָליטיש קאָנקורירן באַטש אין דער קלענסטער מאָס אין ווי ניט איז, מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, א נישטיקע ברעקל-אָרגאַניזאַציע. נאָר די זאַך באַשטייט אין דעם, וואָס מיר דאַרפן אין צוזאַמענהאַנג מיט ליסטאָפּאַדס פּראָצעס צוקוקן זיך טיפער צו דעם, וואָס ס׳קומט פאָר אין די אינטעליגענטישע רייען און זאָגן אָפן און הויך, אַז ס׳איז דאָ צו זען א קלאָרע דיפערענצירונג אין די רייען פון פויערטום, וועלכע מערקט זיך אויך אָן אין די אינטעליגענטישע רייען, באַזונדערס צווישן דער לערערשאַפט. דאָס איז באַטש זייער א קליינצאָליקע, אָבער זייער א סימפּטאָמאַטישע גרופּע.

ס׳איז קלאָר, אַז אַזעלכע נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטישע שטימונגען זײַנען דאָ, פאַרשטייט זיך, ניט נאָר אין די רייען פון דער ווײַסרוסישער אינטעליגענץ, מיט די, אָדער יענע וואַריאַציעס, הויפּטזעכלעך אין צוזאַמענהאַנג מיט פאַרשיידענע מאָמענטן פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע, זיינען דאָ אין די רייען פון דער רוסישער אינטעליגענץ, איבערפלעכטנדיק זיך מיט די דערשיינונגען פון גרויס-מעלוכישן שאָוויניזם. דאָס האָבן מיר אויך געזען אין די רייען פון דער יידישער אינטעליגענץ, ווו די נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטישע שטימונגע נעמען אָן א באַפאַרבונג פון ציוניזם.

איך גיי איבער צו דער פראַגע וועגן דער ווײַסרוסישער לערערשאַפט. מיר רעכענען, אַז א גרויסער טייל פון דער לערערשאַפט אַרבעט און נעמט אָן אַנטייל אין דער בויונג צוזאַמען מיט דער סאָוועטן-מאַכט און פּאַרטיי. דערדאָזיקער טייל פון דער לערערשאַפט: אָדער ער שטייט שוין פעסט אַף די פּאָזיציעס פון פּראָלעטאַריאַט, האָט זיך איינגאַנצן באַשטימט און פאַרהאַרטעוועט, אָדער ער גייט צו אונדז, וויל פעסט מיט אונדז אַרבעטן, האָט זיך אָבער נאָך ניט איינגאַנצן אויסגעלערנט און פאַלט אונטער פאַרשיידענע וואַקלונגען. מיר רעכענען, אַז אין דער דאָרפישער לערערשאַפט האָבן מיר שטימונגען פון דער ערשטער, הויפּטזעכלעך, פון דער צווייטער מאַדרייגע. און אירע רייען האָבן מיר א גאַנץ קליינע גרופּע, וועלכע איז אונדז פיינטלעך, וועלכע דריקט אויס די אידעאָלאָגיע פון ליסטאָפּאַדן. און צולעצט: אין די רייען פון דער לערערשאַפט איז דאָ א באַדײַטנדיקער טייל פון א פּאָליטיש-פּאַסיווער, פון א פּאָליטיש-אָנפענגיקער מאַסע, פון פּאָליטישן זומפּ, פון א מאַסע, וועלכע שטייט אָן א זייט פון דער גאַנצער בויונג, מיט וועלכער מיר דאַרפן נאָך גרינדלעך אַן אַרבעט טאָן, וועלכע מיר דאַרפן נאָך „אַקטיוויזירן“, קערוו צוציען זי צו אונדז. אָט דער טייל פון דער לערערשאַפט וועט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער דערנעענטערן צו דעם פאָרויסגייענדיקן טייל, און נעמענדיק א גרעסערן אַנטייל אין דער בויונג, באַגרייפנדיק אַלץ מער די אויפגאַבן, וועלכע שטייען איצט פאַר דער לערערשאַפט.

וועלכע אויפגאַבן זיינען דאָס? בײַם באַשטימען זיי דאַרף מען צו־ערשט אַרויסגיין פון דעם, אַז דער לערער איז א טוער, א קעמפער, א בויער אין דער זאַך און אין קאַמף פון אַרבעטער-קלאַס, — דאָס איז דער ערשטער וויכטיקסטער עמעס, פון וועלכן ס׳דרינגט אַרויס דאָס איבעריקע. אָט די אַלגעמיינע פאָרמל דאַרף געפינען איר אַנטוויקלונג אין אַלע פּראַקטישע פראַגן.

## .3

## וועלכע זיינען אונדזערע נאָענטסטע אויפגאַבן?

די פּאַרטיי-ליניע אין דאָרף באַשטייט אין דעם, אַז דורך אונדזער גאַנצער פּאָליטיק זאָלן מיר צוציען דעם מיטל-פויער אַף אונדזער זייט, אָנהויבנדיק פון דער אַלגעמיין-ווירטשאַפטלעכער פּאָליטיק, פון שטייערן, פּאָליטיק און פאַרענדיקנדיק מיט דער אַדמיניסטראַטיווער פּאָליטיק, מיט רעוואָלוציאָנערער געזעצגעבונג, מיט דער אַרבעט פון דאָרף-סאָוועט, וועלכע איז דעם פויער נאָענט, מיט אונדזער פּראַקטישער אַרבעט פון באַדינען די נויטן און באַדערפעניש פון פויער — מיט אָט דער גאַנצער פּאָליטיק זאָלן מיר פאַרפעסטיקן דעם מיטל-פויער אַלס פאַרבינדעטן אַף אונדזער זייט.

פאַרן לעצטן יאָר האָבן מיר אין דעם זין גרויסע דערגרייכונגען. נאָר אָט דאָ אַפן אָרט דאַרף מען אָנווייזן אַף א פעלער, ווען א ב׳ זאָגט: „סאָפּקאָלסאָף באַקומט זיך דאָך, אַז דער מיטל-פויער אין דאָרף איז דער קלענסטער, קולטורעלסטער פויער; פאַר וואָס זשע זאָל מען ניט מאַכן אַזוי, אַז די אָנפירונג זאָל מען לאָזן פאַרן מיטל-פויער?

איבערגעבן דעם מיטל-פויערטום די אָנפירונג אין דאָרף — וואָלט געהייסן אַריינטראָגן אין אונדזער בויונג וואַקלונגען צווישן קאַפּיטאַליסטישע און סאָציאַליסטישע טענדענצן, פאַרלירן אונדזער וועג און מיט דעם לאָזן דעם וועג פאַרן עקאָנאָמיש-שטאַרקן און אָרגאַניזירטן שׂונא — פאַר די באַלעגופים. ד. ה. אָבער ניט, אַז אין דער בויונג, אין אַקטיוו דאַרף מען ניט אַריינציען צוגלייך מיט דער אָרעמקייט אויך וואָס מער פון מיטל-פויערטום, דערפירנדיק אים אין דער פּראַקטישער אַרבעט צו דער פּראָלעטאַרישער פּאָזיציע.

ווייטער, וועגן אָרעמען פויער. אין אונדזער אַלגעמיינער פּאָליטיק גייען מיר אַרויס פון דעם, אַז דער אָרעמער פויער איז די הויפּט-באַזע פון אַרבעטער-קלאַס אין דאָרף. די אָרעמקייט אין דאָרף, איז דער שיכט, וואָס איז מער נאָענט צום אַרבעטער-קלאַס, אַזאַ שיכט, וועלכער וואַקלט זיך ניט אַזוי אין קלאַסן-קאַמף, וועלכער העלפט אונדז אין אַ גרעסערער מאָס דורכפירן אונדזער פּאָליטיק פון איבערבויען דעם דאָרף.

מיר דאַרפן אויפהייבן דעם באַוווּסטזיין, די אַקטיווקייט פון אָרעמען פויער און אָרגאַניזירן אים, נאָר דאָס טאָן אַזוי, אַז מיר זאָלן ניט קעגנשטעלן דעם אָרעמען פויער דעם מיטל-פויער. אָט פאַר וואָס, למשל, אין דער לעצטער קאַמפּאַניע פאַר די איבערוואַלן אין די דאָרף-סאָוועטן, האָבן מיר דורכגעפירט אַ גרויסע קאַמפּאַניע אויף די פאַרזאַמלונגען פון דער אָרעמקייט. עס וואָלט געווען אַ טעות אָבער דורכצופירן די פאַרזאַמלונגען אויסשליסלעך פאַר דער אָרעמקייט, וועלכע זאָלן זיין קעגנגעשטעלט דעם מיטל-פויער און זאָלן באַ אים אַרויסרופן אַן אומצוטרוי. אויף די אַלע פאַרזאַמלונגען האָבן מיר אויך צוגעצויגן דעם מיטל-פויער, מיר האָבן געשטעלט צום באַהאַנדלען אַלגעמיינע פראַגן אין דער ריכטונג פון העלפן דער אָרעמקייט אַזוי, אַז די ווירטשאַפטלעכע הילף דער אָרעמקייט זאָל זיין אַזאַ ניט נאָר פאַר דער אָרעמקייט אַליין, נאָר פון דעם גאַנצן אָרעם-מיטל-פויערישן בלאָק. אַלס רעזולטאַט האָבן מיר געזען, אַז אַ גרויסער טייל פון די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען האָבן אָנגענומען נאָר אַן אַנדער כאַראַקטער: דאָרט איז געווען אי דער מיטל-פויער, אי דער אָרעמער פויער, נאָר דער אָרעמער פויער איז שוין געקומען אַהין אַ מער אָרגאַניזירטער, וועלכער האָט אָנערקענט זיין קלאַסן-ליניע, וועלכע שטופּט אונטער אַקטיוו דעם מיטל-פויער קעגן דעם באַלעגוף און איינציַיטיק האָט זיך דער אָרעם-פויער ניט אָפּגעזונדערט פון מיטל-פויער. דער איינציק-ריכטיקער וועג — איז די פּאָליטיק פון אָרעם-מיטל-פויערשן בלאָק.

די ליניע פון שאַפן אַ לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקציע, פון אינדוסטריאַליזירן די דאָרפישע ווירטשאַפט האַלטן מיר פאַר דער הויפּט-ליניע — די נויטיקייט צו קאָאָפּערירן די פויערשע ווירטשאַפטן אין די ווייסרוסישע באַדינגונגען. דורך דעם וועג וועלן מיר זיך דערשלאָגן צו אַ שטאַרקערער אַנטוויקלונג פון די דאָרפישע פּראָדוצירנדיקע קויכעס און פון דער פּראָדוקציע. פון דער אַנדער זייט, נאָר דורך אַזאַ וועג וועלן מיר קאָנען פירן די פויערשע ווירטשאַפט צו אַ קאָלעקטיוויזירונג, פאַרשטאַרקנדיק דורך דעם די סאָציאַליסטישע עלעמענטן אין דאָרף.

די ווייטערדיקע אויפגאַבע איז — פאַרשטאַרקן די סאָציאַליסטישע אָנזאַמלונג, פאַרשטאַרקן די קרעדיט-קאָאָפּעראַציע, אַנטוויקלען איר נעץ, צוציען די פּריוואַטע אָפּגעשפּאָרטע געלטן און דעפּאָזיטן אין דער קאָאָפּעראַציע, אין די שפּאָר-קאַסעס, אָרגאַניזירן פּראָדוצירנדיקע געזעלשאַפטן אויף פּאַי-יעסוידעס — אָט וואָס אונדז איז נויטיק. עס איז נויטיק דערשלאָגן זיך, אַז די אָפּגעשפּאָרטע געלט פון פּריוואַטע מענטשן, וועלכע ווערן געהאַלטן אין די קנופּלעך, זאָל אַזוי צוגעצויגן ווערן, אַז די וואַסער פון פּריוואַטער אָנזאַמלונג זאָל זיך גיסן אויפן מיל פון סאָציאַליסטישער בויונג, הויפּטזעכלעך דורך דער סיסטעם פון קרעדיט-קאָאָפּעראַציע, דורך פּראָדוצירנדיקע אָרגאַניזאַציעס אויף פּאַי-יעסוידעס.

פון שטאַנדפּונקט פון סאָציאַליסטישער אָנזאַמלונג איז אַקטועל און וויכטיק די אויפגאַבע אויפן נאָענטסטן פּעריאָד דורכפירן אַ רעזשים פון עקאָנאָמיע און שפּאָרזאַמקייט אין אונדזער גאַנצער ווירטשאַפט. אָפּשפּאָרנדיק רובלווייז, קאָפּיקעסווייז קאָן דאָס לאַנד אָפּשפּאָרן מיליאָנען אין דער אַרבעט פון די דאָרף-סאָוועטן, ריקן. דאָס זיינען די אַלגעמיינע ווירטשאַפטלעכע אויפגאַבן, וועלכע שטייען איצטער אויפן וועג פון סאָציאַליסטישער בויונג אין ווייסרוסלאַנד. דער לעצטער פּלענום פון צ"ק ק.פּ.וו. האָט אַזוי פאָרמולירט די אויפגאַבן, אויף וועלכע עס דאַרף אין נאָענטסטן פּעריאָד פאַרשאַרפט ווערן די אויפמערקזאַמקייט אין דער פּראַקטישער אַרבעט אויפן אָרט, געפינענדיק אויפן אָרט קרעפטן, מיטלען און וועגן צו דערלייזן:

1-טע. — פעסט דורכפירן דעם עקאָנאָמיע-רעזשים אין אַלע געביטן פון אונדזער בויונג.

3-טע — פאַרשטאַרקן די ספּעציעלע מינים קאָאָפּעראַציע און בויען לען אויף אויפצוהייבן די פּראָדוצירנדיקייט פון לאַנד (אין דאָרף-סאָוועט, ראַיאָן, קרייז).

3-טע — פאַרשטאַרקן די ספּעציעלע מינים קאָאָפּעראַציע און בויען אונטערנעמונגען צו באַאַרבעטן און איבעראַרבעטן לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן.

4-טע — פאַרשטאַרקן די אָרגאַניזירונג פון די מאַסן דורך איינפאַכע, פאַר דאָס פויערטום צוטריטלעכע מאָסמיטלען.

5-טע — פאַרשנעלערן די אַרבעט פון ערד-איינאָרדענען, פאַרברייטערנדיק די מעלובישע מאָסמיטלען, צוציענדיק אויך צו דעם די קרעפטן און מיטלען פון דעם פויערטום.

6-טע — פאַרברייטערן די פאַרזייִונג פון וואָרצל-פרוכטן, גראָזן צו שפּייזן די פי און באַמיסטיקן די פעלדער — אַלס אַ באַזע פון דער אַנטוויקלונג פון פיצוכט.

7-טע — ברייט באַנוצן טאָרף צו באַמיסטיקן די פעלדער.

8-טע — אָפּהיטן דעם וואַלד — באַנוצן טאָרף אַלס ברען-מאַטעריאַל.

9-טע — ברייט אַנטוויקלען אַלע מינים פּראָדוקציע.

10-טע — די אַנטוויקלונג פון דער פּראָדוקציע-בויונג זיכערט און פאַרשטאַרקט די אינטענסיפיצירונג פון דער פויערשער ווירטשאַפט און זיין מער פעסטער קאָאָפּערירונג.

אין די אויבנדערמאָנטע פּראַקטישע אויפגאַבן, אויף וועלכע מיר פאַרשאַרפן איצט די אויפמערקזאַמקייט פון דער גאַנצער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון ווייסרוסלאַנד, פון אַרבעטער-קלאַס, פון אַלע האָרעפּאַשניקעס, פון אַלע מאַסן — אין אָט די אויפגאַבן זעט איר זייער אַסאַך פּראַקטישע „קליינע" זאַכן. דאָ האַנדלט זיך וועגן וואָרצל-פרוכטן, באַמיסטיקונג, שפּייז-גרעזער, וועגן טאָרף אַלס ברען-מאַטעריאַל, וועגן טאָרף אַלס באַמיסטיקונג א. א. וו. דאָ האַנדלט זיך וועגן אָרגאַניזירן אונטערנעמונגען אויף אויסטרייבן סקיפּידאַר, וועגן אויסאַרבעטן מאַרמעלאַד, טריקענען גרינס, באַאַרבעטן לײַן, מאַכן פּאַטיקע א. א. וו. „הייסט דאָס אַלץ בויונג פון סאָציאַליזם"? יאָ, דאָס הייסט איצט בויען דעם סאָציאַליזם, טאַקע פון דעם דאַרף מען אָנהייבן. בויונג פון סאָציאַליזם איז ניט קיין יאָנטעוודיקער פייערווערק, ווו מיר דאַרפן אַרויסלאָזן אַסאַך ראַקעטן, ווען אַלץ צינדט זיך אָן, לייכט מיט מאַגני-שיין און — ביטע — די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט איז פאַרטיק. אַדרעבע, אָט די גאַנצע וואָכעדיקע לאַנג דויערנדיקע פּראַקטישע אַרבעט ליגט אויף אונדזער וועג פון בויען דעם סאָציאַליזם. דאַווקע אָט אויף די פּראַקטישע אויפגאַבן פאַרשאַרפן מיר איצט די אויפמערקזאַמקייט פון יעדערן פון אייך, אויב ווער פון אייך וויל זיין אַ ריכטיקער אַנטיילנעמער אין דער סאָציאַליסטישער בויונג.

4.

## די ראָל פון לערער אין דער סאָציאַליסטישער בויונג

יעדערער פון אייך קאָן זייער אַסאַך אויפטאָן אין דער אַרבעט. די אַרבעט פון לערער גייט איבער עטלעכע ריכטונגען — אין זין פון דער אַרבעט-פאָרם. דאָס איז — אַגיטאַציע, פּראָפּאַגאַנדע און אויפקלער-אַרבעט; דאָס איז אַן אָרגאַניזירנדיקע און אָנפירנדיקע אַרבעט. די פּאַרטיי שטעלט ניט די פראַגע וועגן דעם, אַז דער לערער דאַרף בלויז אויפקלערן, בלויז

אָרגאַניזירן. ניין – יעדער נעמט אַזאַ אַנטייל אין דער בויונג, ווי עס דערלויבן אים זיינע געוואוינהייטן און פעיקייטן; אַגיטיר, קלער אויף, אָרגאַניזיר, אָדער טו דאָס אַליין צוזאַמען, אָדער – אויב די פּאַרטיי שטעלט דיך אויף דעם – נעם זיך פאַר אַן אָנפירנדיקע אַרבעט אין סאָוועט, אין קאָאָפּעראַציע.

איידער איבערצוגיין ווייטער וועל איך זיך אָפּשטעלן אויף דער פראַגע: „אין וואָס באַשטייען די סאָציאַליסטישע עלעמענטן פון דער דאָרפישער עקאָנאָמיק"? די פראַגע קען אויך ניט אַזוי געשטעלט ווערן, פונקט ווי עס קען ניט געשטעלט ווערן די פראַגע: „צי פאַרווירקלעכט די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור אין ראַיאָן דער ראַיקאָם ק.פ.ו. אָדער דער ראַי-אויספירקאָם"? די סאָציאַליסטישע עלעמענטן פון דער עקאָנאָמיק — זיינען ניט קיין שטיין, וועלכן מע קאָן אויפהייבן, אויב ער ליגט אָפן וועג. די סאָציאַליסטישע עלעמענטן פון דער עקאָנאָמיק דריקט זיך אויס אין אַ זייער קאָמפּליצירטער איבערפלעכטונג פון פאַרשיידענע פאַרהעלטענישן, פון אַלערליי קעגנזייטיקע ווירקונגען, פון פאַרשיידענע עקאָנאָמישע פּראָצעסן. אויב מיר קאָנען לעגאַבע וועלכן עס איז ראַיאָן זאָגן — „די סאָציאַליסטישע עלעמענטן פון דער עקאָנאָמיק פאַרפעסטיקן זיך", — איז דאָס, אין דער ערשטער ריי, אַן אויפשטייג פון דער ווירטשאַפט; צווייטנס, אַזאַ אויפשטייג, בײַ וועלכן אונדזי ניט זיך איין דערהויבן דעם אָרעמען פּויער ביז דער מאַדרייגע פון מיטל-פּויער; דריטנס, דאָס איז אַזאַ אויפשטייג, בײַ וועלכן מיר קאָלעקטיוויזירן, וואָס ווייטער אַלץ מער, באַזונדערע ווירטשאַפטן דורך אַן אַלזייטיקער קאָאָפּערירונג, מיר דערנעענטערן זיי אַלץ מער צו קאָלעקטיווע ווירטשאַפטלעכע פאָרמען; פערטנס, — ווען בײַם וווּקס פון סבוירע-כאַראַקטער פון דער פּויערשער ווירטשאַפט פאַרבינדט זיך די ווירטשאַפט מיטן מאַרק — קויפט און פאַרקויפט דורך דער קאָאָפּעראַציע און ניט דורכן פּריוואַטניק, און אויף אַזאַ אופן ווערט אַלץ שטאַרקער די פאַרבינדונג פון דער פּראָדוקציע מיט דער לאַנדווירטשאַפט, וואָס איז אַן ענדגילטיקער תּנאַי פון קאָלעקטיוויזירן די קליינע ווירטשאַפטן; פינפטנס, — ווען אַפן געביט פון פּאָליטישע פאַרהעלטענישן באַקומט זיך, אַז דער אַרבעטער-קלאַס און זיין פּאַרטיי קעמפן פון זיך אויס אַ גרעסערן אויטאָריטעט בײַם פּויער, און דער לעצטער הויבט אָן איינצוזעען, אַז די סאָוועטן-מאַכט, דער אַרבעטער-קלאַס, די קאָמוניסטן אַרבעטן ניט ערגער, נאָר בעסער און גיבן מער אין זין פון אויסבעסערן די לאַגע פון ווייטערדיקן וווּקס סאַי פון בורזשוי, סאַי פון קאַפּיטאַליסט און סאַי פון פּאָריץ. דאָס אַלץ וואָלט גערעדט וועגן די דערגרייכונגען פון סאָציאַליסטישער בויונג, וועגן פאַרפעסטיקונג פון סאָציאַליסטישע עלעמענטן.

עס איז וויכטיק צו זען און אַלע מאָל פאַרשטיין דעם הויפּט-וועג פון דער סאָציאַליסטישער בויונג; די גאַנצע אַרבעט אין אָט דעם וועג פאַלט זיך פאַנאַנדער אויף פיל קליינע פּראַקטישע אויפגאַבן. מע טאָר זיך אין זיי ניט אַריינטאָן אַזוי, אַז מע זאָל פאַרלירן די הויפּט-ריכטונג. נאָר נאָך מער געפערלעכער פאַר אונדזער זאַך איז ריידן אַלגעמיינע הויכע פראַזן וועגן סאָציאַליסטישער בויונג, פאַרגעסנדיק אַז זי באַשטייט פון קליינע, נאָר שווערע אויפגאַבן, וועלכע פאָדערן אַסאַך אַרבעט און באַגרייפן די אַלגעמיינע ליניע.

די סאָציאַליסטישע בויונג און די פאַרשטאַרקונג פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור גייט אויך איבער דער ליניע פון קולטורעלע בויונג. איך וואָלט געוואָלט באַצייכענען אייניקע מאָמענטן, וועלכע שיידן אונטער די קולטורעלע בויונג בײַ דער אָרדענונג פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור.

ערשטנס — וואָס מיר טאָרן ניט פאַרפּלאָנטערן און ניט אויסמישן די פראַגן וועגן פאָרמען און וועגן אינהאַלט אין דער קולטורעלער בויונג. אונדזער אויפגאַבע ווערט באַשטימט דורך דעם, וואָס מיר בויען, לויטן אינהאַלט אַ פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור, ד. ה. אָבער ניט, אַז צום פּויער דאַרף מען צוגיין, ווי אייניקע נאַיווע פּאָעטן מיינען, מיט לידער וועגן טאַקער-וואַרשטאַט, וועגן רעדער, וועגן טומל פון די פאַבריקן א. א. וו. פּראָלעטאַרישער קולטור, פּראָלעטאַרישע לויט איר אינהאַלט און זין. באַזונדערס, פּראָלעטאַרישע קונסט, הייסט – קולטור, קונסט, וועלכע זיינען געווענדעט אויף פּאָליטיש דערציען דעם פּויער, העלפן דעם פּויער זיך באַפרייען פון דער קליינבאַלעבאַטישער דריקונג, דערנעענטערן אים צום אַרבעטער, מאַכן אים קולטורעל אויף אַזויפיל, אַז ער זאָל זיך שטעלן אויף דער פּאָזיציע פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור און סאָציאַליזם. דערבײַ דאַרף מען, אין זין פון פאָרם צו אים צוגיין אַזוי, אַז ער זאָל בעסער אונדז פאַרשטיין: בענוצנדיק דער שפּראַך — אויף דער מוטערשפּראַך, אין זין פון מאַטעריאַל — מיט אַ מאַטעריאַל, צום פּויער אַ מער נאָענטן, מיט אַ צוטריטלעכער באַלייכטונג פון מאַטעריאַל.

צווייטנס — מיר וואַרפן אונטער אונדזער גאַנצע קולטורעלע בויונג אונטער די אויפגאַבן פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, בײַ אונדז איז ניטאָ קיין קולטורעלע בויונג לעשעם קולטורעלער בויונג. דריטנס – אונדזער גאַנצע קולטורעלע בויונג איז ענג פאַרבונדן מיט דער גאַנצער ווירטשאַפטלעכער בויונג.

דורך די דריי מאָמענטן ווערט אין גרונט באַשטימט דער אינהאַלט פון דער אַרבעט אַפן געביט פון קולטורעלער בויונג. איך וואָלט וועלן אָפּשטעלן זיך נאָך אויף איין זייט פון אָט דער זאַך — אויף די פאָרמען פון קולטורעלער אַרבעט, וועלכע הויבן זיך אָן שטאַרק אַרויסווייזן און אין וועלכע עס געפינט אַן אויסדרוק די זעלבסטטעטיקייט פון די אַרבעטנדיקע. מיר זעען אַרום זיך אַ וווּקס פון פאַרשיידענע פאָרמען פון קולטורעלער בויונג. עס איז גענוג אָנצווייזן אויף דעם גרויסן כײשעק צו דער צייטונג, צום בוך, צו פאַרשיידענע פאָרמען פון זעלבסטבילדונג, וועלכע מיר קאָנען ניט באַפרידיקן. עס איז גענוג אָנצווייזן אויף דער גרויסער שטרעבונג אויפצוהויבן די אייגענע קולטורעלקייט, קעדיי אָנצווענדן די באַקומענע קענטענישן אין דער ווירטשאַפט. אָט די גרויסע באַדערפענישן האָבן מיר נאָך ניט באַוויזן צו פאַרשטיין און אַזוי באַפרידיקן, ווי דאָס איז בעעמעס נויטיק. אין דעם זין, — אויף דעם געביט, ווו עס פאָדערט זיך אַנטוויקלען די קולטורעלע בויונג איבער דער ליניע פון סאָוועטישער געזעלשאַפטלעכקייט און זעלבסטטעטיקייט — דאַרף מען נאָך אַסאַך אָפּטאָן. דאָס איז איצט דער וויכטיקסטער וועג „צו אַ קולטורעלער רעוואָלוציע", — דער וויכטיקסטער, אויף וועלכן מיר דאַרפן אים באַהערשן אין זין פון אָנפירונג, און איצטער פירן מיר נאָך מיט דעם ניט אָן, ווי געהעריק איז.

ריידנדיק וועגן דער קולטורעלער בויונג וויל איך זיך אָפּשטעלן אויף צוויי טעמעס, וועלכע האָבן אַן אָרט צווישן דער לערערשאַפט. דער ערשטער — איז אַ „קולטור"-אָפּנייג: ער ווייזט זיך אַרויס, ווען דער לערער זיצט איבערן ביכל און העפט אויף שול-אַרבעט און רעכנט, אַז ער פילט אויס אַלץ, וואָס עס פאָדערט פון די לערער דער אַרבעטער-קלאַס. דאָס איז ווייניק. אַ לערער פון אַ סאָוועטיש לאַנד קאָן אַזוי ניט שטעלן די פראַגע: אָדער שול-אַרבעט אָדער געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. מען טאָר ניט קעגנשטעלן די שול דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט; ביידע זאַכן זיינען ענג פאַרבונדן צווישן זיך. אונדזער שול איז ניט קיין „קאַזיאָנער", טויטער אינסטיטוט. אונדזער שול קאָן זיין און מוז זיין נאָענט פאַרבונדן מיטן לעבן, מיטן קאַמף, מיט דער גאַנצער בויונג. אונדזער לערער וועט נאָר דאַן קאָנען גוט לערנען די קינדער, ווען ער אַליין וועט פאַרשטיין די סאָציאַליסטישע בויונג און וועט נעמען אין איר אַן אַנטייל. נאָר דאַן וועלן די קינדער אַרויסגיין פון זיין שול ניט בלויז אַנאַלפאַבעטן, אין זין פון עלעמענטאַרער אינווערדיקייט, נאָר וועלן אויך זיין מענטשן, וואָס קאָנען פּאָליטיש וואַקסן אַלס בויער פון אַ נייער געזעלשאַפט און וועלן קאָנען, אַרויסגייענדיק פון שול, נעמען אַן אַקטיוון אַנטייל אין דער גאַנצער בויונג.

דער צווייטער טעמע, זייער אַ גרויסער, — איז אַפן געביט פון די פאַרהעלטענישן אין אונדזער גאַנצער אַרבעט צווישן קולטורעלע און „ניט-קולטורעלע" מענטשן. אייניקע ב"ב דענקען אַזוי (איך האָב געהערט אַזאַ מין דענקען, איך האָב געלייענט אַסאַך צעטעלעך): „צו וואָס דאַרפן מיר די אָנפירונג פון דער קאָמונישער און פּאַרטיישער קעמערל, קיין קולטורעלע מענטשן זיינען דאָך דאָרטן ניטאָ, וואָס זיי זאָלן מיט אונדז

אָנפירן. מיר זיינען מער קולטורעלער, מיר זיינען די טרעגער פון גאַנצן קולטורעלן באַגאַזש, וועלכער איז פאַרבליבן פון דער אַלטער געזעלשאַפט. מעגלעך, אז מע דאַרף אים איבעראַרבעטן אַף דאָס ניי, — אַלנפאַלס, דער באַגאַזש איז דאָ באַ אונדז און זיי — ניט קיין קולטורעלע מענטשן וועלן מיט אונדז אָנפירן? ווי זשע איז דאָס"?

איך זעין פאַר גלייך ווייטער דעם מין דענקען. אין דער צייט פון דער אָקטיאַבר-רעוואָלוציע איז דער קולטור-רעזערוו, וואָס די בורזשואַזיע און פריצים האָבן פאַרמאָגט, זייערע קאַדרען, וועלכע האָבן אָנגעפירט אין אַלע געביטן און זיינען געווען, פון שטאַנדפונקט פון קולטורעלער צוגרייטונג, זייער קוואַליפיצירטע, — דאָס אַליין האָט איבערגעוואָגן דאָס, וואָס עס האָט פאַרמאָגט דער אַרבעטער-קלאַס. ווער זשע האָט געדאַרפט אָנגרייפן? האָט דער אַרבעטער-קלאַס דען געדאַרפט וואַרטן, ביז ער וועט באַקומען הילף מיצאַד „קולטורעלע" מענטשן, אָדער וואַרטן ביז ער וועט „אָנזאַמלען" און זייערע רייען „קולטורעלקייט"? ווער איז צוקלאַפט געוואָרן?

אַף די פראַגן מוז מען ענטפערן. קלאָר, אז דער לערער איז ניט קיין פאָרשטייער פון אַלטן קלאַס פריצים און קאַפּיטאַליסטן. נאָר ווען אַ באַוער שטעלט אַ פראַגע — ווי וועט דאָס אַ מענטש מיט אַ נידעריקערן קולטורעלן הויך אָנפירן מיט מענטשן, באַ וועמען די קולטורעלע מדרייגע איז אַסאַך אַ העכערע, — האָט דער באַוער אַ טאָעס, ער פאַרגעסט, אַז אין אַ רעוואָלוציאָנערן פעריאָד ווערט די קראַפט צוקלאַפט, זיין אָנפירנדיקע ראָל ניט באַשטימט אין דער ערשטער ריי מיט זיין אַלגעמיינער קולטורעלער הויכקייט. יעדן קלאַס, וועלכע שטייט אויף, וועלכער האָט פאַרנומען די מאַכט און בויט אַ נייע געזעלשאַפט, קומט נאָך אויס צו באַהערשן די קולטור, און גאַנץ נאַטירלעך, עס קומט אויס אָנצופירן, זייענדיק אַף אַ נידעריקער מדריגע לויט דער קולטורעלער הויך. דערפאַר האָט אָבער דער קלאַס אַף זיין זייט די גאַנצע עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט, אַף זיין זייט זיינען אַלע פאַרהעלטענישן פון די קלאַסן-קויכעס, אַף זיין זייט איז די קראַפט פון זעלבסטבאַוווסטזיין און אָרגאַניזירטקייט פון אַן אופשטייענדיקן קלאַס, אַף זיין זייט איז די מעלוכישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע זיכערט און פאַרפעסטיקט די קלאַסן-פאַרהעלטענישן, דער שנעלער קולטורעלער וווקס איז אָפן זייט פון קלאַס, וועלכער האָט געזיגט.

ארויסגייענדיק פון אַזאַ שטאַנדפונקט, ווערט קלאָר דער טאָעס אין דער פראַגע, ווי אזוי קאָן אַ „ניט-קולטורעלע" פאַרטיישע קעמערל אָנפירן מיטן „קולטורעלן" לערער. אין גרונט שפּיגלט דאָס קעמערל ריכטיק אָפ דעם קאָלעקטיוון באַוווסטזיין און ווילן פון אַרבעטער-קלאַס. דער לערער פאַרמאָגט יעדיעס, שטייט אַף אַ גרעסערער קולטורעלער מדריגע. דאָס קעגנשטעלן דאָס קעמערל דעם לערער, — ברענגט צו טאָעסן. די אויפגאַבן פון יעדן קולטור-טוער, און געגעבענעם פאַל פון לערער, באַשטייט אין דעם, אַז דעם קאָלעקטיוון ווילן און באַוווסטזיין פון קלאַס, אָדער אפילע פון דער ראַיאָנער פאַרטיישער אָרגאַניזאַציע, זאָל מען „קייפלען" אַף דער אַלגעמיינער קולטורעלער הויך פון לערער, און דאַן וועט זיך באַקומען אַ גרויסע קראַפט.

פון דער אַנדער זייט, קעדיי צו פירן די קלאַסן-ליניע פון פראָלעטאַריאַט, איז די קולטורעלע הויך פון לערער נאָך ווייניק, זיין קולטורעלקייט דאַרף מען אויך קייפלען אָפן קאָלעקטיוון קלאַסן-ווילן און באַוווסטזיין צו דער פאַרטיישער קעמערל. נאָר באַ אַזאַ שטאַרקע פאַרבינדונג פון אַרבעטער-קלאַס, פון די אַרבעטנדיקע, פון פאַרטיי מיטן לערער, וועט בעהאַדראָגעדיק פאַרקלענערט ווערן דער „ווידערשפרוך" פון „ניט-קולטורעלקייט" פון הערשנדן קלאַס און זיין פאַרטיי. די לעצטע יאָרן האָבן באַוויזן, מיט וואָס פאַר אַ בעטעמס אומגעהויערן טעמפּ קומט פאָר דער קולטורעלער וווקס פון אַרבעטער-קלאַס, פון די אַרבעטנדיקע, און בפרט דער וווקס פון דער נייער יונגער אינטעליגענץ — אַלס רעזולטאַט פון בעהאַדראָגעדיק אויפנעמען און איבעראַרבעטן די קולטורעלע רעזערוון פון דער אַלטער אָרדענונג.

אַפן געביט פון נאַצ. פּאָליטיק פירן מיר אויך אַ סאָציאַליסטישע בויונג און פאַרשטאַרקן די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור. עס איז נויטיק צו באַצייכענען צוויי מאָמענטן: אין דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק טאָרן מיר ניט דורכלאָזן אומבאַמערקט איר עקאָנאָמישן אינהאַלט. און צווייטנס, ניט ריכטיק וואָלט געווען, ווען מע וואָלט פאַרשמעלערט די אַרבעט פון נאַצ. פּאָליטיק אַפן געביט פון קולטורעלער בויונג און אויסטייטשן, אז נאַצ. פּאָליטיק איז בלויז דאָס דערלערנען די ווייסרוסישע שפּראַך. דער עקאָנאָמישער אינהאַלט פון נאַצ. פּאָליטיק באַשטייט אין דעם, אז מע זאָל אויפהויבן דאָס עקאָנאָמיש-אָפּגעשטאַנענע לאַנד, אדאַנק דער פּאָליטיק פון דער צאַרישער רעגירונג, און פאַרשנעלערן דעם טעמפּ פון איר וווקס.

צו האָבן מיר וועלכע ניט איז אין דעם זין סאַכאַקלען אין ווייסרוסלאַנד? יע, מיר האָבן. דאָס קאָנען מיר זען פון אונדזער אויסגעוואַקסענעם ביודזשעט. אונדזער מעלוכישער און אָרטיקער ביודזשעטן זיינען האַיאָר אויסגעוואַקסן מער, ווי אין די אַנדערע רעפּובליקן פון אונדזער פאַרבאַנד. דער אַלגעמיינערווירטשאַפטלעכער וווקס אין דער רעפּובליק הויבט אָן זיך צו פאַנאַנדערוויקלען. עמעס, מיר קאָנען ריידן ווען אַ האַסבאָלע פון דער סאָציאַליסטישער אויפלעבונג אין אונדזער לאַנד. איר ווייסט, אז די אויפלעבונג פון ווייסרוסלאַנד האָט מען זיך אַמאָל פאָרגעשטעלט, ווי אַ בורזשואַז-דעמאָקראַטישע אויפלעבונג. קעגן אַזאַ פאָרשטעלן אָבער שטעלן מיר ארויס אונדזער וועג, דער איינציק-מעגלעכער און פעסטער נאָכן ניצחון פון פּראָלעטאַריאַט — אַ וועג פון אַ סאָציאַליסטיש-אויפגעלעבטן ווייסרוסלאַנד. דאָס איז ניט קיין שאָוויניסטישער קליינבירגערלעכער לאָזונג, דאָס איז אונדזער פּראָלעטאַרישער לאָזונג. סאָציאַליסטישע אויפלעבונג פון ווייסרוסלאַנד הייסט — אויפשטייג פון אונדזער אָפּגעשטאַנענעם קאַנט, זיין שנעלער וווקס פון פּראָצעס אין סאָציאַליסטישער בויונג. דאָס איז נאָר מעגלעך אין די באַדינגונגען פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור און נאַצ. פּאָליטיק פון אַרבעטער-קלאַס.

אין די ערשטע יאָרן פון דער נאַצ. פּאָליטיק-אַנטוויקלונג מוז טרעפן, אז ניט אינגאַנצן ריכטיק פאַרשטייט מען די נאַצ. פּאָליטיק אַפן געביט פון קולטורעלער בויונג. נאַטירלעך, די הויפּט-אויפמערקזאַמקייט דאַרף געווענדעט ווערן אַף דער שפּראַך-פראַגע. באַ איצטיקן טאָג דאַרף, אין דער גאַנצער קולטורעלער בויונג און באַזונדערס אין דער אַרבעט פון לערער, אָט די פראַגע ברייט געשטעלט ווערן. דאָס באַהערשן די ווייסרוסישע שפּראַך איז, אַזוי צוזאָגן, בלויז די טעכניק פון קולטורעלער בויונג. באַהערשן בלויז די טעכניק איז פאַר דעם ווייסרוסישן האָרעפּאַשניק ווייניק. די גאַנצע אַרבעט הויבט זיך אויף איצט ביז אזאַ מדריגע, ווי עס פאָדערט זיך אַ ברייטע אַנטוויקלונג פון דער ווייסרוסישער ליטעראַטור, פון קונסט אין אַלגעמיין און איר פּאָפּולאַריזירונג צווישן די אַרבעטנדיקע מאַסן. אין די באַדינגונגען פון אַן אופשטייג דאַרף די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט קאָנצענטרירט ווערן אַף דערלערנען די געשיכטע און עקאָנאָמיק פון וו.ס.ס.ר. ווייסרוסיש-קענטעניש אין פולן זין פון וואָרט, שטייט איצט אין סדר פון קולטורעלער אַרבעט אין דער שול-אַרבעט און באַזונדער אין דער אַרבעט פון לערער, וועלכע ווערט געפירט אויסער דער שול. פאַרשטייט זיך, אז דאָס ווייטערדיקע דערלערנען פון דער ווייסרוסישער שפּראַך און ליקווידירונג פון „ווייסרוסיש-אַמאַראַצעס" דאַרף פאָרגעזעצט ווערן ווייטער, ניט פאַרקלענערנדיק דעם טעמפּ אין דער אַרבעט.

פאַרשטייט זיך, אז די נאַצ. פּאָליטיק אין פאַרטיי און וו.ס.ס.ר. באַשטייט ניט אין דעם, אז מע זאָל באַדינען די ווייסרוסישע באַפעלקערונג, פאַרגעסנדיק די נויטיקייטן פון דער יידישער, פּוילישער און רוסישער באַפעלקערונגען. עס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך די פאַראַנענע „איבערזוכט" אין די פאַרהעלטענישן פון די נאַציאָנאַליטעטן, וואָס באַוווינען ווייסרוסלאַנד. די עקאָנאָמישע און קולטורעלע אָפּגעשטאַנענקייט איז נאָך זייער גרויס, עס זיינען דאָ ווייניק מיטלען אַף באַפרידיקן די באַדערפענישן. די פּאָליטיק אָבער פון דער מאַכט גיט ניט קיין מאַטעריאַל פאַר אָט דער „איבערזוכט". די עקאָנאָמישע פּאָליטיק פון דער סאָוועטן-

מאַכט אין ו.ס.ס.ר. איז צוגלייך אָנגעווענדעט אַף אויסבעסערן די לאַגע פון האָרעפּאַשניקעס פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן, ניט נאָר פון דער הויפּט־נאַציאָנאַליטעט — פון ווייסרוסן, נאָר אויך פון דער יידישער, פּוילישער א. א. וו. (לעמאָשל, יידישע ערדאַרבעט, הילף דעם קוסטאַר, מאָסמיטלען אַף אויסבעסערן די לאַגע אין שטעטל). אין קולטורעלער בויונג — אויך דאָסזעלבע. די באַדערפעניש פון דער באַפעלקערונג ווערן גלייכמעסיק באַדינט, — די פיר שפּראַכן זיינען גלייכבאַרעכטיקט ניט נאָר פאַקטיש, נאָר אויך אין דער טאַט. אַזעלכע שטימונגען, לעמאָשל, אַז „די ווייסרוסן קוועטשן צו אַלעמען", זיינען פאָרויס באַשטימט דורך דעם, וואָס אין דער ערשטער סטאַדיע פון קולטורעלער בויונג דאַרף די הויפּט־אויפמערקזאַמקייט געווענדעט ווערן אַף איפהויבן און שטעלן אַף די פיס, אַף די רעלסן פון וווּקס די ווייסרוסישע שפּראַך, די קולטור פון דער הויפּט־מאַסע פון דער ווייסרוסישער באַפעלקערונג, וועלכע איז באַ דער אַלטער אָרדענונג מער אָפּגעשטאַנען פון אַנדערע אָפּן געביט פון קולטור. באַ די ערשטע טריט איז אַ פאַרגרעסערטע אַרבעט איבער דער ווייסרוסישער קולטור, פאַרשטייט זיך, אומפאַרמיידלעך. די אויפגאַבע פון דער גאַנצער פּאָליטיק און פּראַקטישער אַרבעט פון יעדער לערער, קולטור־טוער, באַשטייט אין דעם, אַז אַלע נאַציאָנאַליטעטן פון ווייסרוסלאַנד זאָלן גלייכמעסיק באַדינט ווערן, עס זאָל זיך ניט הערן קיין באַליידיקונג מיצאַד דער יידישער, פּוילישער און לעטישער באַפעלקערונג. באַ דעם טנאַי וועט פירן, פאַרשטייט זיך, דער אַלגעמיינער עקאָנאָמישער און קולטורעלער וווּקס, ניט צו אַ „פאַרשטאַרקונג פון אַנטאַגאָניזם צווישן 4 נאַציאָנאַליטעטן", נאָר צו דעם, אַז צווישן די האָרעפּאַשניקעס פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן וועלן איינגעשטעלט ווערן באַציונגען נאָך מער נעענטערע, ברידערלעכע און וועלן ליקווידירט ווערן די לעצטע רעשטן פון נאַציאָנאַל־אַנטאַגאָניזם.

אין דער פראַגע וועגן דירעקטע באַציונגען פון פּאַרטיי און לערערשאַפט אין דער אָרטיקער אַרבעט, דאַרפן אַלע אַרויסטרעטונגען, געבן דעם דערפאַרונג־מאַטעריאַל. דער צ"ק ק.פּ.וו. האָט אויך וועלכן עס איז מאַטעריאַל, האָט אַסאַך אינטערעסאַנטע בריוו. די מאַטעריאַלן פון סלוצקער, באָריסאָווער און אָרשער קרייזן רירן וועגן דעם, אַז פאַרן לעצטן פעריאָד ציט זיך באַדייטנדיק אַריין די לערערשאַפט אין דער אַרבעט אונטער דער אָנפירונג פון פּאַרטיי, אַרבעט צוזאַמען מיט אונגדז און אין זין פון באַציונגען איז אַלץ אין אָרדענונג און אַז אַ גרויסער פּראָצענט פון דער לערערשאַפט אַרבעט מיט אונגדז. לויט אונגדזערע מאַטעריאַלן, וועלכע מיר האָבן, קאָנען מיר פאַרן פאַרגאַנגענעם יאָר אונטערפירן אַ סאַכאַקל פון באַדייטנדיקע דערגרייכונגען. אָפט שווימט אַרויס די פראַגע, ווי דאַרף מען פאַרשטיין „ער אַרבעט אונטער דער אָנפירונג פון דער פּאַרטיי?" מיר שטעלט זיך פאָר, אַז באַ איניקע כ"כ איז דאָ אין דער פראַגע אַ ניט־קלאָרקייט. לעמאָשל, אַ כאַווער האָט מיר דערלאַנגט אַ צעטעלע אַף דער זאַסלאַווער ראַיאָנער לערער־קאָנפערענץ: „איך רעכן, אַז די פּאַרטיישע אָנפירונג דאַרף באַשטיין אין דעם, וואָס די גאַנצע אַרבעט פירט זיך לויט די דירעקטיוון פון צ"ק פון פּאַרטיי און ניט לויט די אָנווייזונגען פון דעם אָרטיקן פּאַרטיי־קעמערל, ווו מע האָט ליב קאָמאַנדעווען און ניט אַרבעטן און באַ וועלכע עס איז אַ זעלבסטמיינונג, אַן איינגענער „איך" א. א. וו.

איר זעט דאָך אַ באַשטימטן קעגנשטעלן די אָרטיקע פּאַרטיישע אָרגאַניזאַציע דעם צ"ק ק.פּ.וו. ווייל דעם לערער קומט דאָך אויס סאָפּקאָלסאָף צו אַרבעטן די גאַנצע צייט אין דער אָרטיקער אָרגאַניזאַציע, ברענגט אַזאַ ניט ריכטיקע שטעלונג פון דער פראַגע צו דעם, אַז מע זאָגט זיך אָפּ פון דער פּאַרטיישער אָנפירונג. ווען אַ כאַווער זאָגט „זאָל מיט אונגדז אָנפירן דער צ"ק און ניט די אָרטיקע אָרגאַניזאַציע" — באַווייזט דער כאַווער, אַז ער פאַרשטייט ניט די גאַנצע סיסטעם פון פּאַרטיישער אָנפירונג און אין אָט דער פראַגע דאַרף זיין אַן אַבסאָלוטע קלאָרקייט. פאַרשטייט זיך, דער צ"ק פירט אָן, פירט אָן דורך אַלערליי וועגן: סאַי אַף אַן אָרגאַניזאַציאָנעלן אויפן, סאַי דורך דער פּרעסע א. א. וו. נאָר די אַלגעמיינע אָנפירונג ווערט פאַרווירקלעכט בלויז דורך דער אָרטיקער אָרגאַניזאַציע. שטעלט זיך פאָר, אַז פון דער אַרבעט פון ראַיאָן, פון דער גאַנצער מאַשינע, וועלכע אַרבעט און פירט אָן מיטן פויער, נעמען מיר אַרויס אָט דעם טייל פון מעכאַניזם — די גאַנצע פּאַרטיישע ראַיאָנע אָרגאַניזאַציע, די קעמערלעך. זאָל זיין, אַז אין קעמערל געפינען זיך נאָך מענטשן מיט אַ ניט גענוגנדיקער קולטורעלקייט, זאָל זיין, אַז דאָרטן געפינען זיך נאָך איניקע טוער, וועלכע האָבן כעסרוינעס, צ. ב. „קאָמאַנדעווען", זאָל זיין, אַז דאָרטן געפינען זיך נאָך אַ פּאָר שיקורים, וועלכע מיר האָבן נאָך ניט אויסגעפונען, ניט איבערדערצויגן, אָדער קאָן זיין — ניט דערוויזן אויסצושליסן זיי פון פּאַרטיי, — שטעלט זיך פאָר, אונגדזער אָרגאַניזאַציע — זאָל זיין אַפילע אַזוי ווי זי איז, זאָל מען אַרויסנעמען זי פון דער גאַנצער סיסטעם פון דער אַרבעט, וואָס וועט זיך דאַן באַקומען? דער מעכאַניזם פון סאָוועטן־מאַכט וועט פאַרלירן די הויפּט־קלאַסן־ליניע, וועט אויפהערן אַרבעטן. די אָרטיקע פּאַרטיישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט זיך אַרומגערינגלט מיט אַן אומפּאַרטיישן אַקטיוו, מיט די פויערים, מיט דער אינטעליגענץ — איז די הויפּט־קראַפט פון פּראָלעטאַרישער אָנפירונג פון דער גאַנצער סאָציאַליסטישער בויונג און דאָרט נאָר אין דער אָרטיקער אָרגאַניזאַציע און קעמערל דאַרף דער לערער געפינען די אָנפירונג און העלפן איר מיט אַלע זיינע קויכעס.

אָפט הויבט מען אויף די פראַגע וועגן דער אַריינטרעטונג פון די לערער אין דער פּאַרטיי. פאַרן פעריאָד פון מאַי 1924 ביז איצט זיינען אין דער פּאַרטיי אַריינגעטראָטן 250 לערער, דערביי הויבט זיך אָן אַ שטאַרקער וווּקס פון מאַי 1925, נאָכן ערשטן לערער־צוזאַמענפאָר. דאָס באַטייט אַ באַשטימטן שטימונג איבערבראָך, וועלכער האָט געפונען זיין אויסדרוק אַפן 1־טן לערער־צוזאַמענפאָר און מיר האָבן באַקומען אַ באַדייטנדיקן צופלוס פון לערער אין דער פּאַרטיי. מיר זיינען איבערצייגט, אַז אויך נאָכן איצטערדיקן לערער־צוזאַמענפאָר וועט די טענדענץ ניט פאַרקלענערט ווערן, מיר וועלן זען, ווי בעהאַדראָגעדיק וועלן אין פּאַרטיי אַריינטרעטן די מער צוגעגרייטע כ"כ, וועלכע האָבן באַוויזן זיך צו פאַרהאַרטעווען, אָפּן לעניניש אויפן קאָנטראָלירן זיך, מאַרקסיסטיש זיך דערציען. אין דעם זין וועלן מיר פאָרזעצן די ליניע, וועלכע די פּאַרטיי האָט ביז איצט געפירט, — מיר וועלן העלפן יעדן כאַווער, וועלכער האָט זיך דורכגעקאָנטראָלירט און זיך צוגעגרייט אַף אַריינטרעטן אין דער פּאַרטיי.

רעדנדיק וועגן דער קאָלאָסאַלקייט פון אונגדזערע אויפגאַבן, וועגן אויסערגעוויינלעכן טעמפּ פון וווּקס אַף אַלע געביטן פון אונגדזער אַרבעט — דאַרף מען, פאַרשטייט זיך, ניט פאַרגעסן אָן די שווערקייטן, וועלכע זיינען דאָ אין אונגדזער טאָג־טעגלעכער אַרבעט. מיר ווייסן, ווי שווער עס זיינען די אַרבעט־באַדינגונגען פון לערער, דאָך, ווייסן מיר, אַז הינטער זיך — האָבן מיר צייטן פון מער שווערערער אַרבעט. דער אַרבעטער־קלאַס פון אונגדזער לאַנד, וועלכער שטייט בעראָש פון אַלע האָרעפּאַשניקעס, האָט בייגעקומען גרויסע שווערקייטן און הויבט איצטער אָן מיט דער גאַנצער גרויס פאַנאַנדערצוּוויקלען די סאָציאַליסטישע בויונג. בעהאַדראָגעדיק וועלן אונגדזערע פעלערן און כעסרוינעס פאַרקלענערט ווערן. ס'איז וויכטיק ניט פאַרגעסן אָן די פּראַקטישע, וואָכעדיקע, קליינע אויפגאַבן, פון וועלכע עס שטעלט זיך אָבער צונויף אונגדזער בויונג־אַרבעט. ס'איז וויכטיק צו פאַרבינדן יעדער טריט פון דער פּראַקטישער בויונג מיט דער אַלגעמיינער גרויסער היסטאָרישער אויפגאַבע פון באַפרייען די האָרעפּאַשניקעס, פון בויען אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט.

ל. ראָזנהויז.

# דער ציִעניזם אין זיין עמעסער געשטאַלט.

## I.

## די גרויס פֿון פּאַלעסטינע.

פּרוּווט איר וויסנשאַפֿטלעך שטודירן די פּראָבלעם פֿון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע, פֿאַלט איר גלייך אַריין אין אַ נעץ פֿון ווידערשפּרעכיקע סטאַטיסטישע אָנגאַבן און אויסמעסטונגען, וועלכע שטאַמען דאָך אַלע פֿון ריין ציִעניסטישע קוועלן.

טיילוויַיז דערקלערט זיך דאָס מיט דעם, וואָס די ציִעניסטן אָפּערירן מיט איין אַרט ציפֿערן, ווען זיי שרייבן פֿאַר די אומעס האַוילעם און מיט אַנדערע, ווען זיי ריידן פֿאַרן פֿאָלק יִסראָעל.

די ערשטע פֿראַגע, אַף וועלכע מיר שטויסן זיך אָן, איז, ווי גרויס איז פּאַלעסטינע? ווילן מיר אָבער באַשטימען דעם שטעך, וועלכן ס'פֿאַרנעמט פּאַלעסטינע באַקימען מיר, אין אָרדענונג פֿון אַנזייאַקסן, פֿאָלגנדיקע אָנגאַבן:

טריטש ווייזט אָן אַף 27.000 קוו. קילאָמעטער; רופּין איז מויסיף נאָך 3.000 און שטעלט זיך אָפּ אַף 30.000 קוו. קילאָמעטער; קאַפּלאַן-קאַפּלאַנסקי גיט אַ נייע הויסאָפֿע פֿון פֿינף טויזנט און ס'באַקומט זיך שוין אַ כעשבן פֿון 35.000; בען-צווי און בען-גוריען אין זייער בוך „ערעץ יִסראָעל" שטייגן אַריין ביז 60 טויזנט קוו. קילאָמעטער.

דער עמעס וועגן דער גרויס פֿון ערעץ יִסראָעל איז אָבער גאָר אַן אַנדערער, און דעמדאָזיקן עמעס פֿאַרטרויט מען נאָר בעסאָד, ווען מען שרייבט אַ מעמאָראַנדום צום נאַציִו, אָדער צו דער פֿעלקער-ליגע.

גאָט, די ציִעניסטן און די ענגלענדער ווייסן, אַז די „נאַציאָנאַלע היים", וועגן וועלכער ס'גייט די רייד און לעצטן גוסעך פֿון מאַנדאַט, פֿאַרנעמט אינגאַנצן נאָר אַ שטעך פֿון 18 טויזנט קוו. קילאָמעטער — 1 זעקסט כיילעק פֿון ווייסרוסלאַנד!

די יידישע קאָלאָניזאַציע פֿון מוישע מאָנטאָפֿיאָרעס צייטן ביז דער פֿערטער אַליע האָט זיך געפֿירט נאָר אַפֿן דאָזיקן שטעך פֿון מאַירעוו-פּאַלעסטינע, אָדער, ווי די ציִעניסטן באַצייכענען, פֿון „קליין פּאַלעסטינע".

די ציִעניסטן אָבער טרוימען וועגן „אַ גרויס פּאַלעסטינע".

דער אַלגעמיינער ציִעניסט רופּין האָט אָנגעשריבן אַן ערנסטן בוך וועגן סיריען און פּאַלעסטינע. ד. ה., אַז ער האָט געוואָרפֿן אַן אויג אויך אַף סיריען. דערוויַיל אָבער באַגנוגנט ער זיך מיטן ווונטש פֿאַרייניקן צו מאַירעוו-פּאַלעסטינע דעם איַיווער האַיאַרדן.

אין איַיווער האַיאַרדן געפֿינען זיך, דאַרפֿט איר וויסן, בעסאַכאַקל, צוויי אַראַביזירטע יידן!

קאַפּלאַנסקי פּרעטענדירט אַף וואַד-אַל-אַריש — דאָס איז אַ וויסטעניש, וועלכע געהערט צו עגיפּטן.

איז וואָס? וועלן מיר פֿירן אַ מילכאָמע... די מיטיקע „פּויאַליי-ציִעניסטן" פֿון „דער ערעץ יִסראָעלדיקער אַרבעטער-קאָמיסיע", וועלכע איז געשיקט געוואָרן פֿון אַלוועלטלעכן פֿאַרבאַנד „פּויאַליי-ציִען" אויסזען די לאַנד און אויספֿאָרשן, צי טויג זי פֿאַר קאָלאָניזאַציע, האָבן זיך פֿאַראייניקט צו בען-צוויס און בען-גוריענס מיינונג און באַשטימען די גרענעצן פֿון פּאַלעסטינע פֿון רויטן ביזן מיטללענדישן יאַם.

די פּויאַליי-ציִעניסטן ווילן פֿאַרכאַפּן ניט נאָר וואַד-אַל-אַריש, נאָר אויך דעם געביט אַרום מאַאַן און אַקאַבע.

איז אינטערעסאַנט אַביסל אָפּצושטעלן זיך אַף די „היסטאָרישע רעכטן פֿון יידישן פֿאָלק" אַף די דאָזיקע ערטער. אַקאַבע איז אַ פּאָרט אַף די ברעגן פֿון רויטן יאַם (יאַם סוף), און אַזוי ווי יידן זיינען דאָך אַרויסגייענדיק פֿון מיצראַיִם, איבערגעגאַנגען דעם יאַם סוף, איז שווער צו באַשטרייטן די יידישע היסטאָרישע רעכט אַף אַקאַבע.

די צאָרע איז, וואָס כאָטש דער געביט פֿון מאַאַן און אַקאַבע פֿאַרנעמט אַ שטעך פֿון 30.000 קוו. קילאָמעטער, איז ער אַ מידבאָר און טויג לאַכלויטן ניט פֿאַר קאָלאָניזאַציע. דערדאָזיקער געביט האָט אָבער אַ גרויסע פּאָליטישע און סטראַטעגישע באַדייטונג.

די אייזנבאַן-ליניע יאַפֿע—אַקאַבע באַדייט אַ פֿאַרבינדונג פֿון רויטן יאַם מיטן מיטללענדישן. די הערשאַפֿט פֿון ענגלאַנד איבער אַקאַבע גיט איר די מעגלעכקייט זיכערן דעם וועג פֿון ירושאלאַיִם ביז איראַק מיט זיינע נאַפֿט-אוצרעס.

צוליב אימפּעריאַליסטישע פּלענער נויטיקט זיך ענגלאַנד אין אַקאַבע, וואָס פֿאַר אַ שייכעס האָט אָבער דערדאָזיקער געביט מיט דער יידישער „פֿרידלעכער" קאָלאָניזאַציע פֿון פּאַלעסטינע?

די שייכעס איז אַ גאַנץ פּאָשעטע: מאַירעוו-פּאַלעסטינע איז אַ גערידכט-באַפֿעלקערט לאַנד, און וועלכן ס'לעבן 45 — 50 נעפֿאָשעס אַף אַ קוואַדראַט קילאָמעטער, קעדיי אָבער דערוויַיזן, אַז זי איז שיטער באַפֿעלקערט, פֿאַראייניקט מען צו איר אַלע אַרומיקע מידבאָריעס און מען רעט וועגן „גרויס פּאַלעסטינע", וועלכע שפּרייט זיך פֿון יאַם ביז יאַם!

קאַפּלאַנסקי האָט אָנגעשריבן אַ גרויסע רעצענזיע וועגן בען-גוריענס און בען-צוויס בוך „ערעץ-יִסראָעל", און וועלכער ער שרייבט מיט גרויס טמימעס:

„די צאָלן, (צו וועלכע ס'זיינען געקומען בען-צווי און בען-גוריען. ל. ר.), זיינען ניט סויסער די רעזולטאַטן, צו וועלכע מיר זיינען געקימען אין אונדזער אַרבעט וועגן שטעך פֿון ערעץ יִסראָעל, באַאַשער מיר האָבן זיך באַגנוגנט מיט דער אויסרעכענונג פֿון דעם שטעך, וואָס טויג שוין איצט פֿאַר קאָלאָניזאַציע". („א"י, בילעטען פֿון נאַציאָנאַל-פֿאָנד, העפֿט איינס ז. 105).

אויב די צוגעקימענע קילאָמעטערס טויגן ניט פֿאַר קאָלאָניזאַציע, טויגן זיי אָבער אַף פֿאַרפֿירן דעם אוילעם... ווען זשאַבאָטינסקי, רופּין און וויַיצמאַן ריידן אָבער פּראַקטיש וועגן פּאַלעסטינע, דערמאָנען זיי נאָר די

18.000 ק. קילאָמעטער פֿון מאַירעוו=פּאַלעסטינע.

די ייִדישע קאָלאָניזאַציע פֿון דעמראָזיקן שטעטך האָט זיך אָנגעהויבן אין 1870=טן יאָר. ווען נעטער האָט געגרינדעט די אַקערבוי=שול „מיקווע ייִסראָעל“; דער באָדן פֿון „פּעסאַך=טיקוואָ“ איז געקויפֿט געוואָרן אין 1878=טן יאָר.

די ריינע ציוניסטישע קאָלאָניזאַציע הויבט זיך ערשט אָן פֿון 1882=טן יאָר, ווען ס'האָבן זיך געגרינדעט די ערשטע „בילו'אישע“ קאָלאָניעס.

די „בילו'יצעס“ האָבן אַף זיך שוין געקוקט, ווי אַפֿן אוואַנגאַרד פֿון גאַנצן פֿאָלק און האָבן גערופֿן די „הויז פֿון יאַנקעוו“ פֿאַרלאָזן דעם גאָלעס און באַזעצן זיך אין דעם הײליקן לאַנד.

די ייִדישע קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע צעטיילט רופֿין אין פֿאָלגנדיקע פּעריאָדן:

1. פֿון 1882 — 1899 — די צייט פֿון דער פּאַטריאַרכאַלישער קאָלאָניזאַציע אַפֿן יעסאָד פֿון ווײַן=פּלאַנטאַציעס.

2. פֿון 1900 — 1907 — די צייט פֿון סיסטעמאַטישער פֿילאַנטראָפּישער קאָלאָניזאַציע אַפֿן יעסאָד פֿון טווע=ווירטשאַפֿט.

3. 1908 — 1914 — די צייט פֿון דער נאַציאָנאַלער קאָלאָניזאַציע אַפֿן יעסאָד פֿון געמישטער ווירטשאַפֿט.

4. 1920 — 1922 — די דריטע אַליע.

5. 1924 — 1925 — די פֿערטע אַליע.

דיזאָזיקע פּעריאָדן פֿאַלן צונויף מיט די שווערע צייטן, ווען די לאַגע פֿון ייִדן פֿלעגט זיך באַזונדערס פֿאַרערגערן: די פּאָגראָמען אין די אַכציקער יאָרן; קישעניעווער פּאָגראָם; די מאַפּאָלע פֿון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע; די נאָך=מילכאָמע יעסורים; די פֿאַראָרעמקייט פֿון די ייִדישע מאַסן אין פּוילן.

אין צייטן פֿון צאָרעס, רעאַקציע און נויטעס פֿאַרשטאַרקט זיך שאָמיד דער ציוניזם...

דער ציוניזם האָט פֿאַרזיכערט די ייִדישע מאַסן, אַז ער איז בעיעכוילעס ראַדיקאַל דערלייזן די ייִדישע פֿראַגע. די „בילו'יצעס“ האָבן באַקעמפֿט די עמיגראַציע אין אַמעריקע. דער הערצליזם איז אין זייגע ערשטע יאָרן געווען קעגן קעגנוואַרט=אַרבעט און דער ציוניזם האָט אין אַלע זיינע פּעריאָדן געפּריידיקט דעם פּאַלעסטיניזם אַלס די הויפּט=אויפֿגאַבע, און די גאָלעס=אַרבעט אַלס אַ ביי=זאַך.

דער ייִדישער קליינבירגער האָט געגלייבט דעם ציוניזם און יעדן מאָל, ווען די וואַסערן פֿלעגן גרייכן ביזן האַלדז, פֿלעגט זיך דער קליינבירגער אָנכאַפּן פֿאַר דער ציוניסטישער שטרויעלע.

פֿון די „בילו'יצעס“ ביז די „כאַלוצים“ האָט דאָס ייִדישע פֿאָלק (רײדנדיק אַפֿן ציוניסטישן לאָשן) געבראַכט גרויסע קאָרבאָנעס און פֿאַרשווענדעט ענערגיע אָן אַ כעשבן, קעדיי באַפֿעסטיקן זיך אין פּאַלעסטינע און פֿאַרוואַנדלען זי אין ערעץ ייִסראָעל, אין אַ ייִדיש לאַנד.

ס'איז שוין איבערגעגאַנגען 44 יאָר און מען קאָן שוין אונטערפֿירן אַ סאַכאַקל און קריטיש באַטראַכטן די ציוניסטישע דערגרייכונגען אין פּאַלעסטינע און די ווייטערדיקע פּערספּעקטיוון פֿון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין איר.

### .II

## די ציוניסטישע דערגרייכונגען אין פּאַלעסטינע.

אָפּשאַצנדיק די רעזולטאַטן פֿון דער פֿאַרמילכאָמע קאָלאָניזאַציע פֿון פּאַלעסטינע, מוז רופֿין מודע זיין:

„ווען מיר זאָלן נעמען אין באַטראַכט, אַז די ייִדישע לאַנדווירטשאַפֿטלעכע קאָלאָניעס האָבן אָפּגעקאָסט ביזן 1914=טן יאָר קאָרעוו צו 100 מיליאָן גאָלד פֿראַנק און זיי זיינען איצט ווערט, כאָטש די פּרייזן פֿון באָדן האָבן זיך געהויבן, נאָר 60 מיליאָן גאָלד פֿראַנק, קען מען מיינען, אַז די גאַנצע קאָלאָניזאַציע איז פֿון ווירטשאַפֿטלעכן שטאַנדפּונקט, נאָר אַ ניט געלונגענער עקספּערימענט“. (רופּין „דער אויפֿבוי דעם לאַנדעס איזראַעל“, דייטש, ז. 53). רופּין טרייסט זיך מיט כאַלאָשעס, אַז די 40 מיליאָן גאָלד פֿראַנק דעפֿיציט, וועלכע ס'האָט אָפּגעקאָסט די ציוניסטישע קאָלאָניזאַציע, איז רעבע=געלט.

עמעס, אַביסל צו טייער! דערפֿאַר וועט ווייטער זיין בעסער.

די לאַגע האָט זיך אָבער ניט פֿאַרבעסערט אויך נאָך דער מילכאָמע. די ציוניסטישע נאָך=מילכאָמע=קאָלאָניזאַציע האָט איינגעשלונגען פֿרישע מיליאָנען און די דערגרייכונגען זיינען ווידער קלאָגעדיקע.

אין דעם ציוניסטישן מעמאָראַנדום, וועלכער איז צוגעשטעלט געוואָרן דער פֿעלקער=ליגע, געפֿינען מיר פֿאָלגנדיקע ציפֿערן וועגן פּאַלעסטינע:

די אַלגעמיינע צאָל פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג — 108 טויזנט נעפֿאָשעס, ייִדישער ערד=באַזיץ — 900 טויזנט דונאַם.

מיר וועלן אָבער אַרויסגיין אין אונדזער קריטיק ניט פֿון דיזאָזיקע ציפֿער, נאָר פֿון די אַביסל העכערע, וועלכע זיינען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן די לעצטע צייט.

לויטן לעצטן באַריכט פֿון „קערן קאַיעמעס“ עקזיסטירן באַם היינטיקן טאָג אין פּאַלעסטינע 100 ייִדישע ייִשוווים, וועלכע פֿאַרנעמען אַ שטעטך פֿון איין מיליאָן דונאַם.

די ייִדישע באַפֿעלקערונג אין פּאַלעסטינע ציילט 135 טויזנט נעפֿאָשעס, וועלכע מאַכן אויס 15% פֿון דער גאַנצער באַפֿעלקערונג פֿון פּאַלעסטינע.

די ייִדישע דאָרפֿישע באַפֿעלקערונג פֿון פּאַלעסטינע ציילט אָן 20.000 נעפֿאָשעס און מאַכט אויס נאָר 3% פֿון דער פּאַלעסטינער דאָרפֿישער באַפֿעלקערונג!

איין מיליאָן דונאַם קלינגט שטאָלץ, אַ דונאַם איז אָבער נאָר 1 עלפֿטל העקטאַר, אָדער 1 צוועלפֿטל דעס.; רעכענען מיר איבער די דונאַמס אַף העקטאַרס און דעסיאַטינעס באַקומט זיך נאָר 90.000 העקטאַרס, אָדער 83.400 דעסיאַטין.

אין דער ווייטער אַרגענטינע האָט די ייִדישע קאָלאָניזאַציע מיט פֿיל קלענערע מיטלען דערגרייכט גרעסערע רעזולטאַטן!

דער סאָוועטן=פֿאַרבאַנד האָט אין איין יאָר 1924—1925 אויסגעטיילט פֿאַר דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע 85.000 דעסיאַטין און באַזעצט אַף ערד 30.000 נעפֿאָשעס. אַף אַזאַ אויפֿן, האָט דער סאָוועטן=פֿאַרבאַנד אויפֿגעטאָן אין איין יאָר מער, ווי די ציוניסטן אין 44 יאָר!

קעדיי דער באַנקראָט פֿון ציוניזם זאָל זיך אַרויסווייזן אין זיין גאַנצער נאַקעטקייט, איז נאָך נויטיק צו באַקאָנען זיך, וואָס האָט אָפּגעקאָסט די ציוניסטישע קאָלאָניזאַציע און איר נאַכמילכאָמע־פּעריאָד.

די ציוניסטישע פֿאָנדן זאַמלען צונויף אַ יאָר אַן ערעך צען מיליאָן רובל. לויט די באַריכטן פֿון פֿערצנטן קאָנגרעס געהערן דעם נאַציאָנאַל־פֿאָנד אין פּאַלעסטינע 250.000 דונאַם באָדן, וועלכע קאָסטן אים 720.000 פֿונט, ד. ה. 7.100.000 רובל!

דער גאַנצער אייגנטום פֿון קערן־קאַיעמעס טרעפֿט אָן 856.588 פֿונט סטערלינג, 70% פֿון די אַריינגעלייגטע פֿון „קערן־קאַיעמעס" אין פּאַלעסטינע געלטער (הדבר 80 №). 30% איז צוריבן געוואָרן אין אַוועק לעאיבעד אַלס נייער סבאַר־לימעד.

די האַכנאָסע פֿון צווייטן ציוניסטישן הויפּט־פֿאָנד פֿון קערן־האַיעסאָד האָט אויסגעמאַכט:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| אין יאָר | 1921 | — | 295.011 | פֿ. סטערלינג |
| " | 1922 | — | 395.634 | " " |
| " | 1923 | — | 467.425 | " " |
| " | 1924 | — | 473.046 | " " |
| " | 1925 | — | 513.253 | " " |
| ס"כ | | | 2.144.369 | " " |

ד. ה. העכער פֿון 21 מיליאָן רובל! די ציוניסטישע געלטן זיינען דאָך אָבער נאָר אַ טייל פֿון דעם גאָלד־רעגן, וועלכער דאַרף דאָס באַפֿרוכפּערן פּאַלעסטינע.

לויטן כעשבן פֿון וואַן פֿריזלאַנד האָבן די ייִדן אַריינגעבראַכט אין פּאַלעסטינע פֿון אָקטיאַבר 1921־טן ביז אָקטיאַבר 1922־טן צוויי מיליאָן פֿונט סטערלינג, און פֿאַר די לעצטע צוויי יאָר איבער 8 מיליאָן פֿונט סטערלינג, 100 מיליאָן רובל פֿאַר דריי יאָר. (זע „ראַסוועט" 3 № יאָר 1926).

דאָס באַווייזט, אַז די נאָכמילכאָמע־קאָלאָניזאַציע איז פּונקט אַזאַ ניט געלונגענער ווירטשאַפֿטלעכער עקספּערימענט, ווי די פֿאַרמילכאָמע־קאָלאָניזאַציע. אַ לעבעדיקן זאַק איז שווער אָנצופֿילן.

איינאָרדענען אַ פֿאַמיליע אַף ערד קאָסט אָפּ אין פּאַלעסטינע פֿון 15 ביז צוואַנציק טויזנט רובל — און אוסישקין האָט אָפֿן דערקלערט:

„די מענטשן, וועלכע פֿאַרמאָגן אין זייער אייגנס אַזעלכע סכומען, וועלן ניט גיין ווערן פּאָשעטע פּויערים אין ערעץ ייִסראָעל, און אויב זיי וועלן שוין יאָ מאַסקים זיין, וועלן דאָס זיין נאָר יעכידים".

ווייטער האָט אוסישקין דערקלערט:

„די ערדן פֿון ערעץ ייִסראָעל, לויט די האַכנאָסעס, וואָס זיי טראָגן אונדז אַריין, זיינען ניט ווערט אַ האַלבן גראָשן. נאָר וואָס? ס'איז פֿאַראַן אַ לאַנד, וועלכע דופֿט זיך ערעץ ייִסראָעל און דאָס ייִדישע פֿאָלק וויל עס דעראָבערן און ער באַצאָלט פֿאַר זיין באָדן פּונקט, ווי אַ פֿאָטער באַצאָלט פֿאַר אַ רעצעפּט פֿאַר זיין קראַנקן זון. וויפֿל דער אַפּטייקער זאָל ניט אויסבעטן, וועט דער טאַטע באַצאָלן" („הדבר" 223 №).

ערעץ ייִסראָעל־ערד אין אַפּטייק־דאָזן, אַף אַפּטייק־פּרייזן איז די ציוניסטישע רעפֿוע צו די ייִדישע צאָרעס! פֿאַראַן מענטשן, וועלכע גלויבן אין קישעף, אין אָפּשפּרעכעניש און די ציוניסטן גלויבן אין ערעץ ייִסראָעל־ערד, אין איר הייל־קראַפֿט. דער כוילע ברעכט אָבער אויס די רעפֿוע אין יעדער שטראָם פֿון איינוואַנדערונג אין פּאַלעסטינע פֿאַרענדיקט זיך מיט אויסוואַנדערונג, יעדער אַליע מיט אַ יערידע, מיט אַ שווערן קריזיס.

קענען אַבערגלויבן איז אָבער זייער שווער צו קעמפֿן.

אוסישקין איז טאַקע גערעכט, ווען ער דערקלערט, אַז די ערד פֿון נאַציאָנאַל־פֿאָנד איז פֿון ווירטשאַפֿטלעכן שטאַנדפּונקט גאָרניש ווערט.

דער אייגנטום פֿון נאַציאָנאַל־פֿאָנד טראָגט אַריין נאָר איין 12־טל פּראָצענט האַכנאָסע! (ראַסוועט" 12 №, „צו דער פֿראַגע וועגן רעווידירן די פּאָליטיק פֿון נאַצ. פֿאָנד").

ס'איז שווער צו געפֿינען אין פּאַלעסטינע אַ קווצע, אַ ייִשעוו אַף דער ערד פֿון נאַציאָנאַל־פֿאָנד, וועלכער זאָל זיך ניט נויטיקן אין ווייטערדיקער שטיצע.

אָט וואָס ס'שרייבט וועלטש אין „הדבר": „די גרעסטע שוועריקייט ליגט אין דעם, וואָס אדהאַיעם האָט זיך נאָך ניט באַפֿעסטיקט אַפֿילע איין אַרבעטער־ייִשעוו, וואָס זאָל זיך זעלבסט אויסהאַלטן".

....„איך ווייס ווי שטאַרק איז דער ווילן, וועלכער ברענט אין זיי צו ווערן זעלבשטענדיק. איך ווייס, ווי גרויס זיינען די קאָרבאָנעס, וואָס יעדערער פֿון זיי (פֿון די כאַווייריִם פֿון די קווצעס. ל. ר.) ברענגט. איך ווייס, אַז זיי לעבן אין אומענטשלעכע באַדינגונגען און האָבן נאָר איין ציל, ווי צו אויסקומען מיט די באַשטימטע סכומען. דער פּאַטאָס פֿון זייער נאַציאָנאַלן אידעאַליזם פֿילט אונדז אָן מיט פֿאַרערונג צו זיי, מיר זיינען אָבער פֿאַרפֿליכטעט צו שטעלן זיך די פֿראַגע, צו פּאַטערן מיר ניט דאָס טייערסטע, וואָס מיר פֿאַרמאָגן אַף אַזאַ אויפֿן, וועלכער געפֿינט ניט קיין באַרעכטיקונג". (הדבר" 222 №).

וועלטש זוכט דאַרום וועגן און ער וויל ניט פֿאַרשטיין, אַז זיי וועלן באַנקראָטירן פּונקט ווי די אַלטע.

און כיידער קען מען גיין פֿינף, צען יאָר, אָבער ניט 44 יאָר!

נאָך ערגער איז די לאַגע פֿון די אַרבעטער אין די קאָלאָניעס. אַן אַרבעטער פֿון „פּעסאַך־טיקוואָ" האָט זיך געווענדעט אין דער „היִמטאַדרוט" און האָט אַזוי באַשריבן דעם מאַצעוו פֿון די ייִדישע אַרבעטער אין פּעסאַך־טיקוואָ:

„מיר הונגערן. אונדז פֿעלט אויס ברויט. מיר, דאָס זיינען די 1500 אַרבעטער פֿון פּעסאַך־טיקוואָ. דער, וואָס איז באַקאַנט מיט דער לאַגע אין פּעסאַך־טיקוואָ ווייס, אַז דאָס איז ניט קיין מעליצע, קימאַט אַלע אַרבעטער הונגערן און זיי פֿעלט אויס פּאָשעט ברויט. די דאָזיקע אַרבעטער ווייסן ניט מאָגאַטנווייז, וואָס איז אַזוינס שלאָפֿן אַף אַן אייגענער בעט. זיי וואַלגערן זיך צו זעקס, זיבן אין איין געצעלט. זיי גייען אַרויס צו דער אַרבעט אָן ברויט און קערן זיך אום הונגעריקע („הדבר" 229 №).

פּעסאַך־טיקוואָ איז דער טייטש — דער אָנהויב פֿון האָפֿענונג, דאָס איז די ערשטע קאָלאָניע, וועלכע ייִדן האָבן געגרינדעט אין פּאַלעסטינע.

ווי איראָניש קלינגט דערדאָזיקער נאָמען איצט נאָך פופציק יאָר פון טאָג פון איר גרינדונג.

וויפל אָפּגענאַרטע האָפענונגען, וויפל אומזיסטע קאָרבאָנעס!

## .III

# גלויבן די ציעניסטן, אַז פּאַלעסטינע וועט דערלייזן ראַדיקאַל די יידן־פראַגע?

די פראַגע, צי גלויבן די ציעניסטן גופע, אז פּאַלעסטינע וועט דערלייזן ראַדיקאַל די יידן־פראַגע, קען זיך אויסדרוכטן, איז אַן איבעריקע און דער גרעסטער טייל פון די ציעניסטן, וועט, אנשטאט צו ענטפערן, געוויס אַ קוועטש טאָן מיט די פּלייצעס, און, לויטן יידישן מינהאָג, ענטפערן מיט אַ פראַגע: אויב ניט, איז צוליב וואָס וואָלטן מיר זיין ציעניסטן?

שרייען דאָך די ציעניסטן, אַז די מאַסן־קאָלאָניזאַציע און סאָוועטן־פאַרבאַנד איז נאָר אַ פּאַליאַטיוו, אַ צייטווייליקע פאַרגרינגערונג, אַ הילף־אַרבעט, אָבער ניט קיין גאולה שליימע.

די עמעסע גאולה ברענגט דער ציעניזם!

גלויבן זיי אין דעם גופע?

ווי באַוווּסט, זעט פאָרויס דער צען־יאָריקער פּלאַן פון קאָמיטעט די ערד־איינאָרדענונג פון 100.000 מישפּאָכעס, ד. ה. פון פינף הונדערט טויזנט נעפאָשעס.

דער טעמפּ פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד פאַר די ערשטע צוויי יאָר האָט דערוויזן, אַז דערדאָזיקער צען־יאָריקער פּערספּעקטיוו־פּלאַן איז אַ רעאַלער.

ר ו פ י ן אין זיין אויבן ציטירטן בוך „דער אויפבוי דעם לאַנדעס איזראעל" האָט אויסגעאַרבעט דעם „ציעניסטישן פּערספּעקטיוו־פּלאַן"...

לויט זיינע אויסרעכענונגען וועלן זיך אין פּאַלעסטינע די ערשטע צען יאָר קענען באַזעצן נאָר 20.000 פאַמיליעס — 100.000 נעפאָשעס.

500.000 נעפאָשעס אין צען יאָר איז אַ פּאַליאַטיוו, און 100.000 נעפאָשעס אין צוואַנציק יאָר איז אַ ראַדיקאַלע דערלייזונג?

אזא איז די ציעניסטישע לאָגיק.

אַלע ציעניסטישע קאָלאָניזיר־טעאָרעטיקער רעכענען, אַז דאָס גרעסטע, וואָס מען קען דערוואַרטן, איז, אַז אין צוואַנציק יאָר אַרום זאָלן זיך אין פּאַלעסטינע געפינען אַ מיליאָן יידן. ווען מער ווי אַ מיליאָן טרוימען ניט אַפילע די גרעסטע ציעניסטישע פאַנטאַזיאָרן, די רעוויזיאָניסטן מיט זייער פירער זשאַבאָטינסקי.

זאַנגוויל*) האָט געשטעלט די ציעניסטן אַ קלאָץ־קשיע: „ערעץ ישראָעל איז ניט גרעסער פון וועלס אין ענגלאַנד. וועלס איז רייך מיט אייזן און שטיינקוילן און דאָך ציילט אָן איר באַפעלקערונג נאָר 2 מיליאָן נעפאָשעס. פרעגט זיך, ווי אזוי קען פּאַלעסטינע איינעמען 15 מיליאָן יידן?"

*) אַן אַלטער טעריטאָריאַליסט. האָט זיך אַ צייט לאַנג אַרומגעטראָגן מיט פאַרשיידענע פּלענער וועגן באַשאַפן אַ יידישע טעריטאָריע. האָט געזוכט אַזאַ טעריטאָריע. לעצטנס, אַז די ערד־איינאָרדנונג אין רוסלאַנד איז געוואָרן אַ רעאַלער פאַקט, האָט זיך זאַנגוויל אַ נייג געטאָן צו רוסלאַנד.

ס'איז קלאָר, אַז ווען אַפילע אַלע ציעניסטישע טרוימען זאָלן מעקויעם ווערן, וועלן אין פּאַלעסטינע אין 20 יאָר אַרום זיך געפינען נאָר איין מיליאָן יידן און אין „גאָלעס" וועלן פאַרבלייבן גאַנצע 17 מיליאָן! באַ די גרעסטע קאָרבאָנעס וועט זיך אָבער ניט איינגעבן געפינען אין פּאַלעסטינע אַן אָרט אַפילע פאַרן דאָזיקן מיליאָן, ווייל אין פּאַלעסטינע איז ניטאָ קיין פרייער באָדן און קיין קוירעכס אויצרעס וועלן ניט קלעקן אַף „אויסלייזן" די פּאַלעסטינער ערד באַ די אַראַבער.

דער פאַקט, וואָס אין פּאַלעסטינע איז ניטאָ קיין פרייע ערד, באַשטעטיקט זיך דורכדעם, וואָס יעדער מאָל, ווען די ציעניסטן מאַכן אַ גרעסערע ערד־קניע אין פּאַלעסטינע, קומט זיי אויס אַראָפּצוטרייבן פון געקויפטן באָדן די אַראַבישע אַרענדאַטאָרן און ס'דערגייט ביז בלוטיקע צוזאַמענשטויסן.

די געשיכטע פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע איז רייך מיט אזוינע בלוטיקע צוזאַמענשטויסן. ס'איז גענוג נאָר צו דערמאָנען מעטולע, וואַדי כאַנין, אַפילע אין די לעצטע מאָנאַטן דעם צוזאַמענשטויס אין דושעדראַ נעבן כייפע, פון וואַנען די ציעניסטישע קאָלאָניזאַטאָרן האָבן פאַריאָגט 500 אַראַבישע מישפּאָכעס.

אָט וואָס ס'ווערט וועגן דאָזיקן פאַל איבערגעגעבן אין אַ טעלעגראַמע, וועלכע די אַראַבער האָבן געשיקט אין לאָנדאָן:

„יידן פון כייפע האָבן געפרווט פאַראַקערן אונטער שוץ פון זשאַנדאַמעריע דעם באָדן, וועלכער געהערט שוין מער ווי דריי הונדערט יאָר דעם שייַוועט אַלגואַרנע. דערדאָזיקער שייַוועט האָט זיך געשטעלט אַקעגן. ס'זיינען אַרעסטירט געוואָרן 60 מאַן און אַ טייל איז געשלאָגן געוואָרן. מיר פּראָטעסטירן קעגן אַזאַ טאַט, וועלכער נעמט אָפּ ברויט באַ 500 נעפאָשעס". („הדבר" № 229) *).

אויך רופין קאָנסטאַטירט אין זיין שוין עטלעכע מאָל ציטירטן בוך:

„אין אַלגעמיין איז דער גאַנצער באָדן אין פּאַלעסטינע, וועלכער טויג נאָר פאַר באַאַרבעטונג, פאַרנומען. העפקער, אָן אַ באַלעבאָס איז נאָר דער באָדן, וועלכער טויג לאַכלוטן ניט פאַר לאַנדווירטשאַפט, ווי די זאַמד־דיונעס, וועלכע ליגן אין שכיינעס פון עגיפּעט; ווי דאָס יאַרדן־טאָל מיטן אויסנאַם פון עטלעכע אָאַזיסן; ווי דער שטייניקער מידבאָר יעהודאַ צווישן כעווראָן און טויטן יאַם" (יאַם האַמעלעך) (רופין, „דער אויפבוי"... ז. 114).

צום שלוס דערקלערט רופין, אַז ווען מען זאָל פּרוּוון אַ טייל פון דאָזיקן באָדן אויסנוצן פאַר קאָלאָניזאַציע, וועלן די קאָסטן פון דעם זיין אזוי גרויס, אַז ס'וועט בעסער שוין לוינען צאָלן די טייערסטע פּרייזן און קויפן דעם באָדן באַ די אַראַבער.

אין אַן אַרטיקל „וועגן דער באָדן־פּאָליטיק" אין דעם דייטשישן זאַמלבוך „ראַסוועט" כאַזערט איבער זשאַבאָטינסקי רופינס ווערטער און גיט נאָך צו, אַז אַפן זעלבן שטאַנדפּונקט שטייט דער אינזשענער עטינגער, וועלכער האַלט, אַז נאָר אין מעשעך פון צענדליקער יאָרן קען אַ טייל פון פּאַלעסטינישן פרייען באָדן צוגעפּאַסט ווערן פאַר קאָלאָניזאַציע **). פאַרן באָדן אין פּאַלעסטינע, וועלכער געפינט זיך

*) דער „הדבר" האָט שטאַרק פאַרווישט. בעעמעס, זיינען די אַראַבער צושלאָגן געוואָרן ביז בלוט דורך די „אַכרוטניקעס".

**) ראַסוועט, דייטש, ז. 105

אין אַראַבישע הענט, קומט אָבער אויס צו צאָלן אומגלויביקע פּרייזן פֿון 130 ביז 720 רובל פֿאַר אַ העקטאַר.

זשאַבאָטינסקי איז גערעכט, ווען ער ווייזט אָן: „ס'איז קלאָר, אַז אויב ס'וועט אַזוי ווייטער גיין, וועט מען פֿאַר אַ שטיקל ערד אין פּאַלעסטינע דאַרפֿן באַצאָלן טייערער, ווי פֿאַר אַ פּלאַץ אין לאָנדאָנער „סיטי“. (דאָרט ז, 108).

זשאַבאָטינסקי פֿאָדערט דערום, די ענגלישע רעגירונג זאָל נאַציאָנאַליזירן דעם באָדן אין פּאַלעסטינע און אויסשטעלן פֿאַר דער ייִדישער עמיגראַציע אַ קאָלאָניזאַציאָנס-פֿאָנד.

נעמען מיר אָן אַפֿילע, אַז די ענגלישע לאָרדן וועלן מאַסקים זײַן אַף אַזאַ רעוואָלוציאָנערן אַקט, פֿרעגט זיך, וואָס וועלן אַף דעם זאָגן די אַראַבער, וועלכע באַאַרבעטן דעמדאָזיקן באָדן און זיצן אַף אים פֿון הונדערטער יאָרן?

ווי איר זעט, איז די פֿראַגע, וואָס מיר האָבן געשטעלט, אין אָנהויב פֿון דאָזיקן קאַפּיטל, גאָרניט אַזאַ לעכערלעכע, ווי זי דוכט זיך.

די ציוניסטישע פֿירער גלויבן אַליין ניט, אַז פּאַלעסטינע קען דערלייזן די ייִדישע פֿראַגע. זיי ווילן נאָר שאַפֿן אין פּאַלעסטינע „אַ נאַציאָנאַלע היים“ פֿאַר דער ייִדישער בורזשואַזיע. די ייִדישע פּאַלעסטינער קאָלאָניסטן פֿאַרטיידיקן דעם שטאַנדפּונקט, אַז אין פּאַלעסטינע קענען עקזיסטירן נאָר אַזוינע ייִדישע ווירטשאַפֿטן, וועלכע באַנוצן אַראַבישע ביליקע אַרבעט. מ. סמיליאַנסקי, אַ באַוווּסטער ציוניסטישער פּובליציסט און קענער פֿון פּאַלעסטינע, האָט פֿאָרמולירט דעמדאָזיקן שטאַנדפּונקט אין פֿאָלגנדיקן זאַץ:

„ערעץ יסראָעל קען זיך אַנטוויקלען נאָר אַפֿן באַזיס פֿון לאַנדווירטשאַפֿט, און די לאַנדווירטשאַפֿט קען זיך שטיצן נאָר אַף אַראַבישער אַרבעט. ס'איז אָבער אַ נאַציאָנאַלע פֿליכט, אַז יעדער קאָלאָניסט זאָל באַשעפֿטיקן איין ייִדישן פּויעל“ („הדבר“ № 225).

דאָס ייִדישע פֿאָלק דאַרף דאָס ברענגען די גרעסטע קאָרבאָנעס, קעדיי באַזעצן אין פּאַלעסטינע עטלעכע טויזנט ייִדישע פּלאַנטאַטאָרן, בויאַזים און העלפֿן זיי אַפֿילע אַראָפּטרייבן פֿון זייערע יערושע-נאַכלעס די אַראַבער, און שפּעטער עקספּלואַטירן די זעלבע אַראַבער אַף זייער געוועזענער ערד.

דעם ייִדישן אַרבעטער, דעם בען-אָכיִע, דאַרף מען האָבן צום דאָזיקן שפּיל, קעדיי ער זאָל צוגעבן דערדאָזיקער באַלעבאַטישער קאָלאָניזאַציע אַן אָרעאָל פֿון נאַציאָנאַלער קדושע און קעדיי מיט זײַן הילף זאָל מען קענען האַלטן די אַראַבער אין דער מוירע.

„מיר זײַנען דאָך אָבער קעגן דעם בורזשואַזן ציוניזם!“ וועלן טאַנען און ליאַרמען די „צירײ-ציִען“ און „פּויאַלײ-ציִען“, מיר ווילן בויען די אַרבעטנדיקע פּאַלעסטינע?“.

יאָ, איר ווילט אָבער אַ ז אַ בויט זיך ניט, און אַ ז אַ קען זיך ניט בויען, און אָביעקטיוו זײַט איר נאָר אונטערשאַמעסים בײַ די אַלגעמײנע ציוניסטן, און די אַלגעמײנע ציוניסטן זײַנען נאָר מעשאָרסים פֿון דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם — איר זײַט מעשאָרסים בײַ מעשאָרסים.

די ציוניסטן, זײַנען גענויט פֿאַרבינדן זיך מיטן אימפּעריאַליזם טאַקע דערפֿאַר, ווײַל די ציוניסטישע קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע, אַף וויפֿל זי איז מעגלעך, קען זײַן נאָר אַ רויבערישע.

## די שטאָטישע קאָלאָניזאַציע.

בלײַבט די שטאָטישע קאָלאָניזאַציע.

די אויסזיכטן פֿון אַ געזונטער שטאָטישער קאָלאָניזאַציע זײַנען אָבער ניט ווייניקער האָפֿענונגסלאָז פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿטלעכער, ווײַל פּאַלעסטינע פֿאַרמאָגט ניט קײנע פֿאַרבאַדינגונגען, אַפֿילע פּאָטענציעלע, פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון אַ גרויס אינדוסטריע.

טרעפֿט מען צו בויען אַ פֿאַבריק אין פּאַלעסטינע, קומט אויס אַרײַנצופֿירן פֿון אויסלאַנד סײַ די בוי-מאַטעריאַלן, סײַ די רויסטאָפֿן, סײַ די שטײנקוילן.

פּאַלעסטינע האָט גאָרניט — ניט קײן קוילן, ניט קײן אײַזן, ניט קײן קופּער, ניט קײן האָלץ, ניט קײן פֿלאַקס און וואָל. ס'איז גרינגער אָבער אויסצורעכענען, וואָס פּאַלעסטינע האָט יאָ, ווי דאָס, וואָס איר פֿעלט אויס.

קומט אויס צו שרײַבן וועגן די אינדוסטריעלע אויסזיכטן פֿון פּאַלעסטינע, הייבן אָן די ציוניסטן אײַך צו דרייען אַ קאָפּ וועגן די מינעראַלע רײַכקייטן פֿון געזאַלצענעם יאַם; די פֿאָספֿאַטן אין מיזרעך פֿון סאַלט און וועגן די וואַסערן פֿון יאַרדן!

ס'לאָזט זיך אויס אַ טײַך אין בוכשטעבלעכן זיך פֿון וואָרט.

זאַמבאַרט האָט זיך ניט געפֿוילט אָנצושרײַבן אַ גרויסן בוך, אין וועלכן ער האָט געלויבט ביזן הימל די איניציאַטיוו, דעם פּיאָנערגײַסט, אונטערנעמונגסגײַסט פֿון די ייִדן, וועלכע זײַנען, לויט זײַן מײנונג, אימעטום געווען די טרעגער פֿון קאַפּיטאַליזם. זאַמבאַרט איז געוויס מעגוזעם, ס'איז אָבער נאַיוו צו מאַכן ייִדן פֿאַר קינעלעמלס אָן קײן איניציאַטיוו.

אין פּאַלעסטינע איז אָבער עפּעס אַנדערש...

בען-צווי קלאָגט זיך אַף אונדזער מאַנגל אין איניציאַטיוו און אַף אונדזער שוואַכן אונטערנעמונגסגײַסט, וועלכן מיר האָבן אַרויסגעוויזן אין פּאַלעסטינע *).

דער ייִדישער אונטערנעמונגסגײַסט איז אָבער דאָ גאָט די נעשאָמע שולדיק, ס'איז פּשוט נאַריש צו פֿאָדערן מאַכן אַ פֿײַנקיכן אָן פּוטער און אייער און בויען אַ אינדוסטריע אָן רויסטאָפֿן און שטײנקוילן.

ס'איז דערום פֿאַרשטענדלעך, פֿאַרוואָס די ציוניסטן האָבן זיך באַצויגן מיט ביטל צו דער שטאָטישער קאָלאָניזאַציע און געווידמעט זייער גאַנצע אויפֿמערקזאַמקייט דער לאַנדווירטשאַפֿט. דער ציוניסטישער מיטלשטאַנד האָט אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקע אומצופֿרידנקייט מיט אַזאַ שטעלונג. אויפֿן פֿערצנטן קאָנגרעס זײַנען די פֿאָרשטייער פֿון מיטלשטאַנד אַרויסגעטראָטן קעגן די אַלע עקספּערימענטן מיט אַרבעטער-קוווּצעס, וועלכע שלינגען אײַן נאָר געלט און גיבן ניט קײנע האָפֿענונגען אַף ווײַטער. די מיזראָכיסטן און די איסליוונויסניקעס (פֿון די ווערטער איס-ליוונויס — צײַט צו בויען) האָבן אָנגערופֿן די פּאַלעסטינער אַרבעטער קעסט-קינדער פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און געפֿאָדערט מער אויפֿמערקזאַמקייט צו דער שטאָטישער קאָלאָניזאַציע.

אין „ראַסוועט“ פֿון 28 מאַרט ה. י. געפֿינען מיר אַ סימפּאַטישן אַרטיקל פֿון ברוצקוס, אין וועלכן ער דערקלערט אונדז: „אַז די באַציִונג צו פֿיזישער אַרבעט, ווי צו אַ באַזונדער-פּראָדוקטיווער, ווערט

*) בען-צווי, „פּאַלעסטינע אַלס לאַנד פֿאַר קאָלאָניזאַציע“, זײַט 20.

אָפּגעװאָרפֿן פֿון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע פֿון אונדזער צײַט. אַף אַזאַ שטאַנדפּונקט קענען פֿאַרבלײַבן שטײן נאָר די אָרטאָדאָקסאַלע ייִדישע מאַרקסיסטן, װעלכע האָבן די נאַיִװיטעט צו גלויבן, אַז מיט מאַרקס קאַפּיטאַל האָט זיך אָפּגעשטעלט די אַנטװיקלונג פֿון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, און די געלערנטע בלײַבט נאָר איבער צו קאָמענטירן מאַרקסן, װי די ייִדן קאָמענטירן די טוירע״.

ברוצקוס און „אײסליזונגוים״ קומען מיט אַ נײַער טוירע, אַז דער קרעמער, סוחר זײַנען אויך אַ פּראָדוקטיװער עלעמענט, די פֿראַגע איז נאָר װעגן צאָל און פּראָצענט.

דיזאָזיקע נײַע אידעאָלאָגיע שפּיגלט אָפּ דעם רעאַלן פֿאַקט, װאָס אַף דעם נאָענטן מיזרעך הײבט זיך אָן צו אַנטװיקלען דער קאַפּיטאַליזם און דער ייִדישער מיטלשטאַנד האָפֿט אײַנװאָרצלען אין זײַן באָדן און צוריק געװינען אַפֿן נאָענטן מיזרעך די פּאָזיציעס, װעלכע ער האָט פֿאַרלאָרן אין מאַירעװ.

דער עמעסער מײן איז, אַז פּאַלעסטינע זאָל װערן אַן ענגלישע האַנדל־קאָלאָניע, און די ציוניסטן — די הויף־ייִדן פֿון ענגלאַנד און אירע מעקלערס אַפֿן נאָענטן מיזרעך.

די פֿערטע עליִע איז טאַקע געװען אַ אײַנװאַנדערונג פֿון מיטלשטאַנד, פֿון די ייִדישע מענאַכעס־מענדלס, װעלכע האָבן פֿאַרלאָרן דעם באָדן אונטער די פֿיס אין פּוילן און האָבן איבערגעטראָגן די נאַליעװקעס אין פּאַלעסטינע.

אַ דעלעגאַט פֿון פֿערצנטן ציוניסטישן קאָנגרעס האָט מיט אַ באַזונדער פֿאַרביטערטקײט אויסגעשריען: „די ייִדסעקען װילן איבערטראָגן מיט זײער קרימער פּראָיעקט ערעץ ישׂראָעל אין גאָלעס און די פֿערטע עליִע האָט איבערגעטראָגן דעם גאָלעס אין ערעץ ישׂראָעל!״.

אַפֿילע די אונטערגײענדיקע ייִדישע שטעטל האָט אונטער זיך אַ פֿעסטערן װירטשאַפֿטלעכן יעסאָד אײדער דער פּאַלעסטינער שטאָטישער ייִשעװ.

דער גאַנצער ייִדישער שטאָטישער ייִשעװ אין פּאַלעסטינע איז געבויט אַף זאַמד, און בעשאַס די ייִדישע שטעטל אין „גאָלעס״ קען זיך נאָך טײלװײַז שטיצן אַפֿן דאָרפֿישן מאַרק, הענגט דער פּאַלעסטינער ייִשעװ אינגאַנצן אין לופֿטן און אויב ער שטיצט זיך אַף עפּעס, איז דאָס טאַקע נאָר אַפֿן גאָלעס.

טעל־אָװיװ איז אַ שטאָט פֿון ייִדישע ראַנטיעס *), װעלכע האָבן אָנגעקליבן זײערע קאַפּיטאַלן אין גאָלעס און זײַנען געקומען אין ערעץ ישׂראָעל זײ צו פֿאַרלעבן; פֿון ייִדישע שרײַבער, װעלכע ציען זײער יעניקע אויך פֿון גאָלעס; פֿון ציוניסטישע באַאַמטע און פֿון עטלעכע טויזנט אַרבעטער און עטלעכע טויזנט קרעמער פֿון בוי־און באָדן־ספּעקוליאַנטן, װעלכע דרײען זיך אַרום אַרום די אייבן־אויסגערעכנטע קאַטעגאָריעס און האָבן אַלע אַ דירעקטע אָדער אומדירעקטע שײַכעס צו דער ציוניסטישער מאָדערנער כאַליוקע.

צו ערעװ פּײַסעך ד. י. האָט זיך אַ העלפֿט פֿון טעל־אָװיװער באַפֿעלקערונג פֿאַרשריבן אַף נעמען מאָעסכיטים.

די ציוניסטן אַלײן קלאָגן זיך, אַז די „תוצרת הארץ״, די פּראָדוקטן פֿון דער אָרטיקער פּאַלעסטינער אינדוסטריע, װיל קײנער אין האַנט ניט נעמען, אַפֿילע די ייִדישע קאָלאָניעס האָבן מער צו טאָן מיט די אַראַבער, װי מיט דעם ייִדישן שטאָטישן ייִשעװ. די אַראַבער באָיקאָטירן דעם ייִדישן פֿאַרמיטלער און אַפֿילע, װען אַלע ייִדן װעלן שוין באַנוצן נאָר די „תוצרת הארץ״, איז װאָס פֿאַר אַ באַדײַטונג קאָן דאָס האָבן?

די קאַטאַסטראָפֿאַלע לאַגע פֿון פּוילישן ייִדנטום און די עמיגראַציע־באַגרענעצונגען אין אַמעריקע האָבן צוגעגרײט אַ גינסטיקן באָדן פֿאַר דער ציוניסטישער אַגיטאַציע. אין פּוילן איז אויסגעבראָכן אַ עפּידעמיע פֿון זעלבסמאָרדן און אַ מאַסן־פּסיכאָז פֿון אַנטלויפֿן װוהין די אויגן טראָגן.

די פֿערטע עליִע, באַקאַנט אונטערן נאָמען עליִעס גראַבסקי, איז געװען באַשטימט אַ פּאַטאָלאָגישע דערשײַנונג. דער ייִדישער מיטלשטאַנד האָט בעכײַפּאַזען ליקװידירט זײַנע געשעפֿטן, אַרויסגעראַטעװעט די עטלעכע גראָשן און זיך אַ לאָז געטאָן אין הײליקן לאַנד.

די בעהאָלע־עמיגראַציע פֿון פּוילן האָט בעשאַפֿן דעם מיראַזש פֿון אויפֿלעבונג פֿון פּאַלעסטינע.

ס'איז אַנטשטאַנען אַ יאַריד און ייִדעלעך האָבן געברענט, געשמײַעט און געהאַװעט.

ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די מענאַכעם־מענדל־גליקן פֿון דער פֿערטער עליִע. די צאָל קראָמען אין טעל־אָװיװ האָט זיך אין אײן יאָר פֿאַרגרעסערט אַף 40 פּראָצענט. אין אײן יאָר האָבן זיך געעפֿנט 266 קלײנע װערקשטאַטן, פֿון װעלכע ס'האָבן זיך אין זעלבן יאָר צוריק פֿאַרמאַכט 138!

די גאַנצע באָדנלאָזיקײט פֿון דער ציוניסטישער שטאָטישער קאָלאָניזאַציע טרעט אַרויס בולעט, װען מיר אַנאַליזירן דעם פּאַלעסטינער האַנדל־באַלאַנס.

דער סחורע־אַרײַנפֿיר אין פּאַלעסטינע האָט אין יאָר 1925 אָנגעטראָפֿן 7,603,923 פֿונט סטערלינג און דער אַרויספֿיר נאָר 1,588,157 פֿונט סטערלינג!

דער דעפֿיציט פֿון האַנדל־באַלאַנס האָט אַרויסגעבראַכט פֿון די כּײליִם אַפֿילע דעם שטילן ציוניסטישן „הײַנט״, װעלכער שרײַבט: „ניִשט לאַנג צוריק האָט די רעגירונג פֿאַרעפֿנטלעכט אַ גענויען באַלאַנס, װיפֿל ערעץ־ישׂראָעל האָט אינגאַנצן יאָר אַרײַנגעפֿירט סחורעס און װיפֿל זי האָט אַרויסגעפֿירט סחורעס. דער דעפֿיציט, די סומע פֿאַר װיפֿל מען האָט מער אַרײַנגעפֿירט װי אַרויסגעפֿירט, באַטרעפֿט די שרעקלעכע ציפֿער פֿון 6 מיליאָן פֿונט!

דאָס איז שרעקלעך, ס'איז אויסגעשלאָסן, מיר זאָלן עס װײַטער אַזוי אויסהאַלטן. מען קאָן גאַנץ דרײסט אָננעמען, אַז פֿון דערדאָזיקער סומע דאַרף מען שטעלן אַף דעם כעשבן פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג מינדסטנס אַ העלפֿט, 3 מיליאָן פֿונט סטערלינג (ייִדן פֿאַרנוצן אַמײסטן די סחורעס!). און אויב מיר האַלטן, אַז אין ערעץ ישׂראָעל געפֿינען זיך איצט אַ 130 טויזנט ייִדישע נעפֿאָשעס, אַלזאָ אַרום 30 טויזנט ייִדישע פֿאַמיליעס, הײסט עס, אַז יעדע ייִדישע פֿאַמיליע אין ערעץ ישׂראָעל עסט איף יערלעך גרײטן געלט 100 פֿונט! דאָ װעלן ניט העלפֿן קײנע פּשעטלעך. אַזעלכע זײַנען די ציפֿערן, קאַלטע ציפֿערן. עס איז אויסגעשלאָסן, אַז מיר זאָלן זײַן אומשטאַנד אַזעלכע סומען צודעקן מיט אַלערלײ געלטער פֿון „קערן האַיסאָד״, „קערן קאַיעמעס״ און די פֿאַרשײדענע אַנדערע „האַכנאָסעס״ („הײַנט״ 1926).

*) ראַנטיע — אַ קאַפּיטאַליסט, װאָס האָט ניט קײן אײגענע אונטערנעמונג און לעבט פֿון פּראָצענטן

דער דעפיציט פון האַנדל⸗באַלאַנס דעקט זיך אַף אַזאַ אופן מיט די צענדליקער מיליאָנען, וועלכע די ציעניסטן פּאָמפּען אַרויס פון גאָלעס און מיט די געלדער, וועלכע די, אַזוי גערופענע, קליינע קאַפּיטאַליסטן פירן אַריין אין לאַנד.

נאָך פּאַלעסטינע איז אַן איידעם אַף קעסט בא דעם גאָלעס. דערדאָזיקער איידעם איז אָבער אַ גרויסער ווילעל⸗וועסויווע און מען קען אים ניט אָנזעטיקן.

פּאַלעסטינע דערמאָנט די זיבן דאַרע בעהיימעס פון פּאַרעס כאָלעם, וועלכע האָבן איינגעשלונגען די זיבן פעטע און ס'איז ניט געווען קענטיק אַף זיי, ווייל זיי זיינען פאַרבליבן דאַר און קוואַר, ווי פריער.

ניט אומזיסט האָט דערקלערט ווייצמאַן בעשאַס זיין לעצטן באַזוך אין פּאַלעסטינע, אַז די לאַגע איז ערנסט און קען געראַטעוועט ווערן נאָר דורך אַ האַלוואָע.

## די פאליטישע ראָל פון ציעניזם

דער הערצלישער ציעניזם איז געווען קליינבירגערלעך, אוטאָפּיש און ראָמאַנטיש. זיין לאָזונג איז געווען: „אויב איר ווילט, איז דאָס ניט קיין טרוים“.

וועלן האָבן אָבער געדאַרפט ניט נאָר די ייִדן, נאָר אויך די גרויסע מעלוכעס. הערצל איז קאָל⸗יאָמאָו אַרומגעפאָרן איבער די קייזערלעכע הויפן און געפרווט איינשמועסן ווילהעלמען, טשעמבערלענען, פּלעווען*) און אַבדול⸗האַמידן **), אַז פאַר זיי לוינט אַגערקענען די ייִדישע היסטאָרישע רעכט אַף פּאַלעסטינע.

לוינען לוינט זיי, ווייל אַף פּאַלעסטינע פּרעטענדירן דאָך, קיאָדוע, אַלע פעלקער און דאָס קען אַרויסרופן אַ וועלט⸗מילכאָמע. דער איינציקער אַרויסגאַנג איז גרינדן אין פּאַלעסטינע אַ ייִדישע מעלוכע. דערביי וועט מען דערגרייכן אַ צווייטן ציל — און דאָס איז געווען אַ שלאָג⸗מאָטיוו — אייראָפּע וועט פּאָטער ווערן פון אירע ייִדן, און וואָס נאָך וויכטיקער, פון ייִדישע רעוואָלוציאָנערן; די פאַרשאָלטענע ייִדישע פראַגע וועט דערלייזט ווערן און די עקאָנאָמישע לאַגע פון אייראָפּע וועט זיך פאַרבעסערן.

הערצל האָט פאַרגעסן איין קלייניקייט, אַז מיט דערזעלבער לאָגיק האָט מען דאַן געקענט דערווייזן די נויטיקייט אָפּצוגעבן ייִדן קאָנסטאַנטינאָפּאָל, גאַנץ אַפריקע, דריי⸗פערטל אַזיע און אַ טייל פון אַמעריקע. הערצלס באַווייזן, אַז ווען ייִדן פאַרלאָזן אייראָפּע, וועט איר עקאָנאָמישע לאַגע זיך פאַרגרינגערן, האָט נאָר געגאָסן וואַסער אַף די אַנטיסעמיטישע מילן.

ד״ר הערצלס טאָגביכער אַנטפּלעקן פאַר אונדז אַ העסלעכן בילד פון דער ציעניסטישער דיפּלאָמאַטיע. ס'איז עקלהאַפט צו לייענען, מיט וואָס פאַר אַ קנעכטישער היספּאַילעס און פּיליסטערישן ***) פּיעטעט הערצל ניט איבער ווענן זיינע שמועסן מיט אַבדול⸗האַמידן, מיט ווילהעלמען און אַפילע מיט אומצן פון די צענדליקער קליינע דייטשישע „מאַיעסטעטן“.

ד״ר הערצלס טאָגביכער מאַכן אַ סאַך צו דער ציעניסטישער לעגענדע ווענן „שטאָלצן ייִדן מיט דעם פאַרטרויסטן פּאַנים פון אַן אַסירישן קעניג“ — אַף אונדז קיקן די אַלטע צושראָקענע שטאַדלאָנישע אויגן.

דער רוסישער צאַריזם, די עסטרייכישע אַנטיסעמיטן, די רומעניש באַיאַרעס און די גאַנצע אַלוועלטלעכע רעאַקציע האָבן זיך באַצויגן פריינטלעך צום ציעניזם, די דאָזיקע פריינטשאַפט איז אָבער ניט געגאַנגען ווייטער פון גוטע צוזאָגן.

די רעאַקציע האָט אויסגענוצט דעם ציעניזם און איר אינערלעכער פּאָליטיק אַלס אַ קאַמפּמיטל קעגן דער ייִדישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. זי האָט געשטיצט דעם ציעניזם, ווייל ער ציט אָפּ קויכעס פון דער רעוואָלוציע, אַנערקענט די ייִדן אַלס פרעמדע אין אייראָפּע און באַרעכטיקט דורך דעם די רעדיפעס אַף זיי.

אַפילע די „פּויעליי⸗ציען“ האָבן יאָרן לאַנג געלייקנט די נויטיקייט פון פּאָליטישן קאַמף אין די גאָלעס⸗לענדער, און די מינסקער „פּויעליי⸗ציען“ זיינען געווען די איינציקע פּאָליטישע גרופּע צווישן די ייִדישע אַרבעטער, וועלכע האָט געשטיצט זובאַטאָוון!

די אַלגעמיינע ציעניסטן האָבן ביז זייער העלסינגפאָרסער פּראָגראַם געשטאָלצירט מיט זייער פּאָליטישן נייטראַליטעט און אויך נאָך העלסינגפאָרס האָבן די ציעניסטישע טעאָרעטיקער ניט געקענט צונויפבינדן זייער נעגנוואַרט⸗אַרבעט מיט פּאַלעסטינע.

די אַרבעט אין גאָלעס איז געווען און פאַרבליבן באַם ציעניזם אַ הויקער, וועלכן מען מוז טראָגן, קעדיי ניט צו פאַרלירן די ווירקונג אַף די מאַסן. די באַלפור⸗דעקלאַראַציע האָט אויפגעבלעטערט אַ נייע וייטל אין דער געשיכטע פון ציעניזם.

נאָך דער באַלפור⸗דעקלאַראַציע און איר באַשטעטיקונג אין סאַן⸗רעמאָ, איז געקומען אַ סאָף צום ציעניסטישן פּאָליטישן נייטראַליטעט. אין קאַמף פון פעלקער און קלאַסן האָט דער ציעניזם פאַרבונדן זיין שיקזאַל מיטן ווערסאַלער שאָלעם, ענגלישן אימפּעריאַליזם און מיט דער קאָנטר⸗רעוואָלוציע.

זשאַבאָטינסקיס אָפּמאַך מיט פּעטליורען איז ניט קיין צופעליקער עפּיזאָד, ער געפינט זיך אין פולן איינקלאַנג מיט דער גאַנצער אָריענטאַציע פון ציעניזם, אויב פאַר דער מילכאָמע האָבן פּאַרטייען מיט אַ ציעניסטישער אידעאָלאָגיע ניט געקענט געפינען קיין צוטריט אין סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, האָט זיך די לאַגע ראַדיקאַל געענדערט נאָך דער מילכאָמע, ווען דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ געטרייען מעשאָרעס פון דער וועלט⸗בורזשואַזיע.

די „ציעניסטן—סאָציאַליסטן“, „אַכדוטניקעס“, רעכטע „פּויעליי⸗ציען“ זיצן איצט אין איין אינטערנאַציאָנאַל מיט דאַן און אַבראַמאָוויטשן. דער שידעך פּאַסט זיך!

די באַלפור⸗דעקלאַראַציע איז געווען אַ גלענצנדיקער שאַך⸗צוג מיצאַד דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם.

ענגלאַנד האָט אַדאַנק דעם געווונען די סימפּאַטיע פון אַלוועלטלעכן קליינבירגערלעכן און בורזשואַזן ייִדנטום און האָט אויסער דעם געקראָגן אַן אויסרייד צו פאַרשפּרייטן איר מאַכט אַף פּאַלעסטינע. לויט פריערדיקע נעהיימע⸗אָפּמאַכן האָט פּאַלעסטינע בא דער צוטיי⸗

---

*) פּלעווע—אַ געוועזענער רוסישער מיניסטער, אַ טאַליען, האָט איינגעאָרדנט דעם קישינעווער פּאָגראָם.

**) דער געוועזענער טערקישער סולטאַן, אַ רעאַקציאָנער, אַ דעספּאָט.

***) פּיליסטער—אַ באַגרענעצטער מענטש מיט אַ שמאָלער וועלט⸗אַנשויונג, וואָס איז פאַרזונקען געוואָרן אין די טאָג⸗טעגלעכע קלייניקייטן פון לעבן.

לונג פֿון טערקיי געדאַרפֿט איבערגיין צו פֿראַנקרייך. ענגלאַנד האָט געדראָט די סאַקאָנע, אז אַפֿן נאָענטן מיזרעך זאָל זיך אויסבילדן אַ פּאַן־אַראַבישע פֿעדעראַציע, וועלכע זאָל זיך געפֿינען אונטערן פֿראַנצויזישן פּראָטעקטאָראַט.

פֿאַר ענגלאַנד האָט ניט געשמעקט, ניט די פֿראַנצויזישע שכיינעס נעבן סועצער קאַנאַל און ניט די פֿאַראייניקונג פֿון די אַראַבישע שוואָטים אין איין פֿעדעראַציע. ענגלאַנד איז אַרויסגעטראָטן, אַדאַנק דער באַלפֿור־דעקלאַראַציע, אין דער ראָל פֿון אַן אַפּאָטראָפּעס פֿון יידנטום און האָט מיט דער הילף פֿון אַמעריקע באַקומען דעם מאַנדאַט אַף פּאַלעסטינע.

פֿאַר אַ גוט וואָרט האָט זי געוווּנען די סימפּאַטיעס פֿון מיליאָנען יידן און באַקומען די מעגלעכקייט אויסנוצן די באַלפֿור־דעקלאַראַציע אַלס אַ מאַסקע פֿאַר אירע אימפּעריאַליסטישע פּלענער.

דער געשעפֿט איז געווען אַ גוטער: דעם קערן האָט די ענגלישע דיפּלאָמאַטיע אויסגעקערט נאָך בעשאַס דער מילכאָמע און די פּראָצענטן הערן ניט אויף אַריינצופֿליסן ביזן היינטיקן טאָג.

דאָס ענגלישע קאָלאָניאַל־מיניסטעריום ווייס גאַנץ גוט, אַז פּאַלעסטינע איז אַ פּיצל לאַנד און ווייס נאָך בעסער, אַז יידן וועלן קיינמאָל ניט בילדן קיין מערהייט אין פּאַלעסטינע.

די ענגלישע לאָרדן לויגט אָבער די יידן זאָלן באַטראַכטן פּאַלעסטינע אַלס זייער לאַנד און די אַראַבער זאָלן זיך שרעקן פֿאַר אַ יידישער מעלוכע אין פּאַלעסטינע.

די באַלפֿור־דעקלאַראַציע האָט פֿאַרוואַנדלט די אַראַבישע סעמיטן אין פֿאַרברענטע אַנטיסעמיטן. „צוטייל און געוועלטיק" איז דער העכסטער פּרינציפּ פֿון אימפּעריאַליזם. אין פּאַלעסטינע אַמפּערן און רייסן זיך איצט צוויי פֿעלקער און ביידע מוזן אַפּעלירן צו ענגלאַנד. אין דער צייט ווען אין סיריע, אין נעבית פֿון פֿראַנצויזישן מאַנדאַט, ברעכן אויס אויפֿשטאַנדן, וועלכע זיינען געווענדעט דירעקט קעגן פֿראַנקרייך, איז אין פּאַלעסטינע רויק, ווייל די אַראַבער זעען זייער הויפּט־סוינע אין ציעניזם.

ענגלאַנד שפּילט אין פּאַלעסטינע מיט די יידן און אַראַבער אין קאַץ און מויז. די ראָל פֿון מויז דערפֿילן אַמאָל די יידן, אַמאָל די אַראַבער — די קאַץ איז טאָמיד ענגלאַנד.

## אין די טעג פֿון יידישן נאַציוו.

די ענגלישע רעגירונג האָט אינסצעניערט די באַלפֿור־יאַדע אין אַלטן ביבלישן סטיל מיט אַ צומיש פֿון אימפּעריאַליסטישע מאָטיוון. באַלפֿור איז דאָס געווען דער נייער קוירעש, וועלכער האָט גערופֿן די יידן בויען די נאַציאָנאַלע היים.

דאָס איז געווען אין נאָיאַבר 1907 יאָר. אין אַפּרעל 1920־טן, ערעוו דער באַשטעטיקונג פֿון מאַנדאַט, האָבן זיך באַוויזן די ערשטע וואָלקנס אַפֿן בלאָען ציעניסטישן הימל.

4־טן אַפּריל 1920־טן יאָר איז פֿאָרגעקומען אין דעם יידנשן לאַנד דער ערשטער יידישער פּאָגראָם.

דער פּאָגראָם איז שוין געווען ניט אין ביבלישן, נאָר אין צאַריסטישן נוסעך „ליטן געזעץ פֿון פּלעווע און פּורישקעוויטש". 220 פֿאַרוווּנדעטע, 8 דערמאָרדעטע, 2 פֿאַרגוואַלטיקטע פֿרויען. די ענגלישע אַדמיניסטראַציע האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער אָרגאַניזאַציע פֿון פּאָגראָם און האָט באַנוצט געווער נאָר קעגן דער יידנשער זעלבסטשוץ און ניט קעגן די פּאָגראָמשטשיקעס.

24־טן אַפּריל 1920־טן איז אין סאַן־רעמאָ באַשטעטיקט געוואָרן דער ענגלישער מאַנדאַט אַף פּאַלעסטינע און ענגלאַנד האָט זיך פֿאַרפֿליכטעט מיטהעלפֿן אויפֿבויען אַ יידישע נאַציאָנאַלע היים אין פּאַלעסטינע. ענגלאַנד האָט געשיקט אַלס איר פֿאָרשטייער אין פּאַלעסטינע דעם ענגלישן יאַהודי הערבערט סאַמועל. אַלע האָבן געמיינט און דערוואַרט, אַז הערבערט סאַמועל וועט לעכאָלאַפּאָכעס אָפּרייניקן די ענגלישע אַדמיניסטראַציע פֿון די אָפֿענע אַנטיסעמיטן און פּאָגראָמשטשיקעס.

דער נייער יידישער נאַציוו האָט זיך אָבער אַפֿילע דאָס ניט געפּרווּט צו טאָן.

אַלע אָרגאַניזאַטאָרן פֿון יערושאָלאימער פּאָגראָם זיינען פֿאַרבליבן אַף זייערע ערטער.

ס'זיינען פֿאַרבליבן דער יערושאָלאימער גובערנאַטאָר סטאָרס און דער יערושאָלאימער פּאָליצמייסטער בראַגליי, וועלכע די געזעלשאַפֿטלעכע מיינונג האָט אָפֿן באַשולדיקט אין אַקטיווער באַטייליקונג אין פּאָגראָם.

ערשטן מאַי 1921־טן יאָר, שוין אין די טעג פֿון יידישן נאַציוו, איז אויסגעבראָכן דער צווייטער יידישער פּאָגראָם אין יאַפֿע. אין זיין אָפֿיציעלן באַריכט וועגן יאַפֿער פּאָגראָם דערקלערט הערבערט סאַמועל, אַז בייסן פּאָגראָם זיינען דערמאָרדעט געוואָרן פֿון 20 ביז 30 יידן, און דאָך, פֿאַרענדיקט ער שטאָלץ: „דאָס מיליטער איז ניט געווען געצוווּנגען צו באַנוצן זיך מיט געווער".

אַ קלאַסישע פֿאָרמול!

די יידישע באַפֿעלקערונג פֿון טעל־אַוויוו און יאַפֿע איז געווען וועגן דעם אַן אַנדער מיינונג. אין זייער מעמאָראַנדום האָבן זיי זיך געקלאָגט: „אין שטאָט הערשט אַ שטימונג, וועלכע פּראָוואָצירט און מאַכט מעגלעך נייע פּאָגראָמען. דער האַמוין איז איבערציינט, אַז די רעגירונג וועט ניט באַשיצן די יידן". הערבערט סאַמועל האָט אַרופּגעוואָרפֿן די גאַנצע שולד פֿאַרן יאַפֿער פּאָגראָם אַף די... קאָמוניסטן!

דער יידישער אָבערסט מאַרגאָלין איז אַראָפּגעזעצט געוואָרן פֿון זיין אַמט, ווייל ער האָט צו אַקטיוו פֿאַרטיידיקט טעל־אַוויוו.

דאָס איז ניט קיין אַנעקדאָט, וועגן דעם דערציילט זשאַבאָטינסקי.

„די רעכט האַנט פֿון הערבערט סאַמועל איז גלייך געוואָרן דער ענגלענדער ריטשמאַנד, וועלכער איז בעעמונע־שלוימע געווען איבערציינט אין דער עכטקייט פֿון די פֿאַבריצירטע דורך די אַנטיסעמיטן פּראָטאָקאָלן פֿון די עלטסטע פֿון ציען".

אינגיכן נאָכן יאַפֿער פּאָגראָם האָט דער יידישער נאַציוו אָנגעהויבן צו פֿאַרטייטשן די באַלפֿור־דעקלאַראַציע. 3־טן יוני 1921־טן יאָר האָט ער אַרויסגעלאָזן אַ מעלדונג, וועלכע איז 14־טן יוני דעמועלבן יאָר באַשטעטיקט געוואָרן פֿון קאָלאָניאַל־מיניסטעריום. אין דערדאָזיקער מעלדונג האָט דער יידישער נאַציוו געגעבן אַ נייעם פּירעש אַף יענעם פּאָסעק פֿון דער באַלפֿור־דעקלאַראַציע, אין וועלכן ס'ווערט באַנוצט דער אויסדרוק „נאַציאָנאַלע היים".

„דידאָזיקע ווערטער (וועגן אַ נאַציאָנאַלער היים) באַטײַטן, אַז די ייִדן, וועלכע זײַנען צושפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, נאָר וועמענס הערצער זײַנען געווענדעט צו ציון, באַקומען די מעגלעכקייט בויען אין פּאַלעסטינע אַ נאַציאָנאַלע היים, און אַ געוויסער טייל פֿון זיי אין די גרענעצן פֿון אַזאַ צאָל מעגלעכקייטן, וועלכע וועלן ווערן באַשטימט אין הסכּם מיט די אינטערעסן פֿון דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג, וועט באַקומען די דערלויבעניש אַרײַנפֿאָרן אין פּאַלעסטינע".

דאָ רעט זיך שוין ניט וועגן כּלל־ישׂראל, וועגן גאַנצן ייִדישן פֿאָלק, נאָר וועגן אַ געוויסן טייל פֿון אים, און אויך דערדאָזיקער טייל דאַרף אַפֿריער דערבגעזיפּט ווערן, איידער ער באַקומט די דערלויבעניש אַרײַנצופֿאָרן.

נאָך ווײַטער איז אַוועק אין דער אויסטייטשונג פֿון דעם באַגריף „נאַציאָנאַלע היים" דאָס „ווייסע בוך" *).

דאָס „ווייסע בוך" דערקלערט קאַטעגאָריש און אָן קיינע צווייטײַטלעכקייטן: „דער קאָלאָניאַלער דעפּאַרטאַמענט וואַרפֿט אָפּ די אויסטייטשונג פֿון דער נאַציאָנאַלער היים אין זין פֿון „אַ ריין ייִדישער פּאַלעסטינע" און אויך אַלע אויסטייטשונגען, „אַז פּאַלעסטינע דאַרף ווערן אַזאַ ייִדיש לאַנד, פּונקט ווי ענגלאַנד איז אַן ענגליש לאַנד"... „די רעגירונג פֿון זײַן מאַיעסטעט רעכנט אַזעלכע דערוואַרטונגען פֿאַר איבערגעטריבן און שטעלט זיך ניט אַזעלכע צילן. זי ווענדעט אַלעמענס אויפֿמערקזאַמקייט אויף דעם, אַז די באַלפֿור־דעקלאַראַציע רעט ניט וועגן דער פֿאַרוואַנדלונג פֿון פּאַלעסטינע אַ ל ס  ג אַ נ צ ע אין אַ נאַציאָנאַלער היים, נאָר וועגן דער אײַנאָרדענונג פֿון אַ נאַציאָנאַלער היים אין פּאַלעסטינע".

טיף ווי דער ים! פֿאַרשטייט זיך פֿון תּלמוד־ים...

און די געמאָרע־קעפּ פֿון ענגלישן קאָלאָניאַל־מיניסטעריום לאָזן זיך אַרײַן אין אַ שאַרפֿן פּילפּול וועגן באַגריף נאַציע און פֿאַרענדיקן מיט אַזאַ מאַרשאָ:

„אויף דער פֿראַגע, וואָס מיינט מען מיט דער אַנטוויקלונג פֿון אַ ייִדישער נאַציאָנאַלער היים אין פּאַלעסטינע, דאַרף מען אַנטוואָרטן, אַז מיט דעם מיינט מען ניט אָנצוביגן די ייִדישע נאַציאָנאַליטעט דער גאַנצער פּאַלעסטינער באַפֿעלקערונג, נאָר די ווײַטערדיקע אַנטוויקלונג פֿון פּאַלעסטינער ייִדנטום בײַ דער מיטווירקונג פֿון די ייִדן, פֿון אַלע איבעריקע לענדער, כּדי פּאַלעסטינע זאָל קענען ווערן אַ צענטער, מיט וועלכן דאָס גאַנצע פֿאָלק ישׂראל זאָל קענען שטאָלצירן און זיך מיט אים אינטערעסירן אויפֿן יסוד פֿון זײַנע רעליגיעז און ראַסן־אינטערעסן. די צווישנפֿעלקערלעכע גאַראַנטיע פֿון עקזיסטענץ פֿון דער ייִדישער נאַציאָנאַלער היים איז נייטיק, כּדי די ייִדן זאָלן פֿילן, אַז אין פּאַלעסטינע געפֿינען זיי זיך אויפֿן יסוד פֿון רעכט און זײַנען אין איר ניט נאָר געדולדעט".

עמעסע אַכאָר־האָאַמיסטן!

וועגן דער ייִדישער עמיגראַציע אין פּאַלעסטינע זאָגט זיך אַרויס דאָס ווייסע בוך: „די ייִדישע עמיגראַציע טאָר ניט איבערשטײַגן די צאָל מענטשן, וועלכע קענען עקאָנאָמיש פֿאַרדינט ווערן פֿון דעם לאַנד. ס'איז וויכטיק פֿאַרזיכערן, אַז די עמיגראַנטן טאָרן ניט פֿאַלן אַלס אַ לאַסט אויף דער באַפֿעלקערונג פֿון פּאַלעסטינע און זאָלן ניט אָפּנעמען

*) אַ זאַמלבוך מיט דאָקומענטן, וועלכער איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן מיצאַד דער ענגלישער רעגירונג וועגן דער באַלפֿור־דעקלאַראַציע.

קיין אַרבעט בײַ אַזעלכע ס'איז טייל פֿון דער עקזיסטירנדיקער באַפֿעלקערונג".

דאָס „ווייסע בוך" איז אָנערקענט געוואָרן אָן קיינע אויסרייִדן און באַמערקונגען מיצאַד דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע *). די ציוניסטישע פֿירער שעמען זיך ניט דערקלערן, אַז זיי האָבן אַזוי געהאַנדלט אונטערן דרוק פֿון ייִדישן נאַציאָן!

דאָס „ווייסע בוך" האָט געגעבן אַ קלאַסישע פֿאָרמולירונג פֿון דער ענגלישער פּאָליטיק אין פּאַלעסטינע.

הערבערט סאַמועל האָט אין הסכּם מיטן ווייסן בוך אויסגעאַרבעט אַ געזעץ, וועלכער באַגרענעצט די ייִדישע אײַנוואַנדערונג אין פּאַלעסטינע.

דערדאָזיקער געזעץ איז פֿיל ערגער פֿון אַמעריקאַנישן, ווײַל ער לאָזט איבער אַ גרויסע פֿעלד פֿאַר דער בייזוויליקייט פֿון דער אַדמיניסטראַציע. די עמיגראַנטישע קוואָטע ווערט באַשטימט יעדן יאָר באַזונדער און די ענגלישע רעגירונג גיט אַרויס אַ באַשטימטע צאָל סערטיפֿיקאַטן דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

דידאָזיקע סערטיפֿיקאַטן גיבן דאָס רעכט אויף באַקומען אַן אַרײַנפֿאָר־דערלויבעניש.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע גיט שטאַרק אַכטונג אויף דער פּאָליטישער כּשרות פֿון די ייִדישע עמיגראַנטן און ס'טרעפֿט גאַנץ אָפֿט, אַז אַפֿילו די חלוצים דאַרפֿן אַפֿריער אויסהאַלטן אַ עקזאַמען אויף העברעיִש.

אויסער די סערטיפֿיקאַטן־עמיגראַנטן ווערן אין פּאַלעסטינע אַרײַנגעלאָזן די, אַזוי גערופֿענע, קאַפּיטאַליסטן — דאָס זײַנען אַזעלכע עמיגראַנטן, וועלכע קענען דערווײַזן, אַז זיי פֿאַרמאָגן מער ווי 5.000 רובל בימזומנים.

די „עקסטרעמע" ציוניסטן זײַנען דערום געווען שטאַרק אומצופֿרידן מיט הערבערט סאַמועלס פּאָליטיק. די ציוניסטישע לידערס האָבן אָבער גאַנץ גוט געוווּסט, אַז דער ייִדישער נאַציאָן מוז זיך צופּאַסן צו די לאַנדאָגער וועטערן און אַז אָן אים וואָלט זײַן נאָך ערגער.

פֿון ציוניסטישן שטאַנדפּונקט האָבן זיי זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר גערעכט און זייערע נביאָים זײַנען מקוים געוואָרן.

לויט דער ענגלישער טראַדיציע פֿאַרבלײַבט ניט אין אַ קאָלאָניע איין און דערזעלבער פֿאַרשטייער פֿון דער ענגלישער רעגירונג מער ווי פֿינף יאָר.

די ציוניסטן האָבן אָנגעשטרענגט אַלע זייערע כּוחות צו דערשלאָגן זיך די באַשטימונג פֿון אַ נײַעם ייִדישן נאַציאָן אויף הערבערט סאַמועלס אָרט.

די ציוניסטן איז אָבער ניט בײַגעשטאַנען ניט ווײַצמאַנס דיפּלאָמאַטיע און ניט האָראָוו קוקס תּפֿילע „ועל כּסאו לא ישב זר" **) הערבערט סאַמועל איז אַוועק און אויף זײַן שטול האָט זיך געזעצט דער ענגלישער גענעראַל לאָרד פּלומער, וועלכער איז אין פּאַלעסטינע גערופֿן געוואָרן מיטן טיטל: „דער ליקווידאַטאָר פֿון באַלפֿור־דעקלאַראַציע".

* צענטראַל־קאָמיטעט.

**) אויף זײַן שטול זאָל ניט זיצן קיין פֿרעמדער.

ס'איז אַוועק אַ סעדרע נײַע גזירות. אָנגעהויבן האָט זיך פֿון אַ קלייניקייט — מען האָט פֿאַרווערט ייִדן צו זיצן אויף בײַנקלעך נעבן כּותל מערבֿי. שפּעטער האָט פּלומער אַרויסגעגעבן אַ פֿאַראָרדענונג, וועלכע באַגרענעצט נאָך מער דעם אַרײַנפֿאָר פֿון דער פֿריערדערמאָנטער גרופּע קאַפּיטאַליסטן.

דאָס לעצטע איז אָבער דאָס שווערסטע — לאָרד פּלומער האָט איבערגערעפֿאָרמירט די פּאַלעסטינער זשאַנדאַרמעריע און האָט איר קימאַט אָפּגערייניקט פֿון ייִדן.

דידאָזיקע זשאַנדאַרמעריע איז אָרגאַניזירט געוואָרן נאָכן יאַפֿער פּאָגראָם און איז באַשטאַנען פֿון איין דריטל אַראַבער, איין דריטל טשערקעסן, איין דריטל ייִדן. די ייִדן זײַנען, הייסט דאָס, געווען פֿאַרטראָטן אין דער שיץ פֿון לאַנד אין אַ גלײַכער פּראָפּאָרציע מיט די אַראַבער און דאָס האָט געהאַט אַ געוויסע פּאָליטישע באַדײַטונג, דאָס האָט געהייסן, אַז די ייִדן זײַנען גלײַכע באַלעבאַטים אין פּאַלעסטינע, ווי די אַראַבער.

אָט פֿאַרוואָס די ציוניסטישע געזעלשאַפֿטלעכע מיינונג האָט זיך אַזוי פֿילבאַר אָפּגערופֿן אויף דערדאָזיקער לעצטער גזירה.

ווײַצמאַן האָט געאײַלט אין פּאַלעסטינע, קעדיי אַרײַנצוטרעטן אין דירעקטע אונטערהאַנדלונגען מיטן לאָרד פּלומער.

אויף זײַן צוריקרייזע פֿון פּאַלעסטינע האָט זיך ווײַצמאַן פֿאַרהאַלטן אין פּאַריז. אויף די פֿראַגן וועגן די רעזולטאַטן פֿון זײַן נסיעה, האָט ווײַצמאַן נעבעך געמוזט מודה זײַן, „אַז די ראָל פֿון דער ענגלישער מאַנדאַטאַר-מאַכט איז אַ פּאַסיווע און די גאַנצע אַקטיוויטעט מוזן אַרויסווײַזן נאָר די ייִדן. די ענגלישע מאַכט איז אויסוואַרטנד און אַביסל אַקשאָנעסדיק. ערעץ ישׂראל איז באַגרענעצט אין אירע מעגלעכקייטן אַרײַנצונעמען מענטשן און איצט איז פּאַלעסטינע איבערגעזעטיקט מיט ייִדן. די טיר קיין ערעץ ישׂראל איז קליין, נאָר דער שליסל איז אין ייִדישע הענט".

פֿאַרן דאָזיקן שליסל און דער קליינער טיר האָט דאָס דער ציוניזם פֿאַרקויפֿט זיך דעם אימפּעריאַליזם. ווי מיר וועלן זען פֿון דעם ווײַטערדיקן קאַפּיטל, אַנערקענען דאָס די ציוניסטן גופֿא און זײַנען גרייט צו העלפֿן דעם אימפּעריאַליזם צו באַקעמפֿן די פֿרײַהייט-באַוועגונג פֿון מיזרח. די ציוניסטן טרעטן אַרויס אָפֿן אַלס אַגענטן פֿון אימפּעריאַליזם און שטאָלצירן נאָך אָפֿט מיט דעם.

## די אימפּעריאַליסטישע ראָל פֿון ציוניזם.

בעראָש פֿון נאָכמילכאָמע-ציוניזם האָבן זיך געשטעלט די ענגלישע יאַהודים און דאָס ניט אום צו אַ אײַנגאַרטיקע רעאַליסטישע באַפֿאַרבונג.

דידאָזיקע ייִדישע גרויס-בורזשואַזיע איז אין קורס פֿון דער ענגלישער אויסערלעכער פּאָליטיק און זי ווייס גאַנץ גוט, אַז דאָס קליינע פּאַלעסטינע איז ניט בעיכאָלעס אַרײַנצונעמען אַפֿילע אַ צענטליק פֿון די צעשפּרייטע איבער דער גאַנצער וועלט ייִדן.

זי וויל דאָס אַפֿילע ניט און מיינט דאָס ניט.

פֿאַר דער אַמעריקאַנישער און ענגלישער ייִדישער בורזשואַזיע איז דער ציוניזם נאָר אַ מיטל אויף פֿאַרשטאַרקן דן האַשפּאָע פֿון איר הײמישן פּאָטערלענדישן אימפּעריאַליזם אויף דער וועלט-פּאָליטיק און פֿון שאַפֿן אַ באַזיס פֿאַר אירע אייגענע געשעפֿטן אויפֿן מיזרעך.

אין אַ געשפּרעך מיט בענאַמי, דעם רעדאַקטער פֿון „דואר היום", האָט בערטאָלע, דער פֿראַנצויזישער וויצע-מיניסטער פֿאַר אויסערלעכע איניאָנים, אָפּגעגעבן פֿאָלגנדע כאַראַקטעריסטישע דערקלערונג:

„ס'איז צום באַדויערן, וואָס סילווען-לעווי (דער פֿירער פֿון די פֿראַנצויזישע יאַהודים) האָט ניט טיפֿעס געווען דעם ציוניזם, אָט אַזוי ווי ס'האָבן פֿאַרשטאַנען דעם ציוניזם די ענגלישע *) ייִדן. סילווען לעווי, ווען ער וואָלט פֿאַרשטאַנען דעם ציוניזם, וואָלט ער געקענט שטיין אין דער שפּיץ פֿון וועלט-ייִדנטום, און אַזוי אַרום גלײַכצײַטיק ברענגען אַ נוצן פֿראַנקרײַך און הויבן איר מאָראַלישן פּרעסטיזש" (הײַנט נומ. 51).

מען דאַרף ניט זײַן קיין גרויסער לאַמדן, קעדיי נעפֿינען דעם פּשאַט פֿון בערטאָלעס רייד, זיי ריידן אַליין פֿאַר זיך, זײַן „אָט אַזוי" נויטיקט זיך ניט אין פּירושים. די ענגלישע יאַהודים האָבן פֿאַרשטאַנען דאָס, וואָס סילווען-לעווי האָט ניט דערשאַצט. לויטן ווונטש פֿון באַלפֿור און לאָיד-דזשאָרדזשן זײַנען מאָנד, סעמועל און די סימאָנס געוואָרן ציוניסטן און ווײַצמאַן — אַ הויף-ייִד.

דער רעכטער פֿליגל פֿון דער ענגלישער אַרבעטערפּאַרטיי שטיצט, פֿאַרשטייט זיך, דעם בלאָק פֿון דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם. אָט האָט איר צום בײַשפּיל אַ ציטאַטע פֿון אַ רעדע, וועלכע איינער פֿון די פֿירער פֿון דער „לייבאָר-פּאַרטיי" האָט געהאַלטן אין ניו-יאָרק אויף אַ ייִדישן אַרבעטער (?) מיטינג. דער „פֿרומער גוי" האָט בוכשטעבלעך דערקלערט:

„ניט נאָר אַלס פֿאָרשטייער פֿון די ענגלישע אַרבעטער קום איך צו אײַך. איך וויל צו אײַך ריידן, ווי איינער פֿון די, וועלכע זײַנען אין קורס פֿון דער ענגלישער פּאָליטיק. איך וויל אײַך דערציילן, ווי שטאַרק ס'אינטערעסירט די ענגלענדער די פּאַלעסטינער פּראָבלעם".

און אָט וואָס ער דערציילט:

„ס'איז געווען אַ צײַט, ווען אין ענגלאַנד זײַנען געווען שטימונגען קעגן ציוניזם. איצט אָבער נאָך 7 יאָר האָט זיך די לאַגע געביטן. ערשטנס, קאָסט אונדז פּאַלעסטינע אַ קאָפּיקע ניט, זי דעקט אַליין איר בודזשעט; צווייטנס, האָט זיך פֿאַרענדערט די אַראַבישע פֿראַגע. דער קעניג פֿון מעקאַ איז אַראָפּ פֿון דער פּאָליטישער אַרענע, זײַן יורש דער קעניג עלי איז אויך אַרויס אין דעמיסיע: דער געדאַנק וועגן אַ גרויסער אַראַבישער פֿעדעראַציע, וועלכע זאָל קאָנטראָלירן אַלע לענדער פֿון יענעם זײַט מיטלמער איז שוין ניט אַקטועל.

די ענגלענדער זעען די צאָרעס פֿון די פֿראַנצויזן אין סיריען און פֿאַרשטייען, אַז די ענגלישע פּאָליטיק אין פּאַלעסטינע איז אַ ריכטיקע. מיר פֿירן אין ערעץ-ישׂראל מיט די פּאָליטיק, מיט וועלכע עס צייכנט זיך אויס בריטאַניע און מיר האָבן פֿיל צו פֿאַרדאַנקען דער ייִדישער עמיגראַציע. די אייראָפּעישע ייִדן אין פּאַלעסטינע זײַנען די עמעסע פֿרײַנט פֿון פּראָגרעס און באַ אַ גוטער אָנפֿירונג וועט

*) די ענגלישע יאַהודים האָבן אַ שטאַרקן כיישעק צו מאָסול און צו סודאַן. ל. ר.

**ערעץ ישׂראָעל זיין אַ גוטער מאַרק פֿאַר ענגלאַנד** („דבר“ 214)“.

וועדזשוואוד שטרייכט אונטער דעם איינגאַרטיקן כאַראַקטער פֿון דער ענגלישער פּאָליטיק אין פּאַלעסטינע. דער ציוניזם טרעט דאָ אַרויס אָפֿן אַלס אַ ווערקצייג פֿון דער ענגלישער פּאָליטיק און דערצו נאָך אַלס אַ אומזיסטער מעשאָרעס, וועלכער קאָסט נאָרניט דעם באַלעבאָס.

די ייִדן האַלטן אין דער מוירע די אַראַבער, וועלכע ווייסן, אַז ערעץ ישׂראָעל ייִדן זיינען גרייט מיט געווער אין די הענט שטיצן דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם, „די אייראָפּעיִשע ייִדן אין פּאַלעסטינע זיינען דאָך די עמעסע פֿריינט פֿון פּראָגרעס“.

די ייִדישע מעלוכע איז איינער פֿון די פֿאַקטאָרן, וועלכע דערלאָזן ניט פֿאַרווירקלעכט ווערן דער גרויסער אַראַבישער פֿעדעראַציע.

ענגלאַנד נוצט אויס די ייִדן אין פּאַלעסטינע אַלס קאַמף-מיטל קעגן דער אַראַבישער באַפֿרייונג-באַוועגונג און די ציוניסטן ווייסן דאָס און נייען אַף דעם איין מיטן גוטן ווילן.

דער נאַציאָנאַל-ציוניזם האָט זיך פֿאַרבונדן אַף לעבן און טויט מיטן ענגלישן אימפּעריאַליזם און ער איז געוואָרן אַ טייל פֿון דער גאַנצער אימפּעריאַליסטישער סיסטעם.

דאָס טרעט אַרויס נאָך בוילעטער, ווען מיר באַטראַכטן די באַציונג פֿון ציוניסטן צו די אַראַבער. די ציוניסטן טרעטן אַרויס אָפֿן אַלס דער אַוואַנגאַרד פֿון אימפּעריאַליזם אַפֿן נאָענטן מיזרעך. דער גאַנצער ייִדישער ייִשעוו אין פּאַלעסטינע געפֿינט זיך אַף אַ פֿייער שפּייענדיקן באַרג און אויך ווייסן די ציוניסטן און אויך אַף דעם נייען זיי איין.

יעהודי האַליוויִ האָט געזונגען:

„איך בין אין מאַירעוו און מיין האַרץ איז אין מיזרעך“.

די ציוניסטן פֿון אונדזער צייט קענען מיט פֿולער רעכט ווענן זיך זאָגן:

מיר וויינען פֿאַרן מיזרעך און מיר רופֿן ייִדן אין פּאַלעסטינע, ווייל אונדזער האַרץ איז אין מאַירעוו, באַם אימפּעריאַליזם.

אין ציוניסטישן „דאָס פֿאָלק“ אין ריגע האָט ה. שעכטמאַן פֿאַרעפֿנטלעכט אַן אַרטיקל, אין וועלכן ער דערקלערט מיט אַ פֿרעכער אומפֿאַרשעמטקייט:

„ס'קומט פֿאַר אַן אַקשאַנעסדיקער, טיילווייז אַ פֿאַרבאָרגענער, טיילווייז אַן אָפֿענער קאַמף פֿאַר אָדער יענער פֿאָרם פֿון דער אַנטוויקלונג פֿון די מיזרעך-לענדער: אַ קאַמף צווישן אייע און אייראָפּע, צווישן צוויי שיטעס פֿון קולטורעלן און עקאָנאָמישן לעבן. מיר, ייִדן, דאַרפֿן אַליין באַשטימען אונדזער אָרט אין דעם אַלוועלטלעך-היסטאָרישן קאַמף און ס'איז פֿאַראַן דאָ נאָר איין טשוווע: „מיר גייען מיט אייראָפּע“. („דאָס פֿאָלק“ נומער 45, 1926). דער טייטש איז, אַז ייִדן דאַרפֿן אַקטיוו זיך באַטייליקן אין אַ אימפּעריאַליסטישן קאַמף קעגן מיזרעך, ווייל, דערקלערט שעכטמאַן ווייטער: „קיין ערעץ ישׂראָעל קערט זיך דאָס ייִדישע פֿאָלק צוריק אַלס אייראָפּעיִש פֿאָלק און זיין גאַנצער גוירל איז בלוטיק פֿאַרבונדן דערמיט, צי וועט זיך אייראָפּע איינהאַלטן אין די לענדער פֿון נאָענטן מיזרעך, אָדער וועט פֿון דאָרטן אַראָפּגעשווענקט ווערן פֿון סטיכישן שטראָם פֿון „אויפֿלעבנדיקן מיזרעך“. דאָס לעצטע וואָלט באַדייטן אַ פֿיזישן און פּאָליטישן אונטערגאַנג פֿון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין ערעץ ישׂראָעל. אויב ס'וועט זיך איינגעבן מיט דער הילף פֿון אַ גראַנדיעזן אויפֿשטאַנד „אַראָפּצושטויסן אייראָפּע אין יאַם אַריין“, דאַן וועלן מיר מוזן מיטמאַכן דעם גוירל פֿון אַלע איבעריקע אייראָפּייער. ווענן דעם טאָרן מיר ניט האָבן קיין שום אילוזיעס“. שפּילט, הייסט דאָס, דער ציוניזם מיטן שיקזאַל פֿון ייִדישן ייִשעוו אין פּאַלעסטינע!

ער איז גרייט ריזיקירן מיטן „פֿיזישן אונטערגאַנג“ פֿון פּאַלעסטינער ייִדישן ייִשעוו און שטעלט אַלץ אַף דער אימפּעריאַליסטישער קאָרט.

אַף דערדאָזיקער קאָרט קען אָבער שטעלן נאָר אַן אַזאַרט-שפּילער.

דער מיזרעך-יאַם ברויזט און דראָט מיט אַ קאָלאָסאַלער פֿאַרפֿלייצונג, און וואָס וועט בייִשטיין דעם קליינעם ייִדישן פּאַלעסטינער ייִשעוו אין טאָג פֿון אויפֿשטאַנד?

און וואָס בינדט צונויף ייִדן מיט פּאַלעסטינע? וואָס לאָקט און רופֿט זיי אין דאָזיקן קליינעם לאַנד?

שרייבט דאָך שעכטמאַן אין זעלבן אַרטיקל:

„מיר זיינען לויט אונדזער אַרט דענקען און פֿילן שוין לאַנג אייראָפּייער און אונדז לאָקט לאַכלוטן ניט די פּערספּעקטיוו אַ דריי טאָן אַף צוריק די ראָד פֿון געשיכטע און איבערלעבן אונדזערע אַזיאַטישע אַלטע איבערלעבונגען“.

די ציוניסטישע ראָמאַנטיק צערינט און ס'בלייבט נאָרניט פֿון דער לעגענדע ווענן אַלטן פֿאָלק ישׂראָעל, וועלכער קערט זיך אין זיין אַלטער היים צוריק.

„די אַלטע היים איז אַזיאַטיש און מיר... **מיר זיינען אייראָפּייער**!“

די ציוניסטן קאָנען דערווידערן: שעכטמאַן איז נאָר אַ צופֿעליקע פּערזאָן, ער דריקט ניט אויס די אָפֿיציעלע שטעלונג פֿון ציוניזם.

„העולם“ איז דאָך אָבער געווים דער אָנערקענטער פֿון אַלעמען ציוניסטישער אָפֿיציאָז.

זשאַבאָטינסקי ניט איבער אין אַ איראָנישן טאָן ווענן דער באַציונג פֿון אָפֿיציעלן ציוניזם צום אויפֿשטאַנד פֿון די דרוזן:

דער „העולם“ האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אַ מילכאָמע-לייטאַרטיקל. ער האָט מודיע געווען, אַז די גאַנצע ייִדישע פּאַלעסטינישע יוגנט איז גרייט שטעלן זיך אונטערן ביקס און נעמען זיך פֿאַר געווער אין האַנט, אונטערגעשטראָכן און נעגעבן אַ וווּנק, אַז „די בריטישע רעגירונג ווייס ווענן דעם“.

די בריטישע רעגירונג האָט ניט נאָר געוווּסט, נאָר אויך איבערגעשיקט די פֿאָן פֿון ייִדישן לעגיאָן פֿון לאָנדאָן אין ירושלאַיִם. ביז וואַנען די פֿאָן איז אָנגעקומען אין ירושלאַיִם האָט זיך געביטן די לאַגע.

לאָנדאָן האָט געפֿונען אַנדערע ווענן, ווי אַזוי צו שטערן די „אַראַבישע פּלענער ווענן אַ ברייטערע פֿעדעראַציע, וועלכע זאָל קאָנטראָלירן דעם מיטלמער“. די פֿאָן פֿון לעגיאָן האָט מען באַהאַלטן אין יעהודע האַכאָסידס כורווע און די גיבויריי ישׂראָעל האָבן זיך באַרויִקט. זשאַבאָטינסקי איז אָבער מאַסרע:

„דער גאַנצער מיזרעך געפֿינט זיך אַפֿן שוועל פֿון געשעענישן, אין וועלכער מיר וועלן זיין גענייט באַטייליקן זיך און צו קעמפֿן אַף דער זייט פֿון אייראָפּע; דאָס, וואָס אין צוויי טריט פֿון מיזרעך-ברעג פֿון יאַרדן ווערט פֿאַרטראַכט אַ געפֿערלעכע אַוואַנטורע, וועלכע וועט

ברענגען שווערע פֿאָלגן, גייט ניט אריין אין כּעשבן, פּונקט ווי ס'גייט ניט אַריין אין כּעשבן דאָס, וואָס בא דער פּאַלעסטינער אינדוסטריע נעמט מען אָפּ איר אינערלעכן מאַרק, וואָס א קאָלאָניזאַציע אף געקויפֿטן פֿאַר טייערע פּרייזן באָדן איז אן אומזין און וואָס די הונדערטער טויזנטער פֿונטן, וועלכע ס'ברענגען אַריין אין פּאַלעסטינע אונדזערע עמיגראַנטן-טוריסטן און אונדזערע נאַציאָנאַלע פֿאָנדן פֿאַלן אַריין סאָפּקאָלסאָף אין די אַראַבישע (! ? ל. ר.) קעשענעס“. („ראַסוועט“ נומ. 3 1926 יאָר).

די ציוניסטישע אוואַנטורע אַנטפּלעקט זיך פֿאַר אונדז אין איר גאַנצער פֿאַרברעכערישער נאַקעטקייט.

די ציוניסטן ווייסן, אז זיי געפֿינען זיך בײַם ראַנד פֿון אָפּגרונט און קענען זיך ניט אָפּשטעלן.

---

י. בראָנשטיין.

# דאָס געזאַנג פֿון „ביינערדיקן וואָר“.

(איזי כאַריק. אף דער ערד. פֿאַרלאַג „שול און בוך“, מאָסקווע, 1926).

„אונדזער ביינערדיקער שטייפֿער וואָר
זאָל פֿאַר אייך ניט אויפֿגיין ווי א וואונדער“.
(כאַריק)

## I. רויערהייט.

„מיר טרינקען אונדזער לעבן רויערהייט,
און וואַרטן ניט ביז עס וועט נעמען שטאַרבן“.
(כאַריק)

אין אונדזער יידישער נאָכאָקטיאַבּרדיקער ליטעראַטור איז דער שטרייט אַרום דער פּראָבלעם פֿון „ביינערדיקן וואָר“ געפֿירט געוואָרן אף אַסאַך א ברייטערן פֿראָנט און, לעפֿיערעך, אין שווערערע באַדינגונגען, איידער אין דער רוסישער ליטעראַטור.

די סיבע דערפֿון איז א גאַנץ פּאָשעטע. די רוסישע ליטעראַטור איז אַריינגעטראָטן אין איר נאָכאָקטיאַבּרדיקער טקופֿע, עמעס, אין א היפּשער מאָס, מיט שיטער-געוואָרענע רייען (פֿיל שרייבער זיינען אַנטלאָפֿן קיין אויסלאַנד), אָבער דאָך מיט א גאַנץ באַדייטנדיקן יאָדער פֿון שוין אויסגעוואָקסענע פּ ר א ז א י ק ע ר - ר ע א ל י ס ט ן. די דאָזיקע שרייבער האָבן באַוויזן צוגעבן (בא אלע זייערע כּעסרוינעס) אף א ריי ברייטערע לייוונטן דעם ליטעראַרישן פּאָרטרעט פֿון אונדזער וואָר. קיין ספּעציעלן קאַמף אף פּרינציפּיעל צו רעאַביליטירן אונדזער וואָר אין קונסט איז אין דער רוסישער ליטעראַטור ניט אויסגעקומען צו פֿירן.

נאָר אַנדערש איז געשען מיט דער יידישער ליטעראַטור. אין איר נאָכאָקטיאַבּרדיקע טקופֿע איז זי אַריין אינגאַנצן אָן אויסגעוואָקסענע פּראָזאַיקער-רעאַליסטן, דעם יאָדער פֿון דער נאָכאָקטיאַבּרדיקער ליטעראַטור אונדזערער האָט געשאַפֿן די „גייסטאַלע“ ליריק פֿון דער, אזוי גערופֿענער, קיעווער טקופֿע.

דער סאָציאַלער פֿאָן פֿון דער דאָזיקער טקופֿע איז געווען: אינטעליגענטישער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם, באַפֿאַרבט מיט „אַלמענטשלעכן“ רעוואָלוציע-עקסטאַז. דער קונסט-קרעדא איר איז געווען — פֿאָרמעלע ראַפֿינירטקייט. אינם דראַנג נאָך דער דאָזיקער פֿאָרמעלער ראַפֿינירטקייט האָבן די „קיעווער“ אינגאַנצן זיך אָפּגעזאָגט פֿונם קאָנקרעטן געזעלשאַפֿטלעכן סוזשעט.

אומזיסט וואָלט דער פּראָלעטאַריאַט געמאָנט זיין „ליטעראַרישן פּאָרטרעט“ פֿון דער יונגער יידישער פּאָעזיע, וואָס האָט באַזונגען „פֿרייד פֿון קאַיאַרן“ און געפֿירט „פֿילאָסאָפֿיע“ וועגן „אייביקייט“.

אין קאַמף פֿאַר א נייע יידישע ליטעראַטור האָט די מאַרקסיסטישע קריטיק דעריבער געמוזט אָנהייבן פֿונם קאַמף פֿאַרן קאָנקרעטן „ביינערדיקן וואָר“. דער קאַמף איז געווען א שווערער. די פֿאָרמאַליסטישע קריטיק האָט געטענהט, אז דאָס לעבן איז נאָך דערווייל צו רוי, צו אָנגעוואַלגערט, מע זאָל עס שוין קענען באַזינגען. מע דאַרף דעריבער צוואַרטן און דערווייל „גיין אף שפּיצפֿינגער אין אייגענעם געצעלט“.

דענסטמאָל האָט זיך עס אָנגעהויבן דער גרויסער בונט פֿונם לייענער. אונדזער מאַסן-לייענער האָט דערקלערט א באָיקאָט דער פּאָעזיע — א באָיקאָט, וואָס איז נאָך אדהאַיעם ניט אינגאַנצן ליקווידירט. אונדזער פּאָעזיע, בא אלע אירע פֿאָרמעלע דערגרייכונגען, איז געבליבן א שגורע-קיילע אין סאָציאַלן זין פֿון וואָרט. די מאַסע האָט אף איר אויפֿן — סטיכיש — רוי „געמאַליעוועט“ איר אויטאָ-פּאָרטרעט אין פֿאַרשיידענע טשאַסטושקעס, בופֿאָנאַדעס, פּיעסן, וואָס האָבן געהאַט אַסאַך א גרעסערן טיראַזש, איידער די אָפֿיציעלע „הויכע“ ליטעראַטור.

די „געזעלשאַפֿט“ האָט געהאַט געבעך קלעמעניש: סטייטש, ס'איז א פֿאַרפֿלייצונג פֿון כאַלטורע, אָבער מיט געשרייען ב ל ו י ז האָט מען נאָך קיינמאָל ניט ביינעקומען א מאַסאָווע ליטעראַטור-באַוועגונג, אף וועלכער נידעריקער ליטעראַטור-שטופֿע זי זאָל ניט שטיין.

דער דרוק פֿונם מאַסן-לייענער האָט געמוזט צעבויטן אונדזער לירישן געמויזעכטס.

עס הייבן זיך אָן אויסצוטיילן יונגע סאָוועטישע פּראָזאַיקער-רעאַליסטן, וואָס פּרווון צוגעבן די ערשטע פּאָרטרעט-עסקיזן פֿונם לעבעדיקן סאָוועטישן וואָר. אין דער ליריק גופֿע ווערט צוגעגרייט דער בונט נאָך דאַן, ווען עס צושרייען זיך קושניראָווס „ווענט“.

ניט אונדז א מויל!
באַקלעפּט או באַהענגט אונדז
מיט מענגעס אַפֿישן, פּלאַקאַטן און בלעטער.

אונדזערע ווענט און פּלויטן הייבן אָן צו מאָנען אן אָרט פֿאַר זיך אינם „טעמפּל“ פֿון קונסט.

און איציק פֿעפֿער, דער ערשטער פּאָעט פֿון אונדזער העראָישן רעאַליזם, רעאַביליטירט קינסטלעריש די דאָזיקע ווענט און פּלויטן, באַקלעפּטע מיט אַפֿישן און בלעטער.

„איך האָב אף פּלויטן געשריבן מיינע לידער
ווען זיך און אזוינע ווי איך“!
(פֿעפֿער)

ווערן פלויטן שוין אויס פלויטן, נאָר זיגנעוודיקע פּאָעמעס פֿון קריטיקן געהילך, פלאַקאַטן און לאָזונגען, און לידער ווערן אויס לידער, — נאָר פּראָסטע און באָרוועסע רייד.

„איך האָב ליב ווען ווערטער זיינען באָרוועס,
איך האָב ליב ווען לידער זיינען פּראָסט“.
(פּעפער)

נו, יאָ, ס'איז דאָך אָבער רוי! ניט גענוג אָביעקטיוו — רויק!

צו אַלדי רופֿעס די אָביעקטיווע רויקייט פֿון גרייז-גרויע באָבעשיס, וואָס וועלן איבער 120 יאָר שטריקן אַ זאָק, און אָנציינערדיק פּליסטערן דערביי וועגן אונדזערע העראָישע טעג — זאָל זיין רוי!

„הארבע מי און העק איז אונדזער פרייד,
ווי שוואַרצער ברויט נאָך ביינערדיקער ארבעט,
מיר טרינקען אונדזער לעבן רויערהייט
און וואַרטן ניט ביז עס וועט נעמען שטאַרבן“.

הידאָזיקע, קימאַט מאַניפעסט-שורעס, געהערן אַ צווייטן דיכטער, פֿון דער יונגער פּאַלאַנגע „פּראָסטע דיכטער“ — איזי כאַריקן.

כאַריק וויל ניט וויסן פֿון קאָנדענסירטע לעבן-טאַבלעטקעס פֿירמע נעסטלע, מיט וועלכע מע האָדעוועט אָנציינערדיקע סאַלאָן-פּאָעטן.

זיינען מיר דאָך אַזויגע דורשטיקע און הונגעריקע געקומען אַף דער ערד!

„מיר צעעפֿענען די אויגן און פייערן, און שוואַרצע,
ווערן זיי אי אומרויק, אי גרויס“.

און ס'ווילט זיך אַזוי אַליין פֿאַראַמאָל שלינגען און זופּן, צופֿאַלן אַף די קני און אָן אַ קענדל זופּן רויערהייט פֿון קאַלטן דופּטיקן קוואַל, פֿון רויקוואַל.

לייענט איבער כאַריקס לידער וועט איר דערפֿילן אָט אָ דעם פֿאַר שיקערנדיקן דראַנג נאָך רויערד, נאָך רוילעבן, נאָך רויליב.

כאַריקס נאַטור-בילדער שטרייכן דאָס בוילעט אונטער. זיי זיינען ניט קיין זיסלעכע פּאַסטאָראַלן, *) וואָס ווערן געמאָלט אַף ביליקע באָמבאָניערקעס, ס'איז ניט קיין ראָמאַנטיש-סטיליזירטע ערד פֿון שאַלעם אַשס „אַפֿן וועג קיין שעמעניעץ“. כאַריק באַזינגט די רויערד ניט ווי אַ ראָמאַנטיקער, פֿאַר וועמען דער לאָזונג — צוריק צו דער ערד, איז אַ מין כאַלאָשעס-טראָפּן פֿאַר אַ צעקראָכענעם שטאָטישן „דאַטשניק“, וועלכער אַנטלויפֿט פֿונם רוישיקן לעבן „אַפֿן שויס פֿון דער נאַטור“. דאַריבער עפּשער פּאַסט כאַריקן ניט דאָס א ו י ס ע ר ל ע ך מ א ל ע ר י ש ע פֿונם פּייזאַזש.

כעם, לעמאָשל, האַפּשטיינס עטלעכע סטראָפֿעס פֿונם ציקל „פעלדער“ (געזאַמלטע ווערק זייטל 25—24):

עס זיינען פֿאַרפֿולט שוין די פעלדער מיט שיין
און גייען שוין איבער,
און וואַלדישע ברענען ניט האַלטן שוין איין,
און זון גייט אַריבער.
און ס'העלן זיך וועלדער פֿון בערגל ביז טאָל,
און ס'בלייבן זיך טאָבן,
און ס'זיינען שוין זוניקע פלעקן אָן צאָל
אַהין אויך פֿאַרקראָכן.

אינם דאָזיקן ציכטיקן מיניאַטור-פּייזאַזש איז גלענצנדיק געגעבן געוואָרן דאָס א ו י ס ע ר ל ע כ ע, ד א ס מ א ל ע ר י ש ע שפּיל פֿון ליכט-שאָטן און שטילן פֿאַרנאַכט. אַ לייכטער א י מ פּ ר ע ס י א נ י ס ט י ש ע ר פּליאָר איז אַרויפֿגעוואָרפֿן אַף פעלד און וואַלד, אַף באַרג און טאָל.

דערזעלבער פֿאַרכאָלעמטער שלייער פֿון ליכט-שפּיל איז אַרויפֿגעוואָרפֿן אַף האָפּשטיינס פעלדער אַפֿילע ביים שניט.

האָפּשטיינס ליד „שניט“ הויבט זיך אָן אַזוי:

„ניי איך אַרום מיט פֿאַרהייטלטע בליקן
און כוואַליעס פֿון היץ
און זאַנגישע נאָלדן זיך טוקן
פלעקן פֿון ציץ“.

ווידעראַמאָל דאָס אויסערלעך-מאָלערישע, די שפּיל פֿון זאַנגישע נאָלדן און פֿאַרביקע ציץ-פלעקן פֿון פֿויערישע טיכלעך און סאַראַפאַנען.

נו, און די הויפּט-העלדן פֿון שניט — די שניטער און שניטערקעס?

דער הויפּט-העלד אין בילד איז דאָס ליכט — אַזוי וועט אייך ענטפֿערן אַן אימפּרעסיאָניסט.

כאַריק נעמט אויף זיין ערד גראָד פֿאַרקערט, ווי אַן עקספּרעסיאָ נ י ס ט — לייביק צעכראַסטעט, און איר געזונטער פֿיזיאָלאָגישקייט, און איר אייביקער געבורט-פֿרייד.

פֿאַר כאַריקן איז ערד קודעמקאָל דאָס אורשפּרינגלעכע мать сыра-земля מיטערל-רויערד, מיטערל-שפּייזערן. אַזוי האָט דאָס אַרבעט-פֿאָלק פֿון אוראַלטע יאָרן באַזונגען זיין ערד — זיין שפּייזערן. כאַריקס ערד איז אַ פֿעטע, שוואַרצע, זי שמעקט „מיט פעך“, „מיט צייטיקייט פֿון עפּל“, „מיט טוי און מיט באַהעפֿטונג“. אָטאָ דעם פֿ י ז י אָ ל אָ ג י ש ן רייעך פֿילט איר פֿון יעדן קימאַט כאַריקס פּייזאַזש.

נעמט אַפֿילע זיינע פֿרילינג-פּייזאַזשן. ס'איז ניט דער סקאַרבאָווער אויסערלעך-מאָלערישער פֿרילינג מיט „רויזן-קוסטעס און אַנדערע מעלעכלוגדיעס“ (מאַיאַקאָווסקי) — ס'איז אַ פֿעטער זאַפֿטיקער פֿרילינג, וואָס גיסט זיך אָן מיט ווּקס.

„אין צווייט און אין פעכיקן רויך
פֿאַרלעשן זיך שטענדיק די פֿרילינגס“...

אָדער:

„ווערט זיס די לופֿט און פעכיק-פֿעטער פֿרילינג
הייבערט זיך שוין וואַרעם פֿון דער ערד“...

נאָך בוילעטער טרעט עס אַרויס אין כאַריקס זומערדיקע און האַרבסטיקע פּייזאַזשן.

כאַריקס פעלד אין שניט-צייט איז אַזאַ:

„צייטיקט איצט אַ פעלד און גיסט זיך אָן מיט קרעפֿטן
זאַט בין איך און צייטיק! קום און נעם!
סע ציט מיט צווייט, מיט טוי און מיט באַהעפֿטונג
און זאַנגען ווינן זיך און ציטערן אין דעם“.

דערזעלבער פעכיקער אָטעם פֿון פֿיזיאָלאָגישער באַהעפֿטונג און פֿרוכטבאַרקייט פֿילט זיך אין כאַריקס סאָד.

אין ווילדן ווּקס, אין ווּנדערלעכן וואַקסן,
האָבן צווייגן דאָ קיין מעסער ניט פֿאַרזוכט
דאָ שמעקט מיט פעך און פֿרילינגדיקע שלאַקסן
און קאָרע פּלאַצט מיט אויסגעשריי פֿון וואַקסן,
און ביימער ווינן זיך אין צייטיקייט פֿון פֿרוכט“.

דערדאָזיקער סטיכיש-פֿיזיאָלאָגישער „אויסגעשריי פֿון וואַקסן“ כאַזערט זיך איבער זייער אָפֿט אין כאַריקס פּייזאַזשן. דעמזעלבן „אויס-

*) אידילישע בילדער פֿון פּאַסטעך-לעבן.

נעשריי פון װאַקסן" װאַריאירט באַריק אין זיין פּאָעמע „ברויט" אין דער שורע: „ס'קען די ערד א ריס טאָן זיך פון אָרט".

ס'פילט די ערד איר קינד — איר באַלעבאָס, און זי רייסט זיך צו אים — צום שניטער. אָן דעמראָזיקן שניטער, אין צעבראַסטעטער בלויע, װאָלט באַריקס פייזאַזש נעװען װי עפּעס א מוס, אַ נעקעפּטער.

און בעעמעס, זעלטן װען אין באַריקס פייזאַזש פעלט די צענטראַלע פיגור זיינע — ד ע ר א ק ט י װ ע ר מ ע נ ט ש. צי איז עס דער פויער מיט א קאָסע אין האַנט (פון פּאָעמע „ברויט") צי דער נייער מיטן „פּראָסטן ציטאַר" אין מויל („װינטער-לידער") — אומעטום איז דער פייזאַזש בלויז א פאָן פאַרן אקטיװן און אלץ אקטיװזירנדיקן מענטש.

דער מענטש ניסט זיך ניט צונויף „מיט דער נאַטור, מיט יעדן גרעזעלע און בוים", װי עס איז שוין אַריין אין שאַבלאָן פון אַלע ראָמאַנטיקער—ער דאָמינירט איבער איר אַלס איר הערשער און שטענדיק אקטיװיזירנדיקער עלעמענט.

דעראָזיקער אנטראָפּאָצענטריזם (מענטש — אין צענטער פון לעבן) טרעט אַרויס אַלס אינטערסאַנטסטער שטריך אין באַריקס קינסטלערישער װעלט-עמפּפינדונג.

## II. צו מענטשן!

אין מ'ציט אזוי אין נאָס, און ס'ציט אזוי צו מענטשן
(באַריק)

אויב ס'איז יאָ עמעס, אז עס זיינען פאַראַן אַזעלכע פּאָעטן, װאָס שרייבן בלויז פאַר זיך און פאַר דער „אײביקייט", איז באַריק דער, װעלכער, פאַרקערט, האָט טאַכלים-סיגע פיינט אָטאָ די, כ'בעט איבער אייער קאָװעד, אײביקייט און איינזאַמקייט.

אין זיינע „לידער װעגן לידער", װו באַריק האָט זיך, אזוי צוזאָגן, קינסטלעריש דעקלאַרירט, זיינען פאַראַן אַזעלכע „אַפּיקאָרסישע" שורעס:

„מיך ארט ניט, אויב די אײביקייט װעט מיך ניט קענען,
אויב קיינער װעט ניט באַװען מיינע טריט
אָט איצט — א צינד, װען הערצער ברענען
קום איך אָן מיט פויסטן אין מיין ליד".

אין אָט דער נעדיכטעניש פון „ברענענדיקע הערצער" װעט איר נעפינען באַריקן. ס'איז זיך זייער שװער פאָרצושטעלן באַריקן ניט פאַרװעבט מיט מענטשן-געװימל, אין זיין יאָנטעװ און װאָך. באַריק פילט זיך ניט אַלס אויסדערװײלטער פון דער אידע און מיט א נעװיסן שטאָלץ רעקאָמענדירט ער זיך פאַר אונדז מיט זיין אַמכאָדיקן ייכעס:

„איצט װאַקס איך אַ פּראָסטער און פּעסטער,
מיט טאַטנס צװיי קרעפטיקע הענט,
און אין היינטיקן אויסרוף אין העכסטן
כ'האָב דאָס ליד פון מיין טאַטן דערקענט".

באַריקס ליד איז אָבער ניט דאָס ליד פון זיין טאַטן — דעם שוסטער. ס'ליגט דאָך אַ מעהאַלעך פון שװערע אועלכע און זינרייכע קאַמפן צװישן דעם פּאָשעטן שוסטער, װאָס קוקט פאַרקלערט אַפן קינדס װיגעלע און אָט דעם אויסגעװאַקסענעם באַריק — דעם „זון מיט באַװאַקסענע ברעמען".

װער װעט קענען דערקענען איצט אין אים דאָס דערשראָקענע קאַבצאָנישע שוסטער-קינד, אז די מאַמע אליין דערקענט אים שוין ניט.

„איז װאָס קען שוין אַ מאַמע איצט ענדערן?
איז איר שװער, טוט איצט װיי צובאַנעמען,
פאַרװאָס עפּעס קוקט ער א פרעמדער,
מיט װאָס איז אים נעענטער לענין".

עפּשער װעלן עס שוין קיינמאָל ניט טאַטע-מאַמע באַנעמען. און אומזיסט איז מאַמעס בענקען „נאָך לעצטן אַנטרונענעם עמער"—ער װעט זיך ניט אומקערן צום „מאָכיקן ברוגים".

„אַרופנעפירט האָט שטאָט אַף העכסטן פון די שטאָקן" זייער זון — זייער אומרויקן זון — זייער איזי...

אומרו.

אז װי קען מען ניט זיין אומרויִק?

א לאַנד שטייט אין קאַמף, און ארום לויערן סאָנים און ס'װאַרטן נוטע פריינט. אַזאַ גרויסע שטורמישע װעלט, און מיט אַלעמען באַהאָפטן און פאַרװעבט איז דער פּראָסטער שוסטער-יינגל — איזי.

„און יעדער אונדערפרי קלאַפּן נייסן אין די שויבן, —
שליידער איך אַרויס צװיי אומרויִקע הענט"....
...װערט היים אין האַרץ, דאָס האַרץ הויבט אָן צוברענען,
עס נייט אַ ריס, עס נייט א טראָג פון שטוב...

אָט דעראָזיקער אומרו, דעראָזיקער „ריס און טראָג" — ס'איז דער נאָרמאַלער צושטאַנד באַריקס. אין באַריקס לידער-בוך איז קימאַט ניטאָ קיין איין זייטל, װו אָט אָ דער בילד פון „אומרו", פון „ריס" זאָל זיך ניט װאַריאירן בופשטעבלעך אָן א צאָל.

מיר װייסן פיל פאַלן, װען פּאָעטן פלעגן קאָקעטירן מיט זייער קלוימערשט-„אומרויקן גייסט". באַריקס אומרו איז אַן אופריכטיקער און אָנגעזאַפּט מיט נ ע ז ע ל ש א פ ט ל ע כ ן דראַמאַטיזם. זיין „אומרויקער אומרו" װאַקסט דאָך אַרויס פונם „מינסק פון אומרו", פון דעם, װאָס „אַף יעדן דאָג, אַף יעדער נאָס אַ שװערער אומרו װאַרט און װאַרט שוין" א.א.װ.

באַריק קאָן ניט באַפרייען זיין ליד פון אָט דעמדאָזיקן נאָסן-אומרו, האַנאַס פערזענלעך װאָלט נעװען אים גרינגער, ער זאָל װי זיין טאַטע זיך קאָנען פאַרזוננען „ער זאָל ניט װיסן אליין נאָר אז ער זינגט", װי ס'איז זיך מודע באַריק אַליין.

איז ער אָבער שטענדיק מ י ט מ ע נ ט ש ן, און זיין ליד איז שטענדיק פ א ר מ ע נ ט ש ן. באַריק איז אַ פּאָעט-בירגער און װי א פּאָעט-בירגער איז די „ציל-אָנגעװענדקייט" פון זיין „מוזע" — דער גרונטשטריך אירער. זיינע לידער זיינען „לידער-פויסטן", װאָס שלאָגן און װעקן. דעריבער איז זי אזא שטרענגע זיין „מוזע", אָפטמאָל, לויטן קױעך פון סאָציאַלער אינערציע, קימאַט אַן אַסקעטישע. דענסטמאָל רייסן זיך אַרויס בײַ באַריקן, װי בײַ יעדן פּאָעט-בירגער, אַזעלכע פּוריטאַניש-אַסקעטישע שורעס:

„באַװײַרים, אין אופשטאַנד און קריג
אין רו און ליבשאַפט — דערנאָך".

טענדענציעזע שורעס —װעלן עסטעטן פאַרקרימען די נאָז מיט ביטל.

יאָ, יאָ טענדענציעזע — זייער טענדענץ װורצלט אָבער אינם אָביעקטיװן װאָר פון שװערע, שטרענגע יאָרן פון קאַמף און טיף און הונגער. און יענע אומפאַרגעסלעכע יאָרן — צי האָבן מיר „די צאַרטקייט פאַרברענט"? יאָ, ענטפערן מיר צוזאַמען מיט באַריקן: „מיר האָבן די צאַרטקייט פאַרברענט", פאַרברענט מיט פאַרשטשירעטע ציין מיט צונויפ-

נעביילטע פֿויסטן, ווייל אַזוי האָט מען געמוזט, און קלאַל ניט דערפֿאַר, ווייל מיר זיינען מענטשן ניט פֿון דער וועלט, ווי מיטלויפֿערישע שרייבער מאָלן אונדז נאַגיץ אָפּט אויס.

סאָפּקאָלסאָף זיינען מיר אַלע פּאָשעטע באָסערוועדאָמס און „קילער אווגוסט אין שטעטעלע" און נאַכט אין „זילבערנעם רעגן" און נאָך אַזעלכע „פֿאָרגורטיילן" זיינען אונדז ניט פֿרעמד.

און כאַריק, דער פּאָשעטער כאַריק, איז זיך מודה:

„איך האָב נאָך אַליין ביז איצט ניט פֿיינט די שטערן,
מיט ווינטן איז מיר אַלעמאָל נאָך גרינג,
נאָר איך וויל אַצינד ניט הערן,
ווי ס'רוישט אַף מיר אַ שטיפֿערל — אַ ווינט".

אין דידאָזיקע שורעס באַקומט כאַריקס סאָציאַלער אַסקעטיזם אַ טיפֿע דראַמאַטישע באַפֿאַרבונג. כאַריק דאָס פּאָשעטע, צאַרטע ערד־קינד, וואָס קאָן זיך אוועקשטעלן אין מיטן בלויליכער נאַכט און ציען זיך „אַהינצו אין בלוי און אין לויטער" — ע ר ק ע מ פּ ט מ י ט ז י ך ג ו פּ ע, און מיט פֿאַרפּרעסטע ציין ברילט ער:

„אַוודע וואָלט איך וועלן זיך פֿאַרזינגען
דאָס גאַנצע האַרץ צעווייען מיט ווינט,
נאָר איך קען דאָך ניט, אַז מיר זאָל גרינג זיין,
ווען ס'איז נאָך אַלעמען ניט גרינג".

אַזוי האָט כאַריק זיך געראַטעוועט פֿון טרוקענער אַסקעטיזם־סכעמע, באַ וועלכער ס'פֿלעגן געשטרויכלט ווערן פֿיל שרייבער. געראַטעוועט האָט כאַריקן, אין דער ערשטער ריי, זיין איינגעוואָרצלטקייט אין לעבן, אין מענטשן, אין „ביינערדיקן וואָר".

## III. אָן אַ קרוין.

„פֿון דאַנען שטרעק איך אויס צו אייך מיין האַנט:
טייערע, באַפֿלינגלטע, ניט קרוינט אונדז!
(כאַריק)

אין דער רוסישער ליטעראַטור־קריטיק האָט מען לעצטנס אָנגעהויבן אַליין אָפּטער און ענערגישער צו וואָרענען דעם שרייבער פֿון צופֿיל סמאַקעווען די העראָיק פֿון אונדזער בירגער־קריג.

אין די באַדינגונגען פֿון דער רוסישער ליטעראַטור איז דאָסדאָזיקע וואָרנען, אין אַ געוויסער הינזיכט, נאַגיץ באַרעכטיקט און נויטווענדיק.

די יונגע רוסישע סאָוועטישע ליטעראַטור האָט פֿאַר די לעצטע יאָרן שוין באַוויזן צוגעבן אונדז אַ ריי ברייטערע לייוונטן, וואָס באַ אַלע זייערע כעסרוינעס, פֿאַרקערפּערן זיי קינסטלעריש פֿאַרשיידענע ווינקעלעך פֿון אונדזער העראָישן וואָר. ווי געוויינלעך אָבער אין אַזעלכע פֿאַלן, האָבן זיך שוין אַ לאָז געטאָן נאָך זיי אַ היפּש ביסל שרייבערלעך צו רעפּראָדוצירן, פֿאַלש נאָכמאַכן פֿאַרשיידענע „ראָמאַנען פֿון בירגער־קריג", וואָס הויבן אָן צו דערמאָנען די אַמאָליקע קאַזיאָנע „קריג־בילדער". פֿאַרשטייט זיך, אַז קעגן דעמדאָזיקן שאַבלאָניזירטן העראָיזם מוז די קריטיק קעמפֿן.

אַנדעריש איז אָבער די לאַגע אין דער יידישער ליטעראַטור. באַ היינטיקן טאָג האָבן מיר קיין איינאיינציקן ברייטן לייוונט ניט פֿון אונדזער פּראָלעטאַריש־רעוואָלוציאָנערער העראָיק, און שוין האָט מען אין אייניקע קרייזן פֿון אונדזער ליטעראַטור אָנגעהויבן מעוואַטל מאַכן טעמעס פֿון בירגער־קריג. באַווינען (פֿאַרשטייט זיך, נוט באַווינען) דעם נאַראָן, דעם קאָמסאָמאָל אַפֿן פֿראָנט איז שוין פֿאַרעכנט געוואָרן אַלס טרייף־פּאָסל, אַזוי ווי מיר וואָלטן געהאַט אַ צענדליק פּאָעמעס וועגן בירגער־קריג.

דעריבער איז אונדז באַזונדערס טייער כאַריקס העראָישע פּאָעמע „מינסקער בלאָטעס".

באַלד פֿון די ערשטע שורעס ווערט דער לייענער אַריינגעצויגן אינם קאַמף צווישן דער „שטאָלצער נאַס" און „הונדערט שטילע געסלעך". די „שטאָלצע נאַס" איז באַוואָרנט מיט הויכע שטאַרקע מויערן, מיט באַבערימלעך „אין שניפּסן און אין שלייפֿלעך", די „הונדערט שטילע געסלעך" — מיט פּראָסטע באַלמעלאָכישע פֿויסטן און שטיינער פֿון ברוק.

„און ס'ניסט זיך אָן אַ פֿויסט — אַ יונגער און אַ שטאַרקער,
און ווען עס איז, ווערט ער אַ זעץ טאָן אין אַ שויב".

אָבער וואָס קאָן טאָן אַ פֿויסט פֿון אַ צעשפּליטערטן, ניט־אָרגאַניזירטן באַלמעלאָכע?

כאַריק ווערט ניט נעפֿאַנגען פֿונם בונטאַרישן ראָמאַנטיזם, פֿון יענער אויסגעדראָשענער סכעמע, לויט וועלכער אַ צעבונטעוועטער יונג פֿון קיילערגעסל דאַרף פֿאַרקערפּערן די רעוואָלוציע און סאָפּקאָלסאָף זיך אין איר אַנטוישן, מאַכמעס זי — די רעוואָלוציע — איז פֿאַר זיין „פֿרייען גייסט" צו „לייטיש באַגרענעצט".

באַ כאַריקן איז נאָר פֿאַרקערט.

דער צווייטער טייל פֿון דער פּאָעמע הויבט זיך אָן מיט אַזעלכע טרוקענע שורעס, וואָס האַקן אָפּ די פֿליגלען יעדן „פֿרייען גייסט":

„גייט אַרוים אַ האַסטיקער דעקרעט
מיט ווערטער זיבערע ווי פֿיילן"...

און אַ פּאָר זייטלעך ווייטער ווערט ווידער דערמאָנט דערוועלבער „איילִיקער דעקרעט".

דעקרעט — דאָס זיינען פּאַראַגראַפֿן, דאָס זיינען ראַמען — נאָר אַ פּאָנים־כאַראָשעס אין צעבונטעוועטן קיילער־געסל. ס'איז דער נייער סאָציאַלער קויעך, וועלכער איז באַרופֿן צו אָרגאַניזירן די בונטאַרישע סטיכיע, גרייטן צו אַן אָרגאַניזירטן קאַמף:

„זאָל זיך גרייטן, זאָל זיך גרייטן, זאָל זיך גרייטן,
זאָל זיך לערנען אַף אַריין אין סאָוונאַרקאָם".

אַט דער הויפּט־העלד — פּיניע — איז דאָך אייגנטלעך אַפֿילע קימאַט ווי ניט געשילדערט געוואָרן אין דער פּאָעמע, ווייל ניט פּיניע איז דער איקער — דער איקער איז דער גאַנצער „צוג מיט הייסע יונגען", וואָס מינסק שיקט אָרגאַניזירטערהייט אַפֿן פֿראָנט, און פּיניעס קאָפּ איז „אַ קאָפּ פֿון טויזנט קעפּ" — שטרייכט אונטער אַף יעדן טריט און שריט כאַריק.

דעם העראָישן אָטעם פֿון טויזנטקעפּיקן, מיליאָנענקעפּיקן רעוואָלוציאָנערן פֿאָלק ניט כאַריק מיט אַ מעכטיקן פּאַטאָס. מיר איז אויסגעקומען בייצוזיין אַף ליטעראַרישע אָונטן און אין ליטקרייזן, אין אַרבעטער־קלובן. די אַדיטאָריע, וועלכע באַציט זיך נאַגיץ איינגעהאַלטן צו דער נייער יידישער ליטעראַטור („מיר פֿאַרשטייען זי ניט") פֿלעגט פֿאָדערן מע זאָל די פּאָעמע עטלעכע מאָל איבערלייענען.

פֿאַרוואָס זשע איז אונדזער אַרבעטער־עולם אַזוי אַנטציקט פֿון כאַריקן? עפּשער פֿאַר דעם:

אין יעדן הויזעלע און יעדער קאַמער
רעט אַ נייַ־מאַשין, אַ הובל צו אַ האַמער,

אָדער עפּשער פֿאַר דעם:

ס'איז גוט אַזוי, ס'איז היים אַזוי,
מיט שווערע שטיוול אַף נאַרדינגען,
ס'איז גוט אַזוי, ס'איז היים אַזוי
מיט שווערע שטיוול איבער זאַל,
און יעדן אָוונט זינגט מען דאָ די האַסטיקע „דובינושקא"
און יעדן טאָג און יעדע נאַכט—דעם „אינטערנאַציאָנאַל".

ניכער פֿאַר אַלץ, אי פֿאַר דעם, אי פֿאַר יענעם.

פֿאַר אַלץ, וואָס איז אַזוי נאָענט אונדז אַלעמען, וואָס מיר וועלן קיינמאָל, קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן: פֿאַר אָט די פֿרייליכע שאָען און זאַל פֿון נעוועזענעם „דוואָריאַנסקאָיע סאָבראַניע", פֿאַר דאָס אייוועלע — די „בורזשויקע", וואָס מיר פֿלעגן הייצן מיט צעבראָכענע פּלויטן און אַלטע ספֿאָרים, פֿאַר די פֿראָנט-יאָרן, פֿאַר אָט די „שווערע יאָרן פֿון הונגער מיט ברודער, מיט פֿרייד און מיט לייד".

מיט פֿרייד און מיט לייד!

שוין אָט אָ דאָ, אין דער ערשטער העראָישער פּאָעמע ווינער, שטויסט זיך אָן כאַריק אַף דער „כיטרער מעכאַניקע" פֿון אונדזער דיאַלעקטישער העראָיק — העראָיק אָן אַ העראָי, און העראָי — אָן אַ קרוין אַפֿן קאָפּ. די העראָיק ווערט וואָרהאַפֿטער און וואָכעדיקער. זי איז אַרום אונדז. זי אָטעמט אַף אונדז פֿון אַ פֿאַרלייזיקטער טעפּלושקע, פֿון אַן אָפּגערעמאָנטירטן זאַוואָד, פֿון אַ צוקנייטשט היטל, וואָס איז באַקומען געוואָרן לויט אַן אָרדער, (בעזימענסק) פֿון אַן איידע קליינשטעטלדיקע יידן, וואָס האָבן פֿאַרוואָרפֿן קרעמערישן „וואָג און פֿונט" און געלאָזן זיך צו „רויִקער, זעטיקער נאַכלע".

דעריבער זיינען אַזוי „וואָכעדיק" כאַריקס העראָישע פּאָעמעס — פֿריער „מינסקער בלאָטעס", דערנאָך — „ברויט".

וואָס איז אַזוינס ברויט? פּאָשעטער, קאָרענער, זאַטער ברויט? פֿאַראַן אויך אַ העראָישער געזאַנג פֿון פּאָשעטן, קאָרענעם, זאַטן ברויט!

עפּשער ניט ווייניקער ווערטפֿול איידער די געזאַנגען וועגן העלד האַיִהאַוואַטאַ, אָדער וועגן העלד אָדיסיי.

אַזוי וואָכעדיק, פּאָשעט, ווי אַ שטילער ווייבערישער שמועס אַף דער פּריזבע, הויבט זיך אָן אָט דער העראָישער געזאַנג:

„אַזוי, צו אַזוי, נאָר סע שמעקט שוין מיט מאַרט,
האָבן יידן געגרייט זיך, גערעט און געוואַרט"...

אייגנטלעך, איז דאָ פֿאַראַן אויך אַ פּאַלעץ, ווי אין „לייטישע" העראָישע פּאָעמעס, איז אָבער דער פּאַלעץ "צעשטויבט און צעשטערט, און מיט לאַזע און גראָז איז באַוואַקסן די ערד".

און ניט פּרינצן און פּרינצעסנס — פּאָשעטע קליינשטעטלדיקע יידן שלאָפֿן מידע אַפֿן דיל:

„כאַפּט זיך אויף די מאַמע – איז דער פּאַלאַץ פֿרעמד,
דרוקט זי צו איר קינד נאָך נעענטער צום העמד"....

שאַ! פֿאַרהאַלט דעם אָטעם און פֿאַרגעסט: איבער אָט דער מאַמען און קינד, און דער קופּע פֿון מידע ערד-זוכער, טראָגט זיך דאָס גרויסע געזאַנג פֿונם „ביינערדיקן וואָר" דאָס געזאַנג פֿון ברויט, וואָס ווערט „געריסן פֿון יעדער דעסיאַטין". דעמראָטיקן קאַמף פֿאַר ברויט באַזינגט כאַריק מיט ניט קיין קלענערן דיכטער-פּאַטאָס איידער דעם קאַמף אַף די פֿראָנטן.

דערזעלבער היסלאָוועסדיקער טאָן פֿון אַ טריבון:

„נאַ, נעם צעווייע אונדזער שוויִס,
נעם, דריק צו די מידע גלידער".

ווי דערמאָנען אַזוי די שורעס פֿון „מינסקער בלאָטעס":

„נו, צענעמט און דערהויבט אונדזער יונגנט"...

דער טאָן פֿון „צענעמען און דערהויבן" איז דער גרונט-טאָן פֿון אָט דער „וואָכעדיקער" פּאָעמע, וואָס שמעקט מיט ברויט, מיט פּאַשע און מיט מילך. ניט נאָר אַף די פֿעלד-פּייזאַזשן ליגט אָט דער הויך פֿון אַקטיוון „רייסן זיך" (נעגוי וועגן דעם האָב איך גערעט אין קאַפּיטל „רויערהייט") — ער ליגט אַפֿילע אַפֿן אידילישן פּאַסטאָראַל „הינטער שייער, הינטער שטאַל", ווו די אידילישע מאַסע ווערט איבערגעריסן מיטן פֿראָזאַישן געשריי: „צו אַלדי שוואַרצע יאָרן! פּאַסטעך מיינער — גיב אַ קוק די סטאַדע קריכט אין קאָרן!".

אַוואַדע, קאָנען דעריבער געבוירן ווערן בײַ אַ געוויסע **גרופּן** שטימונגען אינם זעלבן סטיל פֿון „אין דער סאָכע ליגט די מאָל-בראָכע", אינטעליגענטיש-פֿאָלקיסטישע לויב-געזאַנגען לעקאָוועד „די הענט מיט מאָזאָליעס" **ביַלאַל**. שפּורן אַזעלכע זיינען שוין פֿאַראַן, און דעריבער וויל איך ענטפֿערן יענע כאַוויירים, וועלכע באַשולדיקן כאַריקן אין אידיליזירן דאָס דאָרף-לעבן.

כאַריק איז פֿון דער אידיליע-סאַקאָגע בעפֿירעש אַרויס בעשאָלעם.

גיט אַ קוק, ווער איז דער הענעמאָן, די אָרגאַניזיר-קראַפֿט און כאַריקס „קעניגרייך פֿון דאָרפֿישער באַגרענעצטקייט".

באַלד פֿון דער צווייטער סטראָפֿע גייט אַזאַ שורע:

„איז פֿון שטאָט אָנגעקומען אַ יונגער יעווסעק
די ערדן צעטיילט זיי און ווידער אין וועג",

דערדאָזיקער „יונגער יעווסעק" פֿאַרנעמט דאָ דעמזעלבן היסטאָרישן אָרט, וואָס דער איבנדערמאָנטער „דעקרעט" אין „מינסקער בלאָטעס" — ער איז דער אָרגאַניזירנדיקער קויעך, ער רעגולירט, פֿירט אָן. ענדיקן ענדיקט זיך אויך די פּאָעמע מיט סטראָפֿעס, וואָס גיבן איבער די העגעמאָניע פֿונם אַרבעטער און אָט דעם שווערן סאָציאַלן פּראָצעס פֿון איבערפֿירן עקאָנאָמיש-צעפֿאַלענע גרופּן צו פּראָדוקטיווער אַרבעט. די פּאָעמע ענדיקט זיך מיט אַ סמיטשקע-אָונט, אַף וועלכן עס קומען מיט באַגריסונגען ניט נאָר דער שטעטלדיקער אַרבעטער, נאָר אויך דער דאָרפֿישער גוט-יידישער פּויער. דידאָזיקע ניט-יידישע פּויערים מיט דער האַרמאָניק, מיט דער „לעוואַניכע" *) מאַכן צוניִשט די מירע פֿאַר אַ יידישלעך-נאַציאָנאַליסטישער אויפֿפּאַסונג פֿון אונדזער געזוערד-קאַמפּאַניע בײַ כאַריקן.

די נעפֿאַר פֿון אידעאַליזירן דידאָזיקע קאַמפּאַניע איז בײַ כאַריקן ניטאָ, פֿאַרקערט, אין דער פּאָעמע ווערט אין אַ געוויסער מאָס אויפֿגעדעקט דער סטירעספֿולער גרופּן-איינגעווייט פֿון דער איידע איבערוואַנדערער. די עלטערע קליינשטעטלדיקע יידן האָבן נאָך הינטער זיך די בריקן ניט פֿאַרברענט, זיי וואַקלען זיך נאָך:

„קוקט מען און שווייגט מען.... אַז גרויס איז די לאַסט
צי וועט מען דאָ בלייבן, צי קומט מען צו גאַסט"...

די יינגערע, אָבער, זיינען שוין אינגאַנצן מענטשן פֿון נייעם לעבן. זיי זיינען דער אַקטיוו פֿון דער איידע.

„איז דער יינגסטער, אַ פֿלינקער אַראָפּ אַף דער ערד:
– וואָס איז דאָ צו טראַכטן?—און שפּאַנט אויס די פֿערד.
איז דער יינגסטער דער ערשטער צום פּאַלעץ אַוועק,
זיינען אַלע אַראָפּ פֿון די פֿערד, – און אַן עק".

---

*) אַ ווייסרוסישער טאַנץ.

די אידעע ווערט געפֿירט נית אינם אַלטן פּאַטריאַרכאַלן סטיל — דורכן זאָקן — דעם עלטסטן, — נאָר, גראַד פֿאַרקערט, דורך די יונגע. די פּאַטריאַרכאַלע אידיליע פֿון „ערדמאַכֿט" איז שוין אין אָט אָ דעם בילד צובראָכן. דערווייל זיינען נאָך די קאָנפֿליקטן געגעבן בלויז אַלס קאָנפֿליקטן צווישן עלטער-גרופּן (ווי סימבאָליזירן דאָך, איינגטלעך, פֿאַרשיידענע לעבן-פֿאָרמען). אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען ווערט שוין דער דאָזיקער קאָנפֿליקט פֿאַרטיפֿט אַלס קאָנפֿליקט צווישן יונגע אַפּיקאָרסים און עלטערע פֿרומע „רעב אַבעס". אויסערלעך שיינט צו זיין דער דאָזיקער קאָנפֿליקט בלויז א רעליגיעזער, אָבער מיר ווייסן דאָך, אַז בלויז רעליגיעזע קאָנפֿליקטן זיינען קיינמאָל נית געווען.

די „צעבראָכענע שטענדערס" אין שול האָבן דאָך אויך עפּעס צוזאָגן אַלס פּרעלודיע צום קינפֿטיקן קלאַסן-קאַמף, וואָס ווערט מוזן דיפֿערענצירן דעם נייעם יישעוו עקאָנאָמיש און פּאָליטיש.

דעם עצעם איבערפֿלעכט פֿון פֿאַרשיידענע סאָציאַלע קוּכעס אינם „הויף" זעט נאָך נית דערווייל כֿאַריק. ער זעט עס נית אויך אין שטעטל.

כֿאַריק האָט אָנגעשריבן אַ גאַנצן ציקל לידער „שטעטל", נאָר אָפּגעקומען איז ער דערביי בלויז מית אַ הורטאָוון פֿאַרשעלטן דאָס שטעטעלע: „שטעטעלע פֿאַרשווינד".

דאָס שטעטל אָבער פֿאַרשווינדט דאָך נית ראַפּטעס, קאַטאַסטראָפֿיש. עס גייט אונטער דיאַלעקטיש, דאָס הייסט, אויסטיילנדיק פֿון זיך גופֿע איר באַגרעבער. אָט, איציק פֿעפֿער האָט יאָ באַמערקט אין שטעטל דעם יידן, וואָס „לייענט דעם מאָסקווער „עמעס" און טרוימט פֿון אַ קאָלאָגיע לעבן אָרעס", און דעם שאַמעס, וואָס וואָלט שוין כֿייעשעק געהאַט צו ווערן „אין יידסעקציע אַ קורייער". כֿאַריק האָט די דאָזיקע דיפֿערענצירונג-פּראָצעסן אינגאַנצן נית באַמערקט. דעריבער קען איציק פֿעפֿער אָנשרייבן אַפֿילע אַזאַ אידיליע, ווי „שאָלעם פֿעפֿער גייט מית זיין פּאָעט" — אַ מין „בורג-פֿרידן" צווישן טאַטעס און קינדער, און כֿאַריק אַנטלויפֿט פֿון שטעטל מית אַ קלאָלע: „זאָל ברענען".

די סיבע פֿון כֿאַריקס אָטאָ דער שטרענג-סכעמאַטישער אויפֿפֿאַסונג, באַזונדערס פֿון שטעטל, איז אָן שום ספֿק די, וואָס אַף אונדזער יידישער ליטעראַטור האָט געלויערט אַ לאַנגע צייט דער געשפּענסט פֿון „קליינשטעטלדיקייט" און דעריבער האָט כֿאַריק פּאַשעט אַלפּי דעם קאָנטראַסטן-געזעץ (ווי עס טרעפֿט זיך אָפֿט בא פּאָעטן-ביגנער), אַזוי בייז זיך אַ לאָז געטאָן „אויסהאַקן אַ ציילעם" פֿאַרן שטעטל.

כֿאַריק איז אָבער קיינמאָל נית געווען פֿון די, וואָס אַנשטאָט לעבן-ברויט, זאָלן זיי געבן פֿאַרזיסטע לעבן-באַנבאָניערקעס.

כֿאַריק שטרייבט אונטער בעפֿייערעש:

„אָ, ווער האָט דאָס געזאָגט און ווען,
אַז גרינג איז, ערדעלע, דיך קענען".

אַוואַדע, איז נית גרינג — נית אין „מינסקער בלאָטעס" און נית אַף די פֿעלדער פֿון ווייסרוסלאַנד.

כֿאַריק פֿילט די דראַמאַטישע סטירעס פֿון אונדזער לעבן און דעריבער איז עפּשער אַזוי נאַטירלעך, וואָס כֿאַריק, דער ליריקער, האָט זיך נית געלאָזט אַפּן ווענ פֿון סקאַרבאָוון ליבע-קוואַטש „באַם שיין פֿון מאָנד" און געגעבן אין זיין דריטער פּאָעמע „קאַטערינקע" די דראַמע פֿון ליבע.

דער דראַמאַטישער קאָנפֿליקט וואַקסט דאָרט אויס פֿון אַ באַגעגעניש צווישן מענערשע „האַריקע און האַרטע הענט", און מיידלשע צאַרטע „זומערדיקע הענט". עס קענען זיך נית פֿאַרפֿלעכטן אין קעגנזייטיקער ליבע אַזעלכע הענט — ברעכן זיי זיך ווייטיקדיק.

מע מוז מודע זיין, כֿאַריק האָט אונדז נית געגעבן צו הערן אין דער פֿולער מאָס דעם נעהעריקן אויפֿרייס בא אָט דעם צוזאַמענשטויס פֿון צערייצטן לייב און אַכמאַטאָווישער ווייכקייט, ווי לעמאָשל, מאַיאַקאָווסקי אין זיין „Облако в штанах". דערצוי האָט אים אויסגעפֿעלט מאַיאַקאָווסקיס ווונדערבאַרער לעקסיקאָן. אָבער כֿאַריק האָט דער ערשטער בא אונדז צו דער דאָזיקער טעמע זיך גענומען, גענומען זי אין איר געזעלשאַפֿטלעך-דראַמאַטישער טיף און געגעבן עטלעכע שטאַרקע לידער בא דער אַלגעמיינער שוואַכקייט פֿון דער פּאָעמע.

מע קאָן איצט זאָגן קימאַט ווי אַף פֿעסט: דער דראַמאַטישער עלעמענט פֿאַרנעמט דעם אויבנאָן אין כֿאַריקס שאַפֿן. דערפֿון נעמט זיך זיין שטענדיקער אומרו, וועלכער איז דער גרעסטער דאַמסוינע פֿונם פּלאַקאַטישן אָפּטימיזם, און וועלכן אייניקע באַשולדיקן כֿאַריקן. כֿאַריק קאָקעטירט אָבער נית ווי אַנדערע מית זיין ווייַ און אַזוי ציכטיק פּראָסט קלינגט זיין ווידע פֿאַר קומענדיקע דורעס:

„מיר האָבן דאָ די ציגל נאָר צעלייגט
און זיך אַליין אַוועקגעלייגט פֿאַר ציגל
ביזן טופֿן בלוט אַזוי געבענקט
פֿאַרמאָגן אויך צוויי אומרויקע פֿליגלען"...

אָטאָ די בענקשאַפֿט נאָך „צוויי אומרויקע פֿליגלען", מית וועלכע מע זאָל קענען פֿאַר אַ מאָל אַ ריס טאָן זיך אין דער הייך איז פֿאַראַן — יאָ זי איז פֿאַראַן באַם פּאָעט פֿון די „בלאָטעס" און „ברויט", און כֿאַריק באַהאַלט עס נית, דער ערדישער כֿאַריק שרייבט דענסטמאָל אָן אַזאַ סטראָפֿע:

„טריפֿט די נאַכט איר בלוילעכן טריף
און נייט אוף אין זילבערנעם דרימל.
טרייבט מיך די נאַכט ווי אַ שווימיקע שיף —
ווי ווייט איז פֿון מיר ביזן הימל?"...

ווייט, אַזוי! ווייט, ברודערל, נאָר מיר וועלן זיך אַרויפֿרייסן צו אַלדי שוואַרצע רוכֿעס!

## IV סטיליזירטער לעבן אדער לעבן-סטיל.

דער קאַמף צווישן דער מאַרקסיסטישער און אידעאַליסטיש-פֿאָרמאַליסטישער ליטעראַטור-קריטיק איז איינגטלעך טאַקע אַף אָט דער פֿייער-ליניע געגאַנגען: סטיליזירטער לעבן, אָדער לעבן-סטיל.

די קליינבירגערלעכע יערידע-ליטעראַטור פֿלעגט אַף פֿאַרשיידענע אויפֿנים זיך קלינן צו סטיליזירן דאָס לעבן, צוטראָגן דאָס לעבן אין עקסטראַקט-טאַבלעטקעס, מאַכמעס דאָס רוילעבן גופֿע איז איר געווען פֿרעמד און דערווידער. דערפֿאַר האָט זי אַזוי פֿיל מי אָפּגעגעבן דער פֿראַגע וועגן באַפּוצן איר סטיל, אויסצאַצקען אים, מאַכן אים וואָס אויסטערלישער. מע האָט

סטיליזירט לויט דער ביבל, לויט פּאַרציטיקער פֿאָלק=שפּראַך, מע האָט געזוכט עקזאָטישע סטילן, — דעם סאַך אָבער פֿונם פּאַשעטן דינאַמישן לעבן=סטיל האָט קיינער פֿון די יערידע=שרייבער ניט אַנטפֿלעקט.

הויבט איר אָן, אַפֿילע אויבנאויפֿיק (מיר האָבן דערווייל בלויז איין לידער=בוך זיינעם) נאָכצושפּירן כאַריקס סטיל, וועט איר טייקעף, אַז זיין סטיל איז ענג צונויפֿגעבונדן מיט זיין גאַנצער דיכטערישער לעבן=עמפּפֿינדונג — ער איז אויך אין מענטש, און געזעלשאַפֿטלעכן בויז, אין לעבן פֿאַרוועבט.

די דעקאַדענטישע פּאָעזיע האָט אַף אַזוי פֿיל פֿאַרטיפֿט דעם טהאָם צווישן פּאָשעטער און מענטשלעכער אומגאַנג=שפּראַך און דער ראַפֿינירטער פּאָעזיע=שפּראַך, אַז זייער פּאָעזיע איז געוואָרן אומפֿאַרשטענדלעך פֿאַרן מאַסן=לייענער.

כאַריק דער פּאָעט, ווען „עס ציט אַזוי צו מענטשן", האָט זיך געשטעלט אַפֿן וועג פֿון רעאַביליטירן אין דער פּאָעזיע די פּאַשעטע אומגאַנג=שפּראַך און דעם דינאַמישן סטיל פֿון לעבעדיקן מענטשלעכן געשפּרעך. דער גרונט=שטריך פֿונם לעבעדיקן מענטשלעכן געשפּרעך איז זיין דיאַלאָגישקייט, וואָס באַהעפֿט מענטשן און בינדט זיי צוזאַמען, ס'איז די געזעלשאַפֿטלעכקייט, די קאָמוניקאַטיוויקייט זיינע *). מאָרפֿאָלאָגיש דריקט זיך אויס דיזאָיקע קאָמוניקאַטיוויקייט אין צווייטן פּערזאָן פֿון צייטוואָרט און פּערזאָנוואָרט, אין דער ווענדונג=פֿאָרם, אין די פֿאָרמען פֿון פֿרעגן, באַפֿוילן א. אנד.

אָט דיזאָיקע רייד=פֿאָרם, וואָס גייט פֿונם סאַמען רוישיקן לעבן און איז דער פֿולשטענדיקער היפּעך צום אימפּרעסיאָניסטישן „לאָשן ניסטער" (דריטע פּערזאָן פֿון צייטוואָרט און פּערזאָנוואָרט) איז אין כאַריקס סינטאַקסיס די הערשנדיקע.

אַף יעדער זייט קימאַט פֿון כאַריקס לידער=בוך קאָנט איר געפֿינען אָטאָ די קאָמוניקאַטיווע פֿאָרם. איך וואָלט זיי געקאָנט ברענגען אָן אַ שיר:

1) „פֿאַרוואָס איז דאָ אַזוי פֿיל ליבע און יאָגטעניש אַף די נאַסן?"

2) „נאַט אייך רו, און נאַט אייך פֿרעמדן גליק!"

3) „ברידער, דאָס בין איך מיט אייך געפֿאַלן אַנגעבלטער".

4) „לויפֿן?... קיינער וועט ניט לויפֿן!"

5) „קאָפּ מיינער, מיין נאַרישער און מידער"...

כאַריק דערציילט ניט, כאַריק כאַלעמט ניט אימפּרעסיאָניסטיש — ער שמועסט שטענדיק מיט עמיצן, ער דאַרף האָבן זיין חבֿרותא, פֿון וועמען ער זאָל קענען מאָנען, ער זאָל קענען באַפֿוילן, ווענדן זיך, אויסרופֿן, פֿרעגן. ניט אומזיסט רעט כאַריק ווען פּאָעטן ווי ווען „טריבונען מיט האָריקע אַקסלען". כאַריקס סטיל איז דער סטיל פֿון אַ טריבון, וועלכער קאָן ניט באַגייסטערט ווערן אָן אַ גאָענטער, רוישיקער אַודיטאָריע. אַז ער האָט ניט קיין אַודיטאָריע רעט ער מיט זיך אַליין, אַזוי אָט — שטענדיק אין צווייען.

איך האָב געמאַכט אַ פּרוּוו איבערציילן די צאָל קאָמוניקאַטיווע סטראָפֿעס אין כאַריקס דריי פּאָעמען. אין דער מער עפּיש=דערציילערישער „מינסקער בלאָטעס" מאַכן זיי אויס 27% פֿון דער גאַנצער פּאָעמע, אין דער „וואָכעדיקער" פּאָעמע „ברויט" מאַכן זיי שוין אויס 52%, אין דער דראַמאַטיש=לירישער פּאָעמע „קאַטערינקע" — גאַנצע 80%.

כאַריקס לעבן=סטיל איז אָבער ווייניק בלויז אָטאָ די קאָמוניקאַטיווע פֿאָרם פֿון צווייטער פּערזאָן. כאַריק באַנוצט זיך זעלטן מיט דער אומדירעקטער רייד=פֿאָרם און ניט אָפֿטער די דירעקטע לעבעדיקע רייד=פֿאָרם — די פֿאָרם פֿון פֿרעמד=רייד. דיזאָיקע פֿאָרם איז בא כאַריקן די הערשנדיקע אינם גאַנצן לידער=בוך. איך קען ברענגען אַסאַך אַזעלכע ביישפּילן מיטן, כאַראַקטעריסטישן פֿאַר פֿרעמד=רייד, צווייפּונקט (:).

1) „מידערהייט אַ קלאַפּ טאָן אין אַ טויער:
— העי, כאַווייריס — ברידער, עפֿנט אפּ,
אָן איינענער — אַ רויטאַרמייער..."

2) „גוט — האָט ער געזאָגט — זאָל ברענגען!"

3) „און שפּעט באַנאַכט כ'קום צו זיך און זאָג זיך:
פֿאַרבלוטיקטער, מיין אומרויקער, יאָג!"

4) „דו זאָגסט: דאָס איז גאָרניט שאָפֿן"...

5) „און זיך אַליין אַ זאָג טאָן: אי דו נאַר"...

כאַריק זופּט מיט אַלע קוילעס איבערצוגעבן אין זיינע שורעס דעם דירעקטן אָטעם פֿון לעבעדיקער, אַקטיווער שפּראַך, וואָס דאַרף פֿאָרמעל פֿאַרקערפּערן זיין לעבעדיק=אַקטיוון קאָמוניקאַטיוון דיכטערישן „איך". און פֿיל ערטער ניט ער אויסגעצייכנטע ביישפּילן פֿון אַזאַ אַקטיווער געשפּרעך=פֿאָרם, מיט אירע אָפּגעהאַקטע פֿראַגן, האַלבע ענטפֿערן א. א. וו. איך וועל ברענגען דאָ אַזאַ ביישפּיל:

„דו זאָגסט: דאָס איז גאָרניט שאַפֿן, —
דו האָסט געשפּילט מאָצאַרטן?
זאָל זיין מאָצאַרט! איז וואָס? איז ווען?
אַז עפּעס רינט פֿון דיינע הענט
מיט אַזאַ קאַלטער צאַרטקייט"

גלענצנדיק מאַמעש אין זיין פּראָסטקייט איז איבערגעגעבן דער לעבעדיקער דיאַלאָג צווישן זיידן און איינקל אין דער פּאָעמע „ברויט":

„איז אָט, ווען מע האָט אין לופֿטן שוין געשניצט די קאָלאָנאַדע
האָט זיך איינער פֿון אונדז אויסגעגליטשט, אַ פֿאַל געטאָן און — נאַ דיר!
וואָס טוט מען איצט, ווו לויפֿט מען איצט?"...

אין אָט אָ די לעבעדיקע רייד=פֿאָרמען, ווי לעמאָשל, „איז אָט", „נאַ דיר" — ליגט די נוורע פֿון כאַריקס לעבן=סטיל.

אונדזער יונגע ליטעראַטור ליידט נאָך אַדהאַיעם פֿון איר, אַזוי צוזאָגן, דיאַלאָגלאָזיקייט, וואָס איז אַ פּועל=יוצא פֿון איר סכעמאַטישקייט — דעריבער איז דערדאָזיקער לעבעדיקער כאַריק=סטיל אַזאַ דערפֿרייענדיקע דערשיינונג.

אין זיין דראַנג נאָך דירעקטן לעבן=סטיל איז כאַריק אין פֿיל ערטער דערגאַנגען ביז צו אַן איינגאַרטיקער קינסטלערישער אַפּליקאַציע (אַרופּקלעפּן), אין סטיל פֿון יענע פֿוטוריסטישע מאָלער, וואָס פֿלעגן ניט אָנטרויען זייער פֿאַרב=אָרעמען פּענזל און אַרויפֿקלעפּן

*) זע אַרוואַטאַווס אַרטיקל אין „פּעטשאַט אי רעוואָלוציאַ", בוך I, 1923 יאָר: „מאַיאַקאָווסקיס סינטאַקסיס".

אַפֿן ליװנט שטיקער דירעקטע מאַטעריעלע זאַכן (פּאַפּיר, גלאָז, בלעך א. א. װ.). כאַריק װײַסט אױך, אַז די בעסטע ליטעראַרישע פֿאָרמען קאָנען אָפֿט ניט איבערגעבן דעם דירעקטן רײַעך פֿון רױערד, און כאַריק קלעפּט אײַן אין זײַנע לידער גאַנצע שטיקער רױ־לעבן.

אינם צװײַטן ליד פֿון „מינסקער בלאָטעס" קלעפּט אַרױף כאַריק אַף אַזאַ אױפֿן אַ רױע פֿאָלקליד, װאָס דאַרף איבערגעבן דעם לייענער דעם דירעקטן אָטעם פֿון אַ מינסקער װאַרשטאַט.

באַם בױען, באַם הובלען, באַ דער דראַטװע, באַ דער נאָל

זינגט מען הױך און זינגט מען הײם און אַלע מיטאַמאָל:
– אַי – אַי – אַי – אַי— יאָשקע פֿאָרט אַװעק,
לאָמיר זיך צעזעגענען – דער פּאָיעזד פֿאָרט אַװעק"...

אין דערזעלבער פּאָעמע, אינם פֿינפֿטן ליד װערט אַף אַן ענלעכן אױפֿן אַרױפֿגעקלעפּט דאָס מאַרקישע:

– װײבער
– װײבער
– אַ מעציע פֿיש!

דעמזעלבן כאַראַקטער פֿון קינסטלערישער אַפּליקאַציע טראָגן אױך די רוסישע שורעס אין דער סטראָפֿע:

אַלמאַטאַװעס טרױער געפֿעלט דיר, –
טאָ טרױער מיט סאַמעט פֿון בליק:
Я на правую руку надела
Перчатку с левой руки

דערדאָזיקער סטיל אַלס דירעקטער לעבן־סטיל באַפֿרוכפּערט אונדזער דיכטונג, אַקטיװיזירט זי, פֿאַרגעזעלשאַפֿטלעכט זי, — עס איז אָבער גלײַכצײַטיק אַ געפֿערלעכער סטיל. ניט אַלץ, װאָס לעבט, איז לעבן־סטיל. דער דיכטער דאַרף אָפּקלײַבן דאָס יאָדערדיקע, דאָס צענטראַלע. װען דאָס ניט זיך אים ניט אײַן, דענסטמאָל װערט זײַן שפּראַך אַ טרוקענע, פּראָזאַישע, ריטאָרישע און שעדלעכן זין פֿון װאָרט.

מאַיאַקאָװסקי, װעלכער שטאָלצירט אַזױ מיט זײַן „פּראָזאַישן" סינטאַקסיס, איז טאַקע אָפֿט צײַטונגמעסיק, פֿעליעטאָניסטיש. דאָסזעלבע געשעט מיט פֿעפֿערס „באָרװעסע רײד" און דאָס טראָט אױך כאַריקן.

בעשאַס כאַריק, לעמאָשל, שרײַבט אין סטיל פֿון אַ טעזיס אין „עמעס", אַז

„יאָ, ס'איז פֿאַראַן אַ געפֿאַר:
מיר קענען נאָך בלײַבן באַרוטע"...

איז אין אָט דעם „יאָ, ס'איז פֿאַראַן אַ געפֿאַר" טאַקע „פֿאַראַן אַ געפֿאַר" פֿון טעזיס־אָפּנױג באַ כאַריקן, און דאָס איז ניט גוט.

אַן ענלעכע געפֿאַר פֿון פּראָזאַיזם שטעקט, לעמאָשל, אין אַזעלכע שורעס, װי

„נאָר דו יונגער, נאָר אין יוגנט און אין קרײַזן,
קראַנק ביזטו צו זײַן געזונט און שטײַף"...

אָטאָ דער קאַלאַמבור־סטיל („קראַנק ביזטו צו זײַן געזונט"), איז זײַער ניט געזונט פֿאַר אַזעלכע טיף־לירישע לידער, װי „לידער װעגן לידער".

צוליב דערזעלבער סיבע פֿון אױבנאױפֿיקן דיכטערישן אָפּקלײַב פֿאַלט כאַריק אַרײַן, האַגאַם זעלטן, אין איפֿגעבלאָזענע פּאַטעטיק, פֿון װעלכער ער דאַרף זיך באַזונדערס היטן, מאַחמעס פֿון רעװאָלוציאָנערן פּאַטאָס ביז איפֿגעבלאָזענער פּאַטעטיק איז בלױז אײן טראָט. לעמאָשל, אַזעלכע שורעס:

נײן איך װיל ניט, נײן, איך װיל ניט. נײן און נײן
בעסער נעמט צעזעצט מיך אָן אַ שטײן
אײדער אױסזעצן די שײבן פֿון מײַן הארצן"...

ביפֿראַט נאָך, אַז דאָס בילד „צעזעצט מיך אָן אַ שטײן", איז שױן אױסגענוצט געװאָרן זײער שטאַרק באַ א. שװאַרצמאַנען.

כאַריק דאַרף זיך אָפּהיטן אױך פֿון איבערכאַזערן זיך גופֿע. דער באַגריף „רײַסן—רײַסן זיך" כאַזערט זיך איבער, לעמאָשל, אין כאַריקס לידער־בוך אַזױ אָפֿט, אַז עס פֿאַרליִרט אַ באַדײַטנדיקן טײל פֿון זײַן עמאָציאָנעלער אױפֿרײַס־קראַפֿט.

1) "עס רײַסט דאָס הארץ"
2) הערצער רײַסן זיך"
3) „עס רײַסט, עס זינגט"
4) „עס רײַסט, עס ציט"
5) „ס'קאָן די ערד אַ ריס טאָן זיך"
6) „קאָן די נאַכט אַ ריס טאָן זיך"
7) „עס רײַסט אין מיר עס ציט" א. א. װ. א. װ.

אַפֿן זעלביקן אױפֿן װערט מױרעדיק אָפֿט איבערגעכאַזערט דער באַגריף „אומרו—אומרויִקער" און כאַריקס באַליבטע פֿאָרם „אַז":

1) „אַז װי קען גאָר פֿאַרגײן אַזאַ מין הארבסט"
2) „איך גײ, אַז װוהין זאָל איך גײן?"
3) "און װען ס'װעט װערן שװער.... אַז װי קאָן װערן שװער?" –

די דאָזיקע איבערכאַזערונגען װאַרפֿן זיך שאַרף אין די אױגן און פֿאַטערן אָפֿטמאָל די שטימונג. כאַריק מוז באַרײַכערן זײַן שפּראַך און זײַן זאַץ־קאָנסטרוקציע װי רײַך און פֿילפֿאַרביק עס זײַנען זײַנע מאָטיװן.

צום סאָף אַ פּאָר װערטער װעגן דער ראָל פֿון דער „קינסטלערישער דעטאַל" אין כאַריקס פּאָעזיע. די „קינסטלערישע דעטאַל" איז אײנע פֿון די װיכטיקסטע שילדערונג־מיטלען באַם קינסטלער. אונדזערע קלאַסיקער האָבן געקאָנט מיט אײן דעטאַל („אַ יאָרעריק ייִדל, אַ געשפּיקעװעטער, מיט אַ דיק בײַכל" — פֿון מענדעלעס פּאָרטרעטן) געבן אַ פֿולן פּאָרטרעט.

װי אָפּעריִרט דערמיט כאַריק?

דאָס 15־טע ליד פֿון „מינסקער בלאָטעס", װאָס הײבט זיך אָן מיט דער שורע „אַ לעצטע ברעט פֿון לעצטן פּלױט", די מאַמע מיטן קינד אינם 4־טן ליד פֿון „ברױט", דער ציגאַר, װאָס װערט פֿאַרלאָשן אַף פּראָסטיקע פֿעלדער (פֿון װינטער־לידער) — דאָס אַלץ זאָגט אײדעס, אַז כאַריק האָט אַן אױג אױך פֿאַר אָט דעם, האַגאַם ער האָט עס נאָך ניט אינגאַנצן באַהערשט.

אַנשטאָט דער קינסטלערישער דעטאַל, װאָס דאַרף דיכטעריש דערהײבן דעם קלײנלעכן לעבן־פֿאַקט און קאָנדענסירן אים, באַנוצט אָפֿטמאָל כאַריק דעם ריאַליסטישן סימבאָל. דער אַלטער כאָרעװער פּאַלעץ אין „ברױט", דער פֿאָרטעפּיאַן אין „קאַטערינקע", דער סאָד באַהאָנגען מיט פֿרוכט (אין ליד „צו אונדז אין סאָד") —

דאָס זיינען אייגנטלעך אַלץ רעאַליסטישע סימבאָלן, וואָס די רוסישע רעוואָלוציאָנערע נעאָ־רעאַליסטן באַנוצן גאַנץ אָפֿט, קעדיי צו פֿאַרטיפֿערן די דיכטערישע פּערספּעקטיוו (לעמאָשל, באַם רוסישן שרייבער ניעוועראָוו).

דאָס זיינען ניט קיין מיסטישע סימבאָלן, אין סטיל פֿון „קויהאַניס אין פֿאָלק" — דאָס איז אַ דיכטעריש־דערהויבענער „ביינערדיקער שטייפֿער וואָר".

דאָס גרויסע פּינס דאָזיקן „ביינערדיקן וואָר" האָט אונדז געבראַכט איזי באַריק — דער יינגסטער, דער ערדישסטער צווישן אונדזערע דיכטער. דער בעסטער מאָטאָ פֿאַר זיין בוך „אויף דער ערד" וואָלט דערפֿאַר טאַקע געווען:

„איז דער יינגסטער, אַ פֿלינקער אַראָפּ אויף דער ערד"

אַראָפּ אויף דער ערד — אויף שטיינער און אויף וואַקסן!

— — ——————.

י. ליובאָמירסקי.

# דער אלטער און נייער אקטיאר.

(פון מייערכאלדס טעאַטראַלע גילגולים).

## I. אונדזער טעאטער-פלאָנטער.

### צו האָבן מיר אַ טעאַטער־וויסנשאפט?

אין קיין שום קונסט האָט איר ניט אַזאַ מעשוגעדיקן מישמאַש פֿון מיינונגען, ריכטונגען, סיסטעמען, געזעצן, מעטאָדן, ווי אין דער טעאַטער־קונסט.

עמעס, די טעאַטער־קונסט איז אַ האַרבע זאַך פֿרייער פֿאַר אַליין דערפֿאַר, וואָס דאָס איז אַ סינטעטישע קונסט. איר האָט דאָ:

קונסט פֿון וואָרט (סצענאַרי, דראַמאַטורגישער שטאָף).

קונסט פֿון מאַלעריי (דעקאָראַציע, קאָסטיום־שפּיל פֿון ליכט און שאָטן).

סקולפּטור (פּאָזע און זשעסט פֿון אַקטיאָר).

מוזיק (די אינטאָנאַציע, די מעלאָדיע פֿון דיאַלאָג, די מוזיקאַלע באַגלייטונג).

דאָס איז אָבער אַ קנאַפּער טערעץ.

די קונסט פֿון קינאָ, וואָס איז סאַך־הכּל 30 יאָר אַלט, איז אויך אַ סינטעטישע; דאָך קען מען דערגיין באַ איר געזעצן, מעטאָדן, און עס הייבט שוין אָן זיך אויסשיילן אַפֿילע אין אַזאַ יונגער קונסט, — אַ וויסנשאַפֿטלעכע באַגרינדונג.

פּרוווט אָבער אַריינדרינגען אין אונדזערע טעאַטראַלע שיטעס— און דאַפֿקע באַ די „גדולי־הדור", באַ אונדזערע טעאַטראַלע טאָנגעבער, סטאַניסלאַווסקי, מייערכאָלד, א. א. — וועט איר זיך אין אַ קורצער צייט אַרומקוקן, אַז קיין טעאַטער־וויסנשאַפֿט האָבן מיר קימאַט ניט. עס איז פֿאַראַן אַסאַך טעאָרעס, שטרעמונגען, אָבער קיין שום קלאָרע מעטאָדאָלאָגיע.

### אַ מאַיסע מיט הינערפלעט.

שטעלט זיך פֿאָר, לעמאָשל, אַזאַ מאַיסע: אַ מענטש, וואָס האָט געשמאַק שטודירט טעאַטער און איז אויסגעקאָכט אין אַלע טעאַטראַלע „שיטעס", איז אין אָנהייב 1922 יאָר, נאָך דער פֿאָרשטעלונג פֿון „וועליקאָדושני ראָגאָנאָסעץ" (גרויסמוטיקער הערנער־טרעגער) אין „מייערכאָלד־טעאַטער", — אַריינגעפֿאַלן אין אַ טיפֿן הינערפלעט (לעטאַרגישן שלאָף). אין 1926 יאָר האָט ער אויפֿגעוואַכט, זאָל מען נעמען די פֿאָרשטעלונג „דער לערער בובוס", ווי מען שפּילט זי באַ מייערכאָלדן, און אַריבערטראָגן זי אין אַ צופֿעליקער טעאַטער־געביידע, ספּעציעל צוליב דעם מענטשן, וואָס איז געווען אין הינערפלעט, און זאָל מען פֿרעגן נאָך דער פֿאָרשטעלונג אָטאָ דעם געפֿעש: „טרעף, וועלכער טעאַטער האָט די פֿאָרשטעלונג געשטעלט, וועלכער רעזשיסער האָט די פֿאָרשטעלונג קאָמפּאָנירט?"

וועט ער זיך אָנהייבן ברעכן דעם מוייעך:

זאָל איך זאָגן, אַז דאָס האָט דער מאָסקווער קונסטלערישער טעאַטער די פֿאָרשטעלונג באַשאַפֿן — ווי זשע קומט אַהער אַזאַ מעשונע־מאָדנע דעקאָראַציע — ניט קיין ווענט, ניט קיין טירן, ניט קיין מעבל, נאָר אַ האַלב־קיילעכדיקע וואַנט פֿון באַוועגלעכע באַמבוק־שטעקלעך? אַזאַ זאַך איז ניט שייך צום מאָסקווער קונסטלערישן טעאַטער, וואָס האָט ליב אַ קאָנקרעטע נאַטוראַליסטישע אומגעבונג נעבן אין ספּעקטאַקל.

זאָל איך זאָגן, אַז דאָס איז אַ מייערכאָלדיש שטיקל אַרבעט — ווי זשע קומען אַהער אַזעלכע מעשונע־מוירעדיקע פּויזעס, אַזעלכע שטימונגען, פּסיכאָלאָגישע גריבלענישן, אַזאַ אויסגעפּוצטער אוילעם אין פֿראַקן, צילינדערס, אַזוי פֿלייסיק פֿאַרגרימירט? מייערכאָלד האָט דאָך דאָס אַלעס שוין לאַנג פֿאַרוואָרפֿן און לאָזט ארויס די אַקטיאָרן זיינע אין בלויע אַרבעטער־קאָסטיומען, און אַלע יעוואָנים האָבן באַ אים איין פּאָנים.

„אָסער — וועט זאָגן דער אויפֿגעוואַכטער געפֿעש — „אויב איך וויים, צו וואָס פֿאַר אַ טעאַטראַלער ריכטונג דער ספּעקטאַקל געהערט".

און אַזעלכע ביישפּילן קאָן מען ברענגען צענדליקער.

### דער טעאַטראַלער באַלמויפּעס.

דער ריכטיקסטער מוסטער פֿון אונדזערע טעאַטראַלע ווידערשפּרוכן איז טאַקע מייערכאָלד אַליין.

ווען מען זאָל נעמען נאָר מייערכאָלדן אַליין, די טעאַטראַלע עטאַפּן זיינע, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט, איז פּאָשעט ניט צו גלויבן, אַז איינער און דערזעלבער מענטש זאָל זיין אַ טרעגער פֿון אַזעלכע, און טאָך קעגנזעצלעכע טעאָריעס און אַפֿילע וועלט־אַנשויונגען — מאַמעש גאַנצע וועלטן אויפֿגעבויט און כאָרעוו געמאַכט.

איך בין אַ באַלן דאָ טאַקע באַלד אילוסטרירן מייערכאָלדס וואַנדערבאַרע גילגולים. קעדיי דאָס זאָל זיין בוילעט און קלאָר, וועל איך דערווייל אָדער איגנאָרירן באַזונדערע אַנגאַנצן באַזייטיקן אָדער פֿון צייט צו צייט נאָר עטוואָס באַרירן זיינע באַציִונגען צו די דעקאָראַטיווע פּרינציפּן פֿון ספּעקטאַקל און צום דראַמאַטורגישן שטאָף.

איך נעם בלויז זיין קוק אויף דער ראָלע פֿון אַקטיאָר אין זיין טעאַטער, אייגנטלעך, ניט נאָר זיין קוק, נאָר דעריקער, ווי אַזוי ער האָט אויסגענוצט דעם אַקטיאָר צוליב זיינע צילן.

## II. מייערכאָלד אין די אידעאַליסטישע הימלען.

### דער אַקטיאָר אין סטיליזירטן, מיסטישן טעאַטער.

ווער פֿון אונדז געדענקט ניט די באַרימטע סטיליזירטע פֿאָרשטעלונגען — „דעם מענטשנס לעבן“ אַנדרעיעווס און בלאָקס „באַלאַגאַנטשיק“, ווו דער אַקטיאָר האָט קיין איין ברויזנדיקן מענטשן־געפֿיל, קיין איין קאָליקע באַוועגונג ניט געטאָרט ווייזן; ווו „דער ושעסט האָט געדאַרפֿט זיין איינטאָניק, מעסוקן־איינגעהאַלטן, מינימאַל“; ווו „די ווערטער־קלאַנגען בײַ דעם אַקטיאָר האָבן געדאַרפֿט הילכן, ווי טראָפּנס וואַסער, וואָס פֿאַלן אין אַ טיפֿן ברונים“ *); ווו ניט קיין לעבעדיקע מענטשן, נאָר שאָטנס בעצורעס מענטש, פֿאַרקערפּערטע קלישעס האָבן געשוווּמען לאַנגזאַם איבער דער בינע.

### דאָס רעכטע פּינטעלע פֿון מיסטישן טעאַטער.

דאָס איז געווען אַ צייט, ווען די רוסישע אינטעליגענץ פֿון מיטלשטאַנד האָט זיך געפֿילט, ווי אין אַפּגעשמיסענע הוישאַנע: אין דער רעוואָלוציע זיך אַנטוישט, פֿון פֿאָלק־מאַסן אָפּגעריסן, קיין פּערספּעקטיוון פֿון רעאַלן שאַפֿן פֿאַר זיך ניט געזען — האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן אין שוים פֿון מיסטיק, דערקוויקן מיט ניסן סאַם די פֿאַרכאַלעשטע נעשאָמע.

קימאַט די זעלבע אינטעליגענץ, וואָס האָט נאָר וואָס געזונגען: „ניין, קיינער וועט אונדז ניט באַפֿרייען, ניט גאָט אַליין... מיט אונדזער אייגענעם קלייזאַיען אַ רעטונג ברענגען מיר די וועלט“... — די זעלבע אינטעליגענץ האָט זיך אַלאָז געטאָן צום אַלטן גרגבישן גאָט — פֿאַטום, צו דער בלינדער סטיכיע.

דאָס איז געווען אין די יאָרן 1908—1907, ווען מעטערלינקס מיסטישע אידייען האָבן אין גיפֿענגעניש גענומען מייערכאָלדס טעאַטראַלן ושעני, ווען אַ היפּשער טייל פֿון דער רוסישער אינטעליגענץ, מיט מייערכאָלדן בעראָש, האָט גערעכנט, אַז „מעטערלינקס מיסטיק — דאָס איז די עמעסע הײם פֿאַר די רעליגיעזע הימלאָזע, וואָס האָבן שוין די קירכע הינטער זיך“, און אַז „דער טעאַטער איז דאָס ריכטיקסטע אָרט פֿאַר דער דערלייזונג פֿון רעליגיעזע פֿראַגן“.

און אַזוי ווי מעטערלינק אַליין האָט אַנערקענט, אַז „אין גרונט פֿון זיינע דראַמען ליגט די אידייע פֿון קריסטלעכן גאָט צוזאַמען מיט דער אידייע פֿון אוראַלטן שיקזאַל (פֿאַטום), איז שוין ניט שווער צו פֿאַרשטיין, וואָס פֿאַר אַ דראַמע מייערכאָלד האָט געפֿאָדערט אין יענער צייט:

„דער אַוטאָר, וואָס שרייבט די מיסטישע דראַמע — זאָגט מייערכאָלד — דאַרף באַנעמען די ווערטער און טרערן פֿון מענטשן, ווי אַ פֿאַרדומפּענעם פֿאַרטויבטן גערויש, ווייל זיי — די ווערטער און טרערן — פֿאַלן אין אַ טיפֿן אָפּגרונט. מענטשן בײַם אַוטאָר דאַרפֿן האָבן אַזאַ אויסזען, פּינקט ווי דער אַוטאָר זאָל זיצן הויך־הויך, פֿון יענער זייט וואָלקן — עפּעס ווי פֿינקען, וואָס קוים־קוים זיי לויכטן, שעמערירן.

און ער, *דער אַוטאָר פֿון דראַמע*, וויל מיטן אייער אויפֿכאַפּן עטלעכע ווערטער, וואָס דריקן אויס האָפֿענונג, מיטלייד און דעם שרעק פֿון זייערע נעשאָמעס — און שילדערן אונדז, ווי *אַלמעכטיק איז דער שיקזאַל, וואָס האָט צושאַפֿן איבער אונדזער גורל*“ (וו. מייערכאָלד, „ערשטע פּרוּוון צו שאַפֿן אַ סטיליזירטן טעאַטער“, זייט 163).

### פֿאַרוואָס איז דער אַקטיאָר אַנטלאָפֿן פֿון מיסטישן טעאַטער.

און באַלד, אַז דער איקער אין טעאַטער איז דאַן געווען — שילדערן די אַלמעכטיקייט פֿון וועלט־שיקזאַל און די גישטיקייט און קליינלעכקייט פֿון מענטשן לעגאַבע דעם שיקזאַל, איז די ראָלע פֿון אַקטיאָר געוואָרן אַ גאַנץ באַשיידענע: ניט זיין קיין שטאַרקע פּערזענלעכקייט, וואָס טראָגט אין זיך אַ גאַנצע וועלט פֿון שטאַרקעליידנשאַפֿטן, ווידערשפּרוכן, אַרויסוואַרפֿן פֿון קאָפּ, אַז דער מענטש דאָס איז איבערשטע פֿון שטייסל — דער „בחיר היצורים“, נאָר — פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַ טויטן סימוואָלישן צייכן, אין אַ סצעניש מיסטישע פֿאַרקערפּערונג.

פֿאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ העלע אַרטיסטישע פּערזענלעכקייט, ווי וו. קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ, האָט געמוזט אַנטלויפֿן פֿון מייערכאָלדס סטיליזירטן טעאַטער און נאָך איר — די איבעריקע אַקטיאָרן, וואָס האָבן ניט געוואָלט אויסשפּייען זייערע אַרטיסטישע טעמפּעראַמענטן שאַפֿונגס־ענערגיע און *פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַ מאַריאָנעטקע*, כאָטש אַפֿילע מיט אַ מיסטישן אונטערשלאַק.

### מייערכאָלד אין מעלוכע־טעאַטער פֿאַר דער רעוואָלוציע.

אַ גאַנץ אַנדערע באַציִונג צום אַקטיאָר ווייזט מייערכאָלד אַרויס אין די יאָרן פֿון 1908 ביז דער רעוואָלוציע, ווען ער איז געוואָרן רעזשיסער פֿון מעלוכע־טעאַטער — אימפּעראַטאָרישער אַלעקסאַנדרינער דראַמע און מאַריאינער אָפּערע־טעאַטער אין פּעטערבורג. דאָס איז געווען אַ צייט, ווען מייערכאָלד האָט זיך אַריינגעטאָן מיט לייב און לעבן אין רעסטאַווראַציע, ווידערופֿשטעלונג דעם טעאַטער פֿון דער עפּאָכע פֿון לודוויק דעם XIV.

אין דעם טעאַטער האָט ער זיך געשטעלט אַן אויפֿגאַבע ניט אַזוי סימוואָליזירן די שווערע האַנט פֿון שיקזאַל, ווי שאַפֿן אַ פּריצישן קאַרנאַוואַל, אַ יאָנטעוודיקן ספּעקטאַקל, ווו סאַמעט און זייד, שפּיצן נעהעפֿטע (קרוזשעוועס), בריליאַנטן, גאָלד און זילבער האָבן מאַמעש די אויגן געבלענדעט.

---

*) די ווערטער, וואָס אין געגרדון־פּיסלעך, ווינען ציטירט פֿון מייערכאָלדס אַרטיקל.

דער הויפּט־ושאַנר איז געווען — לײַכטקײַט און גראַציע; דער פֿאַלשער שמײכל, די געפֿעלשטע באַוועגונג, וואָס האָט ניט אַנטשפּראָכן דעם אינווייניקסטן זין פֿון האַנדלונג, דער אָנשטעל, די צערעמאָניע.

## דער אַקטיאָר אין פּריצישן טעאַטער.

נו, און דער אַקטיאָר? — דער אַקטיאָר איז שוין ניט געווען מער בײַ מייערכאָלדן דער לעבעדיקער סימוואָל, די פֿאַרמאַרעשפֿירטע מאַריאָנעטקע — ער איז שוין געוואָרן אין די הענט פֿון רעזשיסער אַ געצײַג צו מאַכן פֿאַרשיידענע אָנשטעלן — דעם אוילעם צו פֿ אַ ר ווײלן.

אָט איז ער אַ לײַכטזיניקער דאָן־זשואַן, וואָס דרייט זיך אַזוי בײגעוודיק און ריטמיש, מאַכנדיק באַוועגונגען, וואָס דריקן ניט אויס דעם זין פֿון זײַן האַנדלונג, פֿאַרשטעלנדיק זיך פֿאַר אַ הייסן ליבהאָבער; אָט איז ער אַ מאַסקע פֿון מאָליערס טעאַטער, וואָס מאַכט טשיקאַווע שטיק — אַמוזירט דעם אוילעם, אָט זײַנען זיי פֿאַרגרימירטע אַראַפּן (מאָרן), וואָס שטעלן איבער די סצענישע אַקסעסואַרן בײַ אָן אָפּעגעם פֿאָרהאַנג, דער צושויער זאָל שטענדיק פֿילן, אַז דאָס איז ניט מער, ווי אַ „פֿאַרשטעלונג“.

האַקלאַל, דער אַקטיאָר האָט ניט געדאַרפֿט אַרויסרופֿן ניט קיין מיטגעפֿיל צו די לײדן און פֿרײדן, וואָס ער שילדערט, ניט קיין מיסטישן שוידער, נאָר בלויז עסטעטישע עמאָציעס.

דער אַקטיאָר איז דאָ געווען אַ מין צוגעפּוצט באַוועגלעך מעבל, באַוועגלעכער און רײדנדיקער אַקסעסואַר, קימאַט אַ סטאַטיסט פֿון אַ הערלעכן באַל.

## די בינע מיטן צושויער־זאַל פֿון איין גוס

אינטערעסאַנט איז, וואָס די בינע איז געווען דעקאָרירט אין די טענער, וואָס דער צושויער־זאַל — נאָלד מיט סאַמעט. און אויף דער פֿאָדערשטער טייל פֿון בינע — אויף דער אַוואַנסצענע האָט מייערכאָלד צוגעמאַכט ספּעציעל אויסלויפֿע שפּיגלען, אַז דער צושויער־זאַל זאָל אָפּשפּיגלען זיך אין זיי אין, אַזוי אַרום, זיך צונויפֿגיסן צוזאַמען מיט דער בינע. און העיוס, ווי דער צושויער־אוילעם, איז געווען אוי סערלעך פֿון דעמועלבן שניט, וואָס די שוישפּילער אויף דער בינע, האָט זיך באַקומען די בינע מיטן צושויער־זאַל איין גוס.

## דער אַקטיאָר—אינערלעך פּוסט

און דער אַקטיאָר איז געווען פּינקט אַזאַ שײנע אינערלעך־פּוסטע צאַצקע, ווי דער צושויער. דאָס איז געווען גאַנץ נאַטירלעך: ווײַל דער סאָרט צושויער האָט נאָר פֿון אַקטיאָר קיין באַזונדערע שעפֿערישע בעריעשאַפֿטן ניט געדאַרפֿט און ניט געפֿאָדערט. ער — דער צושויער — פֿלעגט קומען אַהער ניט צוליבן ספּעקטאַקל, נאָר צוליב דעם אוילעם באַקאַנטע אַדעליקע, מיט וועלכע ער האָט געדאַרפֿט צוליב דעם אָדער יענעם ציל זיך זעען. דער אַקטיאָר האָט אַזוי אַרום קיין סטימול, קיין שטויסקראַפֿט ניט געהאַט צו שאַפֿן און צו אַרויסווײַזן זײַן „איך“. ער האָט געוווּסט, אַז ער איז אַ ד ע ק אָ ר אַ צ י ע. שוין אָפּגערעט, פֿאַרשטייט זיך, אַז דער אַקטיאָר האָט דאָ אַבסאָלוט ניט געקאָנט זיך באַטראַכטן, אַלס אַן אָנזאָגער פֿון נײַע געזעלשאַפֿטלעכע אידעאַלן, אַלס אַ קײלע, וואָס קאָן פֿאַרזייען אין צושויער־אוילעם קערענדלעך פֿון פּאָליטישן אומרו...

## דער הויפּטנערוו פֿון עכטער טעאַטראַלישקייט לויט מייערכאָלדן.

אייגנטלעך, איז אָט־אָ די באַציִונג פֿון מייערכאָלדן צו טעאַטער, ווי צו אַן אָרט פֿון פֿאַרווײלונג, פֿון יאָנטעוודיקײַט, פֿון אויסטערלישע אײַנגאַרטיקע עמאָציעס אַזוי טיף אײַנגעוואָרצלט אין זײַן גאַנצן וועזן, אַז ביז איצט ווערט ער אין דער הינזיכט פֿון צײַט צו צײַט געשטרויכלט. נאָך אין 1919 יאָר ציטירט ער אין איינעם פֿון זײַנע אַרטיקלען, ווי ער פֿאָרמולירט דאָס עכט־טעאַטראַלישע, — דעם איטאַליענישן פֿוטוריסט מאַרינעטטי: „קעדיי דער טעאַטער זאָל אויפֿמונטערן דעם צושויער, דאַרף מען ברויכן אַלערליי עקסצענטרישע שטיק, פֿאַרשיידנאַרטיקסטע קאָנקרעטיקע עפֿעקטן: אָנשמירן אַ שמעק־טאַבעק אויף די ערטער, דער נאַנצער זאַל זאָל אָנהויבן ניסן; בעקיוון מאַכן אַ מישמאַש מיט די נומערן פֿון די בילעטן, ד. ה. צושטעלן די שטולן פֿון זאַל פּונקט קאַפּויר, דער צושויער זאָל אַרומלויפֿן זוכן זײַן אָרט און עס זאָל זיך דערווײַל פֿאַרקאָכן אַ כאַסינקע, אַ שטיקל סקאַנדאַל; אַקטיאָרן זאָלן מאַכן מעשוגענע שטיק און מאַכן אַזוי אַרום אַ פֿריילעכע שטימונג; באַזעצן אַקטיאָרן צווישן אוילעם — זיי זאָלן אינמיטן שפּילן אויפֿהויבן אַ טומל; שיסערײַ (דאָס לעצטע האָט נאָך אַדהאַיעם מייערכאָלד ליב באַנוצן אין יעדן ספּעקטאַקל זײַנעם); האַקלאַל טאָן קאָלערליי זאַכן, אַבי דעם אוילעם ניט לאָזן פּאַסיוו און שלעפֿעריק אויסזיצן אין טעאַטער.

## III. מייערכאָלדס מאַטעריאַליסטישער צוגאַנג צום טעאַטער.

אַ טייל פֿון די פּרינציפּן, וואָס מיר האָבן דאָ אָנגעוויזן, זײַנען אַריבער ביז׳ערושע אַפֿילע צום איצטיקן מייערכאָלדן, נאָר די אַלגעמיינע שטעלונג זײַנע אין טעאַטער־פֿראַגן האָט זיך ראַדיקאַל געענדערט, אָנהויבנדיק פֿון 1920 יאָר, ווען ער איז אַלס קאָמוניסט געוואָרן פֿריער דער אָפֿיציעלער פֿירער און דערנאָך דער ניט אָפֿיציעלער פֿירער אין ווענוויזער פֿון אונדזער טעאַטראַלן וועזן.

## אַ נײַע טעאַטראַלע שיטע.

דאָס זעט מען שוין פֿון די טעזיסן, וואָס ער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אויף אַ דיספּוט וועגן טעאַטער דעם 20 דעקאַבר.

ערשטנס, קאָנסטאַטירט ער: א) רעכענען, אַז קונסט האָט קיין שום שײַכעס ניט צו פּאָליטיק — איז אַ גראָבער טאָעס, פּאָשעט אַן אַבסורד (אַן אומזין). עלעמענטן פֿון פּאָליטיק רײַסן זיך סײַ ווי סײַ אַרײַן אין טעאַטער, און זיין אַלטעגלעכן שאַפֿן, מיט גוואַלט — צי עס וויל, צי עס וויל ניט דער טעאַטער. ב) די טעאַטראַלע קולטור, וואָס די רעוואָלוציע האָט געירשנט בײַ דער בורזשואַזיע, געפֿינט זיך אין יערידע־צושטאַנד, ווײַל דער אַקטיאָר, צום בײַשפּיל, פֿון רעגירונגצושטאַנד איז געוואָרן אַ באַלעבעסל, אַ טשינאָווניק, ער האָט פֿאַרלאָרן זײַן אומרויִק־זוכעדישן טעמפּעראַמענט, וואָס פֿלעגט זײַן אַ פֿרײַשער קוואַל פֿון זײַן שאַפֿן.

דערפֿון שטאַמען שוין די איבעריקע בעסרוינעס: וואָס ער איז צעקראָכן, וואָס ער האָט פֿאַרלאָרן די בעסטע טעאַטראַלע טראַדיציעס, וואָס ער האָט ניט קיין אָריגינעלן, אינדיווידועלן פּאַרצעף, וואָס זײַן שפּיל טראָגט אַ כאַראַקטער פֿון שטאַמפּ.

„נידער — זאָגט מייערכאָלד — מיט די פּאַלײמעס און מיט דעם אַפּאָלאָנישן דרימל אין קונסט און זאָל לעבן דער בונטאַרישער און אימפּעטפולער גייסט פון דיאָניס!“ *).

דער צוקונפטיקער טעאַטער און, פאַרשטייט זיך, דער אַקטיאָר דאַרף שעפּן זיין שאַפונג־שעפע פון פיזישער קולטור, פרייִדיקער פאַשטעס, זוניקער העלקייט, מונטערקייט און שטרעבונג צו אַלוועלטלעכער ברידערלעכער אייניקייט“.

ווי איר זעט, איז דאָ מייערכאָלד לאַכלוטן אַראָפּ פון הימל אַף דער זינדיקער ערד. ער באַטראַכט שוין ניט דעם אַקטיאָר, ווי אַ מיסטישע הוישאַינע, אָדער ווי אַ פאַרווײלונג־צאַצקע, אַ מין באַלאַגאַנישעס טײוול־פענכעל, וואָס מען בלאָזט עס אָן און עס לאָזט אַרויס אַ האַרצרייסנדיקן אויסגעשריי צום גרויס פאַרגעניגן פון קינדייסים ווייסעבעווערניקעס.

## דער אַקטיאָר—אַן אַרבעטער.

מייערכאָלד ווערט שוין אַ מאַטעריאַליסט בעגינייע צום אַקטיאָר, און דאָס דריקט ער אויס אויך אין זיין רעדע אַף דער אַלרוסלענדישער קאָנפערענץ פון קונסט־פאַרוואַלטער אין 1921 יאָר: „פריִער איז געווען קימאַט אַ געזעץ, אַז דער קינסטלער, דער אַקטיאָר דאַרף זיך פאַרלאָזן בלויז אַף דער באַגייסטערונג, אַף דער אינטויציע, וואָס האָט געדאַרפט אים געבן אַ שטויס צום שאַפן. — איצטיקער, מאָדערנער קינסטלער, אַקטיאָר ווערט פּאָשעט אַריינגעצויגן אין אַרבעט־פּראָצעס אַף ראַציאָנאַליסטישע יעסוידעס, און אַזוי אַרום ווערט ער אַ פּראָדוציִרער פון אינטעלעקטועלע ווערטן“, ד. ה. ער איז שוין ניט מער אַ קיהען פון קונסט, נאָר אַן אַרבעטער.

## דער פאַרגלייך צווישן אַרבעטער און אַקטיאָר

און אויב ער איז אַן אַרבעטער, דאַרף זיין אַרבעט־סיסטעם באַטראַכט ווערן ווי די אַרבעט־סיסטעם פון יעדן פּראָדוציִרער.

אויב מיר וועלן זיך צוקוקן צו יעדער ראַציאָנעלן צוועקמעסיקן אַרבעט־פּראָצעס, זעען מיר, אַז, אַבוין ריכטיק איינגעשטעלטע אָפּרומאָמענטן, איז זייער וויכטיק געפינען אַזאַ סיסטעם פון באַוועגונגען בעשאַס אַרבעט־פּראָצעס, אַז די אַרבעט־צייט זאָל מאַקסימאַל נוצלעך און צוועקמעסיק אויסגענוצט ווערן.

וואָס זשע באַמערקן מיר, באַאָבאַכטנדיק אַ דערפאַרענעם קוואַליפיצירטן אַרבעטער?

1) עס איז ניטאָ אין זיין אַרבעט־פּראָצעס קיינע איבעריקע אומזיסטיקע באַוועגונגען;

2) אַ געוויסן ריטם;

3) אַ פעיִקייט צו באַהערשן דעם שווערפּונקט פון אייגענעם קערפּער;

4) און אַ שטאַנדהאַפטיקייט מיט אַן אייגנאַרטיקער גראַציעזקייט.

איצט לאָמיר באַטראַכטן די קונסט פון אַקטיאָר:

דאָס איז אַזאַ מין סאָרט קענטעניש אָרגאַניזירן דעם אייגענעם מאַטעריאַל, וואָס דער אַקטיאָר טראָגט אין זיך, אַ קענטעניש אויסנוצן די אויסדריקלעכקייט פון אייגענעם קערפּער.

צוליב דעם איז אויך אומבאַדינגט נויטיק:

א) עקאָנאָמיע אין די אויסדרוק־מיטלען, ד. ה. אַ קלאָרער דינװעכעשבן פון די באַוועגונג־מיטלען.

ב) פּינקטלעכקייט (קימאַט מאַטעמאַטישע) פון די באַוועגונגען, דער אַקטיאָר זאָל קאָנען אַם שנעלסטן אויספירן די אויפגאַבע פון רעזשי.

האַקלאַל, — דאָס, וואָס אין לינקן טעאַטער רופט מען — טײלאָריזירטער זשעסט.

## דער עקסטאַז־אַקטיאָר און דער איבערלעבונג־אַקטיאָר

קעדיי עס זאָלן נאָך קלאָרער ווערן די פּרינציפּן פון אַקטיאָרישער שפּיל אין „מייערכאָלד־טעאַטער“, איז קעדאַי צו פאַרגלייכן דעם מעטאָד פון זיין נייעם אַקטיאָר מיט דעם מעטאָד פון אַקטיאָר אין מאָסקווער קונסט־טעאַטער און בִכלאַל אין רעאַליסטישן טעאַטער.

דער אַקטיאָר פון דער אַלטער, רעאַליסטישער שול — אַ מין מאָטשאַלאָוו, דאַלסקי, סאַמאָילאָוו האָט, צוליב אויפטרייסלען די אינטויציע, די אינעווייניקסטע שאַפונג־קוואַלן, דעם „געטלעכן עקסטאַז“, געמוזט אָנקומען צו נאַרקאָ — ווײן, עפּיר, קאָקאַין.

אַזאַ טעאַטער, ווי דער מאָסקווער קינסטלערישער, האָט, לויט דעם מעטאָד פון אָנפירער ק. סטאַניסלאַווסקי, געמוזט אָנקומען צו דער סיסטעם פון איבערלעבונגען — אַ מין זעלבסטהיפּנאָז, אַ מאָדערנער סאָרט דוויקעס, ווען דער אַקטיאָר איז אַזוי לאַנג מעכאַוון קאַוואָנעס, ביז ער באַהעפט זיך מיט לייב און לעבן מיט דעם געשאַפענעם העלד, ד. ה. ער ווערט קימאַט מעגולגל אין דער סצענישער פיגור, וואָס עס פאָדערט זיך פאַרקערפּערן אַף דער בינע.

## די באָדנלאָזיקייט פון פריִערדיקן אַקטיאָר.

צו וואָס אָבער ברענגט אַזאַ מין אַרט שפּילן?

די אָנגעפּאָמפּעטע עמאָציע פאַרשיכּורט מאַמעש דעם אַקטיאָר, פאַרנעפּלט זיין באַוווסטזיין אַזוי, אַז ער ווערט אָקאָרשט ניט דערטרונקען אַלס קינסטלער אין דעם מעכטיקן שטראָם פון אַרויסגערופענער עמאָציע און ווערט אויס באַלעבאָס איבער דער אייגענער באַוועגונג און שטים.

בִכלאַל, איז נאָך אין פּסיכאָלאָגיע אין אַ גאַנצע ריי וויכטיקע פראַגן ניט אַראָפּגעריסן דער אידעאַליסטישער שלייער פון די ביז איצט הערשנדיקע פּסיכאָלאָגן־אידעאַליסטן, אַזוי, אַז דער פּסיכאָלאָגישער באָדן פאַר דעם אַקטיאָר איז נאָרניט קיין זיכערער.

## וואָס איז פריִער — די באַוועגונג צי די עמאָציע?

אַסאַך זיכערער איז די סיסטעם, וואָס ווערט געבויט אַף ריין־מאַטעריאַליסטישע, אַף פיזישע יעסוידעס.

אויב דער אַקטיאָר געפינט די פיזישע דערלייזונג פון אַ געוויסער סצענישער אויפגאַבע, דאָס הייסט, אויב ער פאַרקערפּערט אַ געוויסע סצענישע סיטואַציע אין אַ סיסטעם פון געוויסע שטרענג־אויסגערעכנטע באַוועגונגען, דאַן האָט ער שוין קימאַט די אויפגאַבע געפינען. ווייל יעדע באַשטימטע באַוועגונג, באַזונדערס די טעאַטראַלישע, רופט אַרויס

*) אַפּאָלאָן—אַ גאָט פון גריכישער מיטאָלאָגיע — אַפּיטראָפּעס פון קונסט; דיאָניס—גאָט פון לעבנלוסטיקייט, זוניקער פרייד.

אַ באַשטימטע עמאָציאָנעלע באַאַרבונג פֿון דער האַנדלונג, דאָס הייסט, די עמאָציע איז דער פּויעל-יויצע פֿון אַ געוויסער באַוועגונג און ניט פֿאַרקערט, ווי די אידעאַליסטן-פּסיכאָלאָגן באַהויפּטן. צום בײַשפּיל: קאָרטשעט זיך דער אַקטיאָר איין, ווערט ער איינגעשרומפּן — שווימט אַרויף די עמאָציע פֿון מורע, פֿון פֿאַרלעגנהייט. באַווײַזט ער אַ פֿויסט, בייזערן זיך זײַנע ברעמען, זײַן פּנים — דערשײַנט באַלד די עמאָציע פֿון דראָען, שרעקן, אָנפֿאַלן.

## די נײַע דערציִונג-סיסטעם פֿון אַקטיאָר.

און ווי באַלד פֿון דער טעאַטער-געבײַדע ווערן אַרויסגעיאָגט די אידעאַליסטישע גייסטער, די רוכניעס — אַזוי ווערט קלאָר, וואָס איז נייטיק צוליב דערציִען אַ מאָדערנעם אַקטיאָר:

פֿיזקולטור, אַקראָבאַטיק, טענץ, ריטמיק, באָקס, פֿעכטן.

נאָר דאָס אַליין איז נאָך קאַרג פֿאַר מײַערכאָלדן, ער נוצט אויס די אַלע נאָר וואָס אויסגערעכנטע מיטלען, ווי עלעמענטן. ער נעמט און שאַפֿט נאָר אַן אײַגנאַרטיקע סיסטעם, וואָס טראָגט בײַ אים דעם נאָמען:

## ביאָמעכאַניק

די גרונט פּרינציפּן פֿון דער סיסטעם זײַנען פֿאָלגנדיקע:

דעם אַקטיאָרס קערפּער איז אַ מאַשין, דער טרעגער פֿון אײַנגעם קערפּער איז אַ מאַשיניסט; ער מוז אײַנמאָל פֿאַר אַלעמאָל זיך אויסלערנען דערפֿילן דעם שווערפּונקט פֿון זײַן אײַגענער קערפּער-מאַשין און ווערן שטאַנדהאַפֿטיק; די באַוועגונג דאַרף ווערן אויסגעשפּראָכן, פֿאַרענדיקט, באַשטימט און דעריקער שטרענג אויסגערעכנט, ווערדיק דאָס דערלויבט דער בינע-פּלאַץ און די אַרומיקע גרופּע מיטשפּילער; אַלזאָ, — אַ באַזונדער אַכטונג דאַרף דער אַקטיאָר אָפּגעבן די געזעצן פֿון גיין, לויפֿן; געפֿינען די געזעצן פֿון שטימע-רעפֿלעקס; אויסאַרבעטן אַ שאַרפֿן אויג, האַקלאַל, — צופּאַסן די הענט, די פֿיס, דעם גאַנצן קערפּער צו צוועקמעסיקער פּראָדוקטיווער אַרבעט.

„צו וועלכער אַרבעט?“ — וועט פֿרעגן דער לעזער.

— צו דער אַרבעט מיט די כפֿייצים, וואָס אַף דער בינע.

## די שפּילן מיטן כייפעץ אַף דער בינע.

ווייל איבער אַף דער בינע פֿון פּסיכאָלאָגישן-רעאַליסטישן טעאַטער האָט דער אַקטיאָר פֿון דעם גאַנצן אַרומיקן האַק-און-פּאַק — פֿון דעם מעבל און פֿאַרשיידענע שמאָכטעס, מיט וועלכע עס איז אַזוי געווען איבערפֿולט דער רעאַליסטישער טעאַטער — זיך געריסן אין דער הייך, אין די הימלען פֿון נעפּלהאַפֿטע וועלט-פּראָבלעמען, אָדער פֿאַרוקט דעם קאָפּ זײַנעם אין די טיפֿענישן פֿון אײַגענעם „איך“ — איז דער אַקטיאָר פֿון נײַעם שוין געוואָרן באַפֿרייט פֿון אַזאַ אויפֿגאַבע.

ער האָט באַקומען נאָר אַנדערע אויפֿגאַבן: אויסדריקן די נייטיקע עמאָציעס דורך באַקומען די כפֿייצים, וואָס דער רעזשיסער האָט צוליב זײַן שפּיל (ניט צוליב קאָפּירן די סוויווע) צוגעגרייט אַף דער בינע.

דאָס זײַנען געווען לעכאַטכילע לייטערס, טרעפּ, וואָס האָבן אונטערגעשפּאַרט פֿלאַכן פֿאַרשיידענע — האָריזאָנטאַלע און ווערטיקאַלע — מיט טירן, וואָס האָבן זיך געדרייט אַרום זייער אַקס (ווי, לעמאָשל, אין „ראָגאָנאָסעץ“).

דאָס זײַנען געווען ווערשטאַטן, אָדער קאָנסטרוקציעס, וואָס האָבן געדינט דעם אַקטיאָר, ווי, צום בײַשפּיל, דעם טישלער זײַן ווערשטאַט. זיי האָבן אים געהאָלפֿן שפּרינגען, לויפֿן, אַראָפּגליטשן זיך, קוליען זיך, האַקלאַל, — אָנפֿילן דעם גאַנצן כאָלאָל פֿון בינע מיט באַוועגונג און דערגרייכן צו דער העכסטער שטופּע פֿון דינאַמיק אין זײַן שפּיל און אַזוי אַרום וועקן דינאַמישע עמאָציעס בײַ דעם צושויער.

## דער כייפעץ העלפֿט אונטער דעם אַקטיאָר,

אין „טאַרעלקינס טויט“ זײַנען די כפֿייצים געוואָרן מיטשפּילער: בענקלעך, ווען מען האָט זיך אַף זיי געזעצט, האָבן געציטערט און זיך געוויגט; טאַבורעטן, ווען דער אַקטיאָר איז אַף זיי געפֿאַלן, האָבן געשאָסן; טישן, ווען דער אַקטיאָר איז אַף זיי געפֿאַלן, זײַנען לעכאַטכילע געפֿאַלן צו דער ערד, און דערנאָך אויטאָמאַטיש (פֿון זיך) אויפֿגעשטאַנען. אין Д. Е. (Даешь Европу) האָבן אין די סאַמע פּאַטעטישע מאָמענטן וועגעלעך זיך ראַשיק באַוועגט איבער דער בינע, פֿאַרלאָפֿן די אַקטיאָרן דעם וועג ד. ה. מיטגעשפּילט, ווי לעבעדיקע.

## אַרבעט-פּראָצעסן אַף דער בינע,

מײַערכאָלד איז אַוועק נאָך ווײַטער: דיזעלבע רעאַלע כפֿייצים, קעגן וועלכע ער — אַלס איבערגעגעבנסטער אָנהענגער פֿון סטיליזירטן טעאַטער — האָט אַקשאָנעסדיק יאָרנלאַנג געקעמפֿט: עסנוואַרג, טעפּ, בלומען, שטיינעלעך מיט לעבעדיקע פֿייגעלעך — האָט ער ווידער אומגעקערט אַף דער בינע — אין „ליעס“ („וואַלד“ פֿון אָסטראָווסקי).

ער האָט געפֿונען אַ טערעץ: דער אַקטיאָר דאַרף און קאָן ניט נאָר שפּילן מיט דעם כייפעץ אַף דער בינע; ער דאַרף שילדערן עמעסע, רעאַלע אַרבעט-פּראָצעסן. אין „ליעס“ הענגט מען אויס גרעט, דערנאָך גלעט מען אויס מיט אַ קײַקלער, מען ריייניקט אַ ביקס, מען מאַכט פּעדיקיור, מען פּאָרעט זיך מיט די טײַבעלעך, מען גרייט צום טיש.

## ביאָמעכאַניק קאָן צונוץ קומען אין לעבן.

אַף אַזאַ אופֿן קאָן די ביאָמעכאַניק — לויט מײַערכאָלדס מיינונג — אויסגענוצט ווערן ניט נאָר אַף דער בינע; אַפֿילע געוויינלעכע אַרבעט-פּראָצעסן וועלן אַדאַנק דער ביאָמעכאַנישער געשיקטקייט פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַרבעט-קונסט, אין אַרבעט-פֿרייד, צו וועלכער עס שטרעבן אַזוי די האָרעפּאַשניקעס פֿון נאָרער וועלט.

ווי איר זעט, געפֿינען זיך די גרונט-לאַגן פֿון דער נײַער דערציִונג-סיסטעם פֿון אַקטיאָר אין איינקלאַנג מיט דעם מאַטעריאַליסטישן גייסט פֿון אונדזער צײַט. עמעס, — מיט אייניקע פֿראַגע-צייכנס: ווייל אייניקע פֿון די איבונגען, וואָס מײַערכאָלד האָט איינגעשלאָסן אין דער ביאָמעכאַנישער סיסטעם זײַנער, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פֿון סאַניטאַר-היגיענישן שטאַנדפּונקט ניט דערלויבאַר און אַפֿילע שעדלעך.

## מייערכאָלדס ווידערשפּרוכן.

וואָלט אָבער מײַערכאָלד ניט געווען מײַערכאָלד, ווען ער וואָלט זיך אַף אַ געוויסער מעטאָדאָלאָגיע אָפּשטעלן און זי קאַנאָניזירן. אין די ווײַטערדיקע פֿאָרשטעלונגען זײַנע, ווי „דער לערער בובוס“, „ריטשי, קיטאַי!“ (גוואַלדעווע, כינע!) זעען מיר אַ קאָלאָסאַלן אָפּנייג פֿון די פּראָקלאַמירטע פּרינציפּן. עמעס, אַסאַך סימאָנים פֿון דעם סטיליזירטן

טעאַטער האָט איר דאָ אויך. אָבער נאָך מער קאָנט איר דאָ געפֿינען אַזעלכע עלעמענטן, וועלכע מייערכאָלד האָט געפֿירט די לעצטע יאָרן, די צייט פֿון דער רעוואָלוציע, — אַ פֿאַרביטערטן קאַמף. אַזוי, לעמאָשל, ווי איך האָב שוין העכער אָנגעוויזן, האָט איר אין ספּעקטאַקל „דער לערער בובוס" אַ שלאַל מאָמענטן, ווען די פֿאָרשטעלונג ווערט אַ לייבלעכע קריוועע דעם פּסיכאָלאָגישן טעאַטער: פּויזעס מוי־רעדיקע; דער ספּעקטאַקל איז דורכגעזאַפּט מיט שטימונגען, און די האַנדלונג ווערט צוקראָכן; אַ מוזיקאַלישע באַגלייטונג פֿון אָנהייב ביזן סאָף אַף דער פּיאַנאָ און דערביי נאָך — די מוזיק פֿון אַזעלכע אולטראַ־אינדיווידואַליסטישע מוזיקער, ווי שאָפּען און ליסט; עמעס, מייערכאָלד פֿאַרענטפֿערט דאָס אַלעס דערמיט, וואָס דאָס איז קלוימערשט נויטיק, קעדיי שאַרפֿער אונטערשטרייכן די סוויווע פֿונעם פֿוילן אינטעליגענט בובוס, דאָך דער מעטאָד פֿון אַקטיאָרישן שפּילן איז לאַכלויטן סויסער אין דעם ספּעקטאַקל זיין פּראָקלאַמירטע ביאָמעכאַנישע סיסטעם. אין „ריטשי, קיטאַי!" איז אויך די שפּיל פֿון אַקטיאָר צומיינסטן געבויט אַף די יעסוידעס פֿון פּסיכאָלאָגישן טעאַטער — וואַקלענישן, שטימונגען, כאָטש, צוריק גערעט, האָבן מיר דאָרט אַ היפּשע פּאָרציע ריין־פֿיזישע געזונטע אַרבעט־פּראָצעסן, באַזונדער, אין אָנהייב, ווען די כינעזער צעטראָגן די סכוירעס פֿון ברעג.

אין Д. Е. האָבן מיר אַן אינטערעסאַנטן קאָנטראַסט: דער צעפֿוילטער אייראָפּע, וואָס גיט אָפּ איר גאַנצן אויסגעוויקטן פּאַטאָס דעם פֿאָקסטראָט, ווערט קעגנגעשטעלט דער יונגער דאָר מאַטראָסן־קאָמוניסטן פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד, וואָס פֿאַרנעמען זיך מיט פֿיזקולטור— ווי שילדערן מייערכאָלדס ביאָמעכאַנישע איבונגען. וואָס פֿאַר־כאַפּט אָבער מער אין ספּעקטאַקל? די פֿאָקסטראָטן־טענץ מיט דעם דזשאַז־באַנד, ווייל אין זיי איז פֿאַראַן, מער איבערציינגדיקע קראַפֿט, ווי אין די איבונגען פֿון די מאַטראָסן. זיי זיינען, אין זינען פֿון פֿאָרם, שאַרפֿער, פֿולקאָמער און איבעראַשנדיקער.

אַלזאַ זעען מיר, אַז די פּראָקלאַמירטע סיסטעם איז איינגטלעך, בא מייערכאָלד'ן ניט קיין סיסטעם, וואָס איז אויסגעהאַלטן ביזן סאָף; אַז זי איז נאָר אַ געוויסער אויסגאַנג־פּונקט פֿאַר זיינע נ י י ע זוכענישן, אַז זי טראָגט נאָר אַ רעלאַטיוון כאַראַקטער. ניט אומזיסט איז אַף איר די אויסגעהאַלטן־מאַרקסיסטישע טעאַטראַלע קריטיק מאָלע רעציכע.

אָט דאָס זיינען די טעאַטראַלע עטאַפּן, וואָס עס האָט דורכגע־מאַכט מייערכאָלד. עס איז אַ גרויסער סאָפֿעק, אויב ער וועט זיך אָפּ־שטעלן אַף די דורכגעמאַכטע עטאַפּן, ער וועט ווי בעפֿירעש ווייטער אַנטוויקלען און ווייזן דעם טעאַטער־צושויער אַלץ נייע און נייע כידושים.

---

**א. זאַרעצקי.**

# וועגנ ייִדישער שריפֿט אונ גראַמאַטיק*).

## (צומ באַהאַנדלענ):

(עטלעכע דערהערדערונגענ קעגנ מ. ווײַנגערס אַרטיקל אינ „שטערנ" 6—5 №).

1) „גרונטפּרינציפּ 5". די אויסלייגנ „מאַיסע, סאַי ווי סאַי" א. ד. גל. זיינענ אָפּ אַזויפֿיל פֿאַראייצלט אינ אַפּ אַזויפֿיל ניי, אַז מע קענ זיי ניט רעכענענ פֿאַר קיינ „פּרינציפּ" אינ דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פֿונ דער ייִדישער שרייב־סיסטעמ. דער היסטאָרישער אויסלייג איז דאַפֿקע „מיינ, ניינ, לויפֿנ" א. א. וו. (שטרעבנ אָבער דאַרפֿ מענ געוויס צומ ראַציאָנאַלנ אויסלייג).

2) „גרונט־פּרינציפּ 8": „דער אויסלייג דאַרפֿ זיינ צוגעפּאַסט צו דער אָפּגערעדטער, קאָנווענציאָנעלער ליטעראַרישער שפּראַך". אַזאַ שפּראַך איז נאָך ניטאָ, אַפּ וויפֿל זי ווערט געשאַפֿנ, ווערט זי גע־שאַפֿנ אינ צופּאַסונג צו דער שריפֿט. העלכע איז אַליינ צוגעפּאַסט אינ פֿאַרשיידענע פּונקטנ צו פֿאַרשיידענע דיאַלעקטנ, ד. ה. זי איז אינ־ט ע ר־ד י אַ ל ע ק ט י ש. אַ שרייב־סיסטעמ, וואָס זאָל זיינ פֿאָנע־טיש פֿאַר פֿאַרשיידענע דיאַלעקטנ, איז ניט נאָר „פּראַקטיש אומאויס־פֿירבאַר", נאָר קלאָר אוממעגלעך, אונ מע פֿאַרשפּאַרט „אָפּוואַרפֿנ די אידיי".

3) „גרונטפּרינציפּ 11". „די פֿאַרווירקלעכונג פֿונ די היסטאָ־רישע אַנטוויקלונג־טענדענצנ" איז קלאָר קיינ מאָטיוו ניט! ווי שטייט דאָס געשריבנ, אַז מיר זיינענ מעכוייעוו זיך אָנפֿרענג בא דער היסטאָ־ריע, ווויהינ זי פֿירט די אָרטאָגראַפֿיע? מיר פֿירנ זי, וווהינ מיר גע־פֿינענ פֿאַר נויטיק.

4) „אַלעפֿבייז", 2. צי איז קעדיי אָפּ איינ יאָר האַלטנ אינ אַלעפֿבייז אונ אַלעף מיט אַ פּאַסעך, וועלכנ מע וועט דערנאָך דאַרפֿנ פֿאַרבייטנ אָפּ אַנ אַלעף אָנ אַ נעקודע? ראַציאָנעלער איז, אַז צייטווייליק זאָל אַלעף אָנ אַ נעקודע אויספֿילנ צוויי פֿונקציעס. (אַלעף מיט אַ קאָמעצ דאַרפֿ יעדנפֿאַלס פֿאַרפֿיקסירט ווערנ).

5) „אַלעפֿבייז" 5. דער קלאַנג p קומט פֿאָר אינ ייִדיש פֿיל זעלטענער ווי f אָפּ די ערשטע צוויי זײַטלעך פֿונ „שטערנ" 6—5 № קומט פֿאָר 107 מאָל f אונ 30 מאָל p; אָפּ דער זייטל 12 פֿונ דעמזעלביקנ נומער קומט־פֿאָר 106 מאָל f אונ 19 מאָל p אָפּ דער זייטל 52, ווו ס'דערמאָנט זיך אַסאַך מאָל „פּויערימ" אונ „פּויסטע", קומט פֿאָר פֿונדעסטוועגנ 94 מאָל f אונ בלויז 49 מאָל p אָט די צופֿעליקע, אָבער כאַראַקטעריסטישע ציפֿערנ ווייזנ, אַז ס'לוינט בעסער צו באַצייכענענ מיט אַ דיאַקריטישנ צייכנ דעם p איידער דעם f, כאָטש דער שטריכל (איבערנ פֿ) איז אַליינ פֿאַר זיך באַקוועמער, ווי דער פּינטל (אינ פּ).

6) „אַלעפֿבייז" 6 ב. אויב אַפֿילע אָנעמענ דעמ אָפּאָסטראָף פֿאַר אַ פֿאַרווייכערונג־סימנע, איז יעדנפֿאַלס אונ איבעריקע כומרע

*) לויט דער ביטע פֿון מעכאַבער ווערט רעדאַקציאָנעלער אַרטיקל געדרוקט מיט זיין אָרטאָגראַפֿיע.

צו שרייבנ אַנ אַפּאָסטראָף פֿאַר אַנ אַפּאָסטראָפֿירטער בוכשטאַב: נענג צו שרייבנ „קינ'ע, קעלנ'ע").

7) „אַלעפֿבייז" 7. אינ „פּאַרטעיִש" האָבנ מיר ניט די ראַציאָנעלע באַצייכענונג פֿונ דיפֿטאָנג דורכ זיינע באַשטאַנד-טיילנ, נאָר די פֿאַר[illegible]ונג פֿונ דעמ יאָט צווישנ i אונ אַנ אַנדער וואָקאַל (Partejisch) פּרג. „קיעוו, מעציע, פּליענ" א. ד. גל.

8) „אַלעפֿבייז" 12. אַז דער אַלעפֿבייז דאַרפֿ האָבנ אַ נעוויסע אָרדענונג, איז פֿאַרשטאַנדיק (אַניט איז עס קלאָר קיינ „אַלעפֿבייז" ניט), אָבער דער ייִדישער אַלעפֿבייז האָט שוינ פֿונ לאַנג אַ געוויסע אָרדענונג: א, ב, ג, ד, א, א, ו, צו וואָס דאַרפֿ מענ זי בייטנ? מע דאַרפֿ נאָר באַשטימענ די ערטער פֿונ די נייע אויסעס אָ אונ פּ (אָדער פֿ). נאַטירלעכ איז, דער אָ זאָל שטיינ גלייכ נאָכנ א אינ דער פּ פֿאַרנ פֿ (וואָרומ אינ היינטיקנ אַלעפֿבייז נייט נאָכנ פֿ — ף). דער אַפּאָסטראָף, איז באַקוועמער, זאָל נאָר ניט פֿאַרנעמענ קיינ אָרט אינ אַלעפֿבייז.

9) „וואָקאַלנ פֿונ באַטאָנטנ טראַפֿ" 1. אַ וווּנדער אַפֿ כ' ווייננערנ, וואָס שטרעבט צו פֿאָנעטיזירנ דעמ אויסלייג — אַז ער זאָל לאָזנ די פֿאָנעטיש ניט באַרעכטיקטע אויסלייגנ ענג, ענק, וואָס אַפֿילע ז. רייזענ באַרעכטיקט זיי נאָר דערמיט, וואָס די פּוילישע ייִדנ וואָלטנ געקענט לייענענ יינג, יינק פֿאַר ajng, jnk אַגעפֿ, פֿאַרוואָס שרייבט ווייננער זיינ פֿאַמיליע ניט לויט זיינ אָרטאָגראַפֿיע „וועננער"?

10) „וואָקאַלנ פֿונ שוואַכ-באַטאָנטנ טראַפֿ", 4. מיט וואָס איז דער י אינ „ערדיש, הייליק, פּויערימ" א. א. ו. — פֿרעמד-שפּראַכיק? מע דאַרפֿ פּאָשעט קאָנסטאַטירנ אַ פֿאַקט, אַז אינ די סופֿיקסנ יש, יק, ימ הערט זיכ י אונ אַזוי דאַרפֿ מענ שרייבנ, (און „פּאַרעצ, טאַקע", איז טאַקע בעסער שרייבנ מיט ע, ווי „כאַזער, טאַלעס" א. ד. גל.).

11) „ע באַ פֿלייציקע", צי נעהערנ אַהער „וואָרעמ, אָרעמ" א. א. ו.? איכ מיינ, אַז דער טיפּישער אויסשפּראַכ איז דאָ מיט א י, לויט אַנאַלאָגיע מיטנ העברעיִשנ סופֿיקס ימ.

12) „קאָנסאָנאַנטנ" 1. נאָכ „ייִד, ייִנגל, ייִכעס, ייִשעוו" פֿעלט געווינ „א. א. ו.".

13) „קאָנסאָנאַנטנ" 2. אַהער דאַרפֿ מענ איינ צוגעבנ נאָכ ווערטער.

14) „קאָנסאָנאַנטנ" 4. וואָס רופֿט ווייננער „בויגונג"? אויב די באַציונג פֿונ מערצאָל אונ איינצאָל איז „בויגונג", טאָ פֿאַרוואָס זאָל די באַציונג פֿונ פּאַרטיציפּ אונ אינפֿיניטיוו ניט גערעכנט ווערנ פֿאַר „בויגונג"? דעמאָלט וואָלט מענ געדאַרפֿט שרייבנ „שנייטנ" צוליב „געשניטנ", אָדער „געשנידנ" צוליב „שנידנ". אונ נאָכ אַ קאַשע: אויב אינ „נאַגעוו" הערט זיכ טאַקע אַ קלאָרער פּ, טאָ פֿאַרוואָס שרייבנ דאַפּקע „נאַגעוו" צוליב נאַגאָווימ", ניט „נאַטאָפֿימ", צוליב „נאַטעפֿ"? די מייסע איז, וואָס דער מאָרפֿאָלאָגישער פּרינציפּ אינ ייִדישנ אויסלייג פֿאַרשפּרייט זיכ נאָר אַפֿ פֿאַלנ פֿונ אַסימילאַציע, אונ דער פּ אינ „נאַגעפֿ, יאָנטעפֿ" א. ד. גל. איז ניט קיינ פּראָדוקט פֿונ אַסימילאַציע. דאַרפֿ מענ שרייבנ „נאַגעפֿ—נאַגאָווימ".

15) „קאָנסאָנאַנטנ" 6. אַדעראַבע, דער אויסשפּראַכ „אַפּמ, לויפּס" א. ד. גל., די אַסימילאַציע פֿונ נ מיט פּ — איז אַ פּראָווינציאַליזמ אָדער יעדנפֿאַלס ניט קיינ אַלייד. : דערשיינונג (אינ קעננזאַצ צו דער אַסימילאַציע פֿונ נ מיט בייד ליפּנדיקע ב, פּ). דער נ אינ „אַפּנ„ איז דער זעלביקער, וואָס אינ „אונטערנ, פֿאַרנ" און אז. ווייטער.

16) „קאָנסאָנאַנטנ" 8. אַ גליטשיקער וועג! דער אויסלייג „זומערענ" פֿירט ניט צו קיינ צווידייטיקייט אונ מעמיילע ניט צו קיינ אומקלאָרקייט, אָבער צי פֿירט ער ניט צו פֿאַרלאַנגזאַמערונג פֿונמ לייענענ? אפּריאָרי דאַרב מענ רעכענענ, אַז אַזאַ מינערונג פֿונ אידעאָגראַפֿישקייט דאַרפֿ פֿאַרלאַנגזאַמערנ דעמ נאָרמאַלנ לייענענ, ד. ה. דעמ לייענענ מיטנ אויג, ניט מיטנ מויל. קיינ עקספּערימענטנ, וואָס זאָלנ דערווייזנ דעמ היפּעכ, זיינענ (דוכט זיכ) נאָכ ניט געשטעלט געוואָרנ. אויב דער פּראָצעס פֿונ שרייבנ דאַרפֿ באַ אַזאַ אויסלייג פֿאַרלאַנגזאַמט ווערנ, וואָרומ דער שרייבער וועט דאַרפֿנ באַ יעדנ צונויפֿזאַצ מיט אַלצייניע קאָנסאָנאַנטנ זיכ פֿאַרטראַכטנ, צי מעג ער דאָ פֿאַרשפּאָרנ אַ קאָנסאָנאַנט, ד. ה. צי וועט די פֿאַרשפּאָרונג ניט פֿירנ צו קיינ צווידייטיקייט, (צונויפֿזאַצנ זיינענ דאָכ גראָד די ווערטער, וואָס מע קענ ניט אויסלערנענ זייער אויסלייג מעכאַניש, וואָרומ יעדער שרייבער קענ זיי נרינג מעכאַדעש זיינ אינ די צענדליקער). אונ איכ בינ קלאָר ניט זיכער, אַז דער שרייבער וועט טאַקע שטענדיק ריכטיק לייזנ די פֿראַגע, צי דער פֿאַרייגפֿאַכטער אויסלייג פֿירט ניט צו קיינ צווידייטיקייטנ. היינט די אויסנאַמענ, וואָס כ' ווייננער איז אַלייננ געצוווּנגענ צו מאַכנ! דערקאָגנ, אַז אינ „איידללייט, שוללויטעראַטור" זיינענ די לאַמעדנ „ניטגלייכאַרטיק", איז נאָר ניט אַזוי גרינג פֿאַרנ פּאָשעטנ ייִדיש-שרייבער *), וועלכער קענ פֿאָנעטיק אַסאַכ ווייניקער, ווי כ' ווייננער אָדער איכ.

17) קאָנסאָנאַנטנ" 9. דער אויסלייג „צעוואַרפֿנ, צעקלאַפּנ" מיז אָנגענומענ ווערנ, כאָטש ער איז ניט פֿאָנעטיש פֿאַר געוויסע דיאַלעקטנ, — קאָליזמאַנ ס'איז ניט איינגעפֿירט צו באַצייכענענ אינ נויטיקע פֿאַלנ דעמ אקצענט.

18) „קאָנסאָנאַנט" 10. מע זאָגט „דעמ יונגנ, דעמ קראַנקנ, דעמ פֿרומנ" א. א. ו. דער אויסשפּראַכ מיט ע נאָכ אַ מ איז דוכט זיכ ווייניקער פֿאַרשפּרייט.

19) „קאָנסאָנאַנטנ" 12. ניט קיינ גוטע פֿאָרמולירונג, וואָרימ וואָס איז אַזוינס איבערנייענדיקע ציטווערטער"? אונ צי קענ דענ אַזאַ ציטוואָרט ניט באַהערשנ קיינ דאַטיוו („איכ גיב דיר")? אויסלערנענ אינ צוויי שורעס צו באַנוצנ דעמ אקוזאַטיוו קענ מענ סיי ווי ניט — דאַרפֿ מענ פֿאָרמולירנ פּאָשעט: באַנוצנ דעמ אקוזאַטיוו, ווי ס'איז אָנגענומענ אינ דער ליטעראַרישער שפּראַכ. (אַגעפֿ, פֿאַרוואָס איז דער דאָזיקער גראַמאַטישער פּונקט אַריינגעפֿאַלנ אינ „קאָנסאָנאַנטנ"?).

20) „קאָנסאָנאַנטנ" 14. אַהער נאָר ווערטער, דאַטעס, געשיכטעס א. א.

21) „קאָנסאָנאַנטנ" 15. „אונטערגעדריקט" א. ד. גל. דאַרפֿנ נעהערנ צומ פּונקט 17.

22) „קאָנסאָנאַנטנ" 15. פֿאַראַנ, „געשפּאַצירט, געסטראַכירט" און אַנדערע.

*) לויט ווייננערנ עפּשער „ייִדישרייבער", האַפֿנדיק, אַז דער לייענער וועט אַליינ פֿאַרשטיינ, אַז ייִדיש קענ מענ ניט רייבנ, נאָר שרייבנ.

23) „קאָנסאָנאַנטן“ 16. אַזעלכע דעטאַלן דאַרפֿן ניט פֿאַרנעמען קיין אָרט אַף אַ פֿילאָלאָגישער קאָנפֿערענץ, יעדנפֿאַלס באַ הײַנטיקער צײַט. „דראָענ“ צי „דרויענ“ — דאָס מעגן מיר דערווײַל לאָזן פֿאַר דער סטיכישער קאָנקורענץ פֿון פֿאָרמעס.

24) „קאָנסאָנאַנטן“ 18. אַ צו שווערע פֿראַגע, מע זאָל זי קענען לייזן אזוי ווילקירלעך. די אָפּוועזנהייט פֿון נייטראַלן זין אין ליטווישן דיאַלעקט איז אַ פּראָגרעס. אויב מיר קענען נאָר (באַדויערלעך) ניט פֿאָדערן פֿון די ניט-ליטווישע ייִדיש-שרײַבערס, זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן אין דעם פּראַט פֿון דער שווערקייט פֿון זייער גראַמאַטיק, דאַרף מען יעדנפֿאַלס דערלויבן (און רעקאָמענדירן) די ליטווישע ייִדיש-שרײַבערס נאָכצוגיין אין דעם פּראַט נאָך זייער פּראָגרעסיווער גראַמאַטיק, אַיי איינהייטלעכקייט? נו, און לויט וויינגערס פּראָיעקט ווערט די איינהייטלעכקייט דערגרייכט? סײַ ווי איז באַ די פּוילישע און אוקראַינער ייִדיש-שרײַבערס אסאך מער סובסטאַנטיוון פֿון נייטראַלן מין, ווי די דרײַצן ווערטער „קינד, האַרץ אויג“ א. ד. גל., וואָס וויינגער שיינקט זיי אַוועק.

25) „צונויפֿגעזעצטע ווערטער“ 3. וואָס איז פֿאַר אַ לאָשן „פֿולער סופֿיקס“? אין „שוואַרץ, — ערשט—פּאָליט“ א. א. וו. איז בכלל קיין סופֿיקס ניטאָ, און אין „סאָציאַל“ איז דער סופֿיקס (אַל) פּונקט אזוי „פֿול“, ווי אין „ייִדיש“ (דער סופֿיקס יש).

26) „צונויפֿגעזעצטע ווערטער“ 5. „דער דאָזיקער“ איז צוויי ווערטער, אַ רייע: „מיטן דאָזיקן, פֿאַרן דאָזיקן“ א. ד. גל.

27) „צונויפֿגעזעצטע ווערטער“ 6. „אינצווייען“ פֿאַלט ניט אונטער אונטער דער פֿאָרמולירונג פֿון דעם פּונקט.

28) „צונויפֿגעזעצטע ווערטער“ 9. צי האַלט כ׳ וויינגער אַלע העברעישע צונויפֿזאַצ-אויפֿאַנים פֿאַר ניט ייִדישע? וואָס וועט ער זאָגן וועגן סמיכעס („גאָלעס-שטיפֿמאַמע, קריעס-האַפּאַפּירן“)? וואָס שייך „כאַפּקאָלסאָפּ“ און די איבעריקע, געהערן זיי צום פּונקט 5.

29) „לעקסיקאָנ“. דערלאָזן די עקזיסטענץ פֿון עקזיסטירנדיקע ווערטער — צי דאַרף עס זיין די זאַך פֿון אַ פֿילאָלאָגישער קאָנפֿערענץ? און דערקלערן נייע ווערטער אַנשטאָט עקזיסטירנדיקע, קאָלזמאַן זיי זיינען נאָך ניט אויסגעפּראַוט געוואָרן אין דער פֿרייער קאָנקורענץ, איז ריזיקאַליש. אויב שוין יע ריידן אַף דער קאָנפֿערענץ וועגן לעקסיק, וואָלט אַ וויסער געווען זיך נעמען אַמאָל צו די מיעסע שאָוויניסטישע ווערטער „גוי, שייגעץ“ א. ד. גל., ווי ס׳האָבן געטאָן די ווייסרוסן מיטן וואָרט „זשיד“ (לויטן „וועקער“ 1925, № 31).

כאַרקאָוו, מאַי 1926.

---

מ. וויינגער.

# אַן ענטפֿער אַף כ׳ זאַרעצקיס דערווידערונגען.

איך וועל ענטפֿערן אַף יעדן פּונקט באַזונדער.

אין באַצוג צו די גרונט-פּרינציפּן אין דער אַנטוויקלונג פֿונעם ייִדישן שרייב-סיסטעם און שפּראַך גופֿע איז כ׳ זאַרעצקי ניט מאַסקים אין דריי פּונקטן.

כ׳ זאַרעצקי מיינט (פּ. 3), אַז די פֿאַרגאַנגענהייט איז אונדז צו גאָרניט ניט מעכאַיעוו. ווען ס׳זאָל אָבער זיין אזוי, ווי דער כ׳ זאַרעצקי מיינט, ווען „מיר זאָלן פֿירן זי (די אָרטאָגראַפֿיע, מ. וו.) וווהין מיר געפֿינען פֿאַר נויטיק“, וואָלט דער כ׳ זאַרעצקי שוין לאַנג געפֿויעלט, אַז מע זאָל אָפּוואַרפֿן די ענד-אויסיעס, אַפֿאָנים, אַז מיר זיינען טאַקע אַביסל „מעכויעוו צו פֿרעגן די היסטאָריע, וווהין זי פֿירט די אָרטאָגראַפֿיע“.

דער גאַנצער קויעך באַשטייט אָבער אין דעם, אַז מע זאָל אויסנוצן יענע היסטאָרישע טענדענצן, וואָס פֿירן אונדז צו אונדזערע צילן. זייער ווייטערדיקער אנטוויקלונג מיטהעלפֿן, און די פֿיינטלעכע פֿאַר אונדז טענדענצן באַקעמפֿן.

דערפֿאַר רעכן איך פֿאַר נויטיק אויסנוצן דעם פּרינציפּ, לויט וועלכן מע שרייבט די דיפֿטאָנגען aj, oj, ej, דורך אַי, אָי, עי, וואָס ווערט אָנגעווענדעט אין א באַשטימטער צאָל ווערטער, און באַגרינדן אַף דערדאָזיקער ניט-גרויסער צאָל ראַציאָנאַל אויסגעלייגטע ווערטער די מעגלעכקייט און נויטיקייט אויסלייגן די דיפֿטאָנגען אין אַלע פֿאַלן פּונקט אזוי ראַציאָנאַל. און ס׳איז גאָר ניט וויכטיק, וואָס דערדאָזיקער פּרינציפּ איז אויפֿגעקומען אין דער לעצטער צייט. אויב אַ פּרינציפּ האַלט זיך א צענדליק יאָרן-לאַנג, איז ער, הייסט עס, לעבנספֿעיִק, האָט ער, הייסט עס, וואָרצלען, איז ער שוין ניט בלויז דער לויפֿנדיקער מאָמענט, נאָר אויך געשיכטע.

סאָפּקאָלסאָף איז דאָך כ׳ זאַרעצקי מאַסקים, אַז „שטרעבן... דאַרף מען געוויס צום ראַציאָנאַלן אויסלייג“ (פּ. 1). ערגער האַלט עס מיטן באַרימטן „אינטערדיאַלעקטישן פּרינציפּ“ (כ׳ זאַרעצקיס פּ. 2.)

אַרום דערדאָזיקער פֿראַגע הערשט א פּלאָנטער פֿון באַגריפֿן. מע וויל ניט פֿאַרשטיין, אַז ניט דער אויסלייג פֿון א ליטעראַרישער שפּראַך איז געבויט אַפֿן אינטערדיאַלעקטישן פּרינציפּ, נאָר די ליטעראַרישע שפּראַך גופֿע ווערט געשאַפֿן אַפֿן גרונט פֿון דעמדאָזיקן פּרינציפּ, און דער אויסלייג ווערט שוין צוגעפּאַסט צו דער ליטעראַרישער שפּראַך.

אויב מיר ווילן זיך צוקוקן צו די כאַראַקטעריסטישע גרונט-שטריכן פֿון דער ייִד. ליט. שפּראַך, וועלן מיר זען, אַז זי איז אויפֿגעקומען טאַקע אַפֿן אינטערדיאַלעקטישן באָדן.

וועגן ייִדיש עקזיסטירט די טראַדיציע, אַז פֿאַר דער ליטעראַרישער אויסשפּראַך רעכנט זיך דער ליטווישער דיאַלעקט. סמעס, דידאָזיקע טראַדיציע איז שאַיעך צו דער שרייב-שפּראַך, ניט צום מינדלעכן ריידן. (פֿאַראַן אבער מענטשן, וואָס בייטן זייער צוגעבוירענע אויסשפּראַך אַפֿילע אין מינדלעכן ריידן אַף דער ליטווישער). וואָס איז אָבער פֿון דעם ליטווישן דיאַלעקט אַריין אין דעם באַגריף ליטעראַרישע שפּראַך?

פֿון דעם וואָקאַליזם איז אין דעמדאָזיקן באַגריף גענומען געוואָרן, צ.ב., דער קלאַנג o קעגן דעם דאָרעמדיקן u. מיר שרייבן,

זאָגן און גראָב, ביידע מיט אַן אלעף-קאָמעץ, כאָטש אינם ערשטן וואָרט זאָגט דער דאָרעמדיקער ייד y און אין דעם צווייטן o, א סימען, אַז מיר גיבן איבער דעם ליטוויִשן קלאַנג. דאָסזעלבע איז מיט שטעטל און פֿעלד—אין ביידע ווערטער ע, כאָטש אין דאָרעם זאָגט מען אין ערשטן וואָרט 🅰 אָדער ы און אין צווייטן—a. ווידער צוגעפּאַסט צום ליטוויִשן וואקאל. אבער אין די ווערטער ליפּן און הייוון זעען מיר שוין, אז די ליטעראַרישע שפּראַך נעמט אָן דעם דאָרעמדיקן וואָקאליזם. מיר האבן דאָ פֿאַרשיידענע סימאָנים—יִ און יי ווייל אין דאָרעמדיקן זיינען דאָ אין די צוויי געבראַכטע ווערטער צוויי פֿאַרשיידענע וואָקאלן. ליטוויש האט אין ביידע ווערטער דעמזעלבן וואָקאַל 🅰, און אויב מע וואָלט זיך צוגעפּאַסט צו ליטוויש, וואָלט מען אין ביידע ווערטער געשריבן איין סימען פֿאַרן וואָקאַל אין ביידע ווערטער.

דאָסזעלבע קען מען זען אפֿן איבעריקן וואָקאליזם. די ליטעראַרישע שפּראַך מאכט א געוויסן אָפּקלאַנג אינם וואָקאליזם פֿון דיאַלעקטן און פֿון דעם אָפּגעקליבענעם ווערט געשאַפֿן דער וואָקאליזם פֿון דער ליטעראַרישער שפּראַך. דאָסזעלבע איז מיט די קאָנסאָנאנטן. דער קאָנסאָנאנטיזם פֿון דער ליטעראַרישער שפּראַך נעמט ניט אויף דעם ליטוויציזם, וואָס באשטייט אינם קעגנזייטיקן בייט צווישן טש און צ, ז און זש, ש און ס. דער געבילדעטער יידיש-ריידנדיקער וועט זיך שעמען צו זאָגן (בייס ער וויל רעדן ליטעראַריש) מענק, זאַלעווען, סיסן, שייכל. ער וועט זאָגן דאַווקע מענטש, זשאַלעווען, שיסן, סייכל. הייסט עס, אַז אין באצוג צו די אָנגערופֿענע קאָנסאָנאנטן נעמט די ליטעראַרישע שפּראַך אָן דעם דאָרעמדיקן קאָנסאָנאנטיזם. פֿון דער צווייטער זייט איז אין די דאָרעמדיקע דיאַלעקטן (אין געוויסע ליטווישע אויך) פֿאַראַן א דערשיינונג, ווען דער ה ווערט ארויסגערעט אין אזעלכע ווערטער, ווו אין דער מערהייט ליטווישע אויסשפּראַכן איז ער ניטאָ, אָדער פֿאַרקערט: דער ה איז ניטאָ דאָרט, ווו די מערהייט ליטווישע יידן זאָגן אים אַרויס. אַ אײַן אָט געלייגט אהיי— אַ הין האט געלייגט אן איי.

די ליטעראַרישע שפּראַך פֿירט אבער ניט דורך דידאָזיקע באַזונדערקייט און נעמט אָן דעם ליטוויִשן צושטאַנד פֿון ה.

דאָסזעלבע איז מיט פֿאָרמען, מיט סינטאַקטישע קאָנסטרוקציע, מיט לעקסיקאָן.

אומעטום קומט פֿאָר אַן אפּקלייב פֿון דיאַלעקט-עלעמענטן, פֿון וועלכע עס שאַפֿט זיך די ליטעראַרישע שפּראַך. אַזוי ארומער קומט אויס, אַז די ליטעראַרישע שפּראַך ווערט געשאַפֿן אַפֿן אינטערדיאַלעקטישן באָדן. און צו די באַדערפֿענישן פֿון דערדאָזיקער שפּראַך (ניט צו די איינצלנע דיאלעקטן, אַפֿן באָדן פֿון וועלכע די ליט. שפּראַך האט זיך געשאַפֿן) ווערט צוגעפּאַסט דער שרייב-סיסטעם—דער אויסלייג אין אלעפֿבייז.

דערפֿאַר קען מען דערקלערן בלויז מיטן פלאָנטער פֿון באַגריפֿן, ווען מע רעט וועגן אינטערדיאַלעקטישן פּרינציפּ פֿון אויסלייג.

פֿון דערפֿון איז קלאָר, אז בארעכטיקן די סימאָנים וי, יי (און ניט אָי, אַי, עי) בלויז דערמיט, וואָס אַלע דיאלעקטן קענען דידאָזיקע סימאָנים לייענען אף זייער שטייגער, הייסט ניט פֿאַרשטיין, וואָס הייסט ליטעראַרישע שפּראַך און איר אויסלייג. אויב דער פֿאַרשטייער פֿון אַ געוויסן דיאלעקט שטעלט איין באַשטימטע אַנטשפּרעכונגען צווישן די סימאָנים פֿון אַלעפֿבייז, מיט וועלכער סע באַנוצט זיך די ליט. שפּראַך, און די קלאַנגען פֿון זיין אויסשפּראַך, איז דאס סאָפּקאָלסאָף זיין פּריוואַטע זאַך.

דער ליטעראַרישער אויסלייג האָט אין זינען בלויז יענע דערשיינונגען, וואָס גייען אַריין אינם באַגריף ליטעראַרישע שפּראַך *).

אַ גרויסע ראָלע אין דער אויסבילדונג פֿון דער ליטעראַרישער שפּראַך שפּילט דאָס שאַפֿן פֿון פּאָעטן, געלערנטע, ד. ה. דאָס באַוווּסטזיניקע רעגולירן פֿונם שפּראכלעבן, דערפֿאר קען מען אין אַ געוויסן זינען אנרופֿן די ליטעראַרישע שפּראַך—אַ קינסטלעכע, אַ קאָנווענציאנעלע, אַן אָפּגערעטע, אין קעגנזאץ צום נאַטירלעכן מאַסנדיאלעקט.

דעריבער איז ניט ריכטיק דעם כ. זארעצקיס באהויפּטונג, אַז „אַזאַ (קאָנווענציאנעלע, אפגערעטע מ. וו.) שפּראַך איז נאָך ניטאָ", אַזאַ באהויפּטונג באטייט, אַז מע שטעלט זיך ניט קלאָר פֿאר דעם טאך פֿון אַ ליטעראַרישער שפּראַך.

פּ. 4. אַזוי ווי דער שטומער אַלעף, דער קלאַנג a און דער קלאנג o זיינען דריי פֿארשיידענע זאכן, דארף מען, פֿאַרשטייט זיך, דריי פֿארשיידענע סימאָנים: א, אָ, אַ. אַנדערש וועט צוליב דער אומפּינקטלעכקייט פֿונם אַלעפבייז אופֿקומען די אומפּינקטלעכקייט פֿון אויסלייג און פֿון לייענען.

פּ. 5. די סטאטיסטיק איז גאנץ אינטערעסאנט, אבער צו וואָס דאַרף מען זי, אויב דער כ. זארעצקי איז מאסקים, אַז „דער שטריכל איבערן פּ (פֿ) איז אליין פֿאר זיך באקוועמער ווי דער פּינטל (פּ)".

פּ. 6. וואָס הייסט „אַפּאָסטראָפירטע" בוכשטאבן —אויב ווייכע, פּאלאטאליזירטע קאָנסאָנאנטן, איז אינם אלעפֿבייז פֿון דער ליטעראַרישער שפּראך ניטאָ קיין בוכשטאבן פֿאר ווייכע קאָנסאָנאנטן. דער ל באווייזט א הארטן רוסישן л, פּויליִשן ł און און אויב מע דאַרף אָנווייזן זיין ווייכקייט, מוז מען געברויכן אַ ספּעציעלן סימען—דעם יוד, אָדער, ווי מיר לייגן פֿאָר, דעם האלברונדן אַפּאָסטראָף. דערדאָזיקער סימען איז נויטיק ניט בלויז אינם נ, נאָר בּיקלאל אין יעדן קאָנסאָנאנט. וואס ווערט ארויס גערעט ווייך.

פּ. 7. ריכטיק, אז אין פּאַרטעיש איז צווישן דעם ע און י פֿאַראַן נאָך א יאָט, אָבער אין דער פּראַקטישער שריפֿט איז אים ניט נויטיק צו פֿאַרצייכענען, אזוי ווי ער ווערט ניט פֿאַרצייכנט אין קיעוו, מעציע א.א.וו.

פּ. 8. די אָרדענונג פֿונם יידישן אלעפֿבייז איז טאקע ניט איינגעשטעלט, א, ב. ג, ד, ה א.א.וו. איז דער סיידער פֿונם העברעישן א״ב. צוגעקומען איז ניט בלויז אָ, נאָר אויך וו, מש, זש י (יאָט צום אונטערשייד י—i) און אַנד. אָפּגעפֿאַלן איז סין (ש) ח, תּ, ת, און אַנד. דער אפּאָסטראָף דאַרף פֿאַרנעמען אַ אָרט אין אלעפֿבייז, אזוי ווי דער רוסישער סימען ь.

פּ. 9. מיטן אויסלייג ליינג, ביינק (לענג, בענק) איז פּאָשעט א מיספֿאַרשטייעניש. איך בין זיכער, אז ווען דער כ׳ זאַרעצקי וואָלט מיט רוסישע בוכשטאַבן אופֿגעשריבן די ביידע ווערטער, וואָלט עס געווען лэньг, бэньк, ד.ה. קיין שום ii פֿאַרן H איז ניטאָ. איך רעכן, אז די ווייכקייט פֿונם נ נאָכן ע פֿירט אריין אין טאָעס און שאפֿט די אילוזיע, אז פֿארן נ איז ע׳ ניט ע. איך האב זיך געפּרוווט צוהערן צו דער אויסשפּראך פֿון יענע כאווירים. וואס האבן געטאינעט די זעלבע טאינע, וואָס דער כ׳ זארעצקי, און איך האב זיך איבערצייגט, אז אין די ווערטער לענג, בענק ריידן זיי ארויס א בעפֿיירעשן ע אין נאָך מיט א ווייכן נ, וואָס זיין ווייכקייט ווערט אין דער יעצטיקער שריפֿט ניט פֿארצייכנט.

*) דער אוקראַינער לייענט דעם רוס. e (געוויינער ять), ווי i: хліб, хлеб, дід—дед. אזא געזעצמעסיקע אנטשפּרעכונג עקזיסטירט אויך צווישן אנדערע קלאנגען פֿון רוסיש און אוקראַיניש (אויך פֿון חייסרוסיש). הייסט אבער דען אז דער אַלעפֿבייז אין אויסלייג פֿון דער רוסישער שפּראך איז באַוווּסטזיניק צוגעפּאַסט צו די באַדערפֿענישן פֿון אוקראַיניש?

מײַן פֿאַמיליע-נאָמען, רעכן איך, אנטהאלט היסטאָריש ניט דעם קלאנג ע (e, ä) ווי אין די ווערטער ל ע ג ג, ב ע נ ק, נאָר ײ (ei), אָדער אַי, וואָס ווערט דאָך ניט ע (e) אין יידיש.

פ. 10. פֿרעמדשפּראַכיקער ; האב איך געמיינט היסטאָריש-באַרעכטיקטער, וואָס שטאַמט פֿון יענע שפּראַכן, פֿון וועלכע יידיש איז אופֿגעקומען: גערמאַניש (באַשטימטע שטופֿע זיינע), סעמיטיש, סלאַוויש א.א.וו.

אזא ? איז אין די דאָרעמדיקע אויסשפּראַכן שטענדיק ? (ы) אפֿילע אין כאַזיר, טאַליס.

אין די ליטווישע אויסשפּראַכן איז אכוץ די ענדונגען—יק ים, יש און יד (טאָמיד, כאָסיד), א טענדענץ צו ע, אפֿילע אין אָפּענעם טראַף. ט א ק ע, ב ר אָ ד ס ק ע. מעגלעך, אז עס וואלט ראָ געווען צוועקמעסיק איינשטעלן א קאָמפּראָמיס: דעם ? שרייבן בלויז אין די ענדונגען—יק, ים, יש, יד און אלע איבעריקע אנדע ש-שפּראַכיקע ענדונגען מיט ; איבערגעבן דורך ע, און צום סאָף וואָרט (אין אָפּענעם טראַף) דאַרף מען פֿונדעסטוועגן איינהאלטן דעם ?, ווייל שרייבן: טראָצקע, בראָדסקע איז דערווייל ניט אָנגענומען און איך גלויב ניט ס׳זאָל דורכגיין. דערפֿאַר וואלט מען ט א ק ? אויך געדאַרפֿט שרייבן מיט ? ניט מיט ע.

פ. 11. דעם סוואַראַב האַקטי—צוגאָב-וואָקאַל איז ניט ווערט אויסמישן מיט דער פּילצאָל-ענדונג: וו אַ ר ע ם ניט וואַרים.

פ. 12, 13 אויך 20. די צאָל ביישפּילן, קען מען, פֿאַרשטייט זיך, פֿאַרגרעסערן.

פ. 14. דער בייט צווישן ד און ט אין די ווערטער ש נ ײ ד ן און ג ע ש נ י ט ן איז דער רעזולטאַט פֿון אזוי גערופֿענעם ג ר א מ א ט י ש ן ו ו ע ק ס ל, און ניט פֿון בויגונג.

פֿאַרוואָס וויל דער כ׳ זאַרעצקי, אַז דער מאָרפֿאָלאָגישער פּרינציפּ זאָל זיך פֿאַרשפּרייטן בלויז אַף די פֿאַלן פֿון אַסימיליאַציע? פֿאַרוואָס זאָל דערדאָזיקער פּרינציפּ ניט אָנגעווענדעט ווערן אַף די פֿאַלן, ווען דער קלאַנגיקער און פֿאַרטויבטער קאָנסאָנאַנט בייטן זיך אין דער סיסטעם פֿון דער בויגונג, צ. ב., אין דער איינצאָל און מערצאָל? איך מיין, אַז דאַווקע אין אַזעלכע פֿאלן איז וויכטיק דורכפֿירן אַן איינהייטלעכן קאָנסאָנאַנט. דערפֿאַר גאַנעוו—גאַנאָווים.

פ. 15. איך רעכן, אַז די פֿאַרקירצונג פֿון די ווערטער אַ ף ד ע ם איז געזעצמעסיק א פֿ ם, ניט אפֿן. דער ן איז דאָ אופֿגעקומען אפֿם גרונט פֿון דער פֿאַלשער אַנאַלאָגיע מיט לויפֿן, קויפֿן, ווו דער ן גייט ניט אריבער אין ם אין איניקע ליטווישע דיאלעקטן. דערפֿאַר איז א פֿ ן אַ פּראָווינציאַליזם.

פ. 16 דאָס אַרויסלאָזן איינעם פֿון די גלייכקלינגענדיקע קאָנסאָנאַנטן איז, פֿאַרשטייט זיך, ניט קיין גרינגע זאַך. באַשטימען די פֿאַלן, ווען דער קאָנסאָנאַנט מעג אַרויסגעלאָזט ווערן, דאַרף ניט יעדער איינער (ווי ביכלאל פֿראַגן פֿון אויסלייג), נאָר אַ וויסנשאַפֿטלעכער אַנשטאַלט. דעם ברייטן אוילעם ווערן געגעבן שוין די פֿאַרטיקע אויספֿירן. „פֿאַרטראַכטן זיך" באַם שרייבן אָדער לייענען טויג ביכלאל ניט, וואָרום דאָס הייסט זיין טעכניש אומיוורעדיק.

ווען די פּראַקטישע טוער פֿון אונדזער אויסלייג זאָלן זיך שרעקן פֿאַר אלע געפֿאַרן, מיט וועלכע סע קען דרויען דאָס אַרויסלאָזן פֿון אַן איבעריקן קאָנסאָנאַנט, דאָרט, ווו מע קען דאָס טאָן, וואָלטן מיר איצט ניט געשריבן א ר ע מ אַ ן מיט איין ם, פֿ א ר א כ ט אָ ג ן מיט איין ט און א. וו.

פ. 17. דער פּרעפֿיקס צע(וואַרפֿן) עקזיסטירט אַבסאָליוט אין קיין שום יידישן דיאלעקט ניט.

ס׳איז אַן אומזיניקער נאָכמאַכן דייטש, שרייבן ניט דעם אָס, וואָס מע דאַרף צוליב דעם, וואָס סע ווערט ניט גענוצט דער אַקצענט, איז פּאָשעט ניט לאָגיש.

אָנווענדן אויסערלעכע סימאָנים (בוכשטאַבן) אַף צו פֿאַרצייכענען די דיפֿערענץ אינם לאָגישן אינהאלט איז פּינקט אַזאַ סכאָלאַסטיק, ווי שרייבן ש ו ל אין איין פֿאַל מיט אַ ה, און אין באַ אַ צווייטער באַדייטונג אָן א ה. אָדער ווי שרייבן мир אין איין באַטייט, ווי ס׳איז אנגעשריבן בא אונדז, און באַ אַן אַנדער באַטייט דורך אַ i. דאָס אָרט פֿון אַקצענט אין צולייגן ווערט דערקענט פֿונם קאָנטעקסט פֿון דער פּראזע.

פ. 18. דעם פ ר ו מ ע ן איז באַ מיר בעפֿײרעש רעקאָמענדירט מיט אַן ע.

פ. 19. פֿונם 12 פ. אונטערן קעפּל קאָנסאָנאַנטן הויבט זיך אָן מאָרפֿאָלאָגיע, סינטאַקסיס א. א. וו. ס׳איז פֿאַרפֿעלט דער אַנטשפּרעכנדיקער קעפּל.

כ׳ זאַרעצקיס אויסבעסערונג אין דער פֿאָרמולירונג קען מען אָנעמען.

פ. 21. מאַסקים.

פ. 22. וועגן דעם פּאַרטיציפּ פֿון די צייטווערטער אַף י ר ן וואָלט עפּשער געווען בעסער צו פֿאָרמולירן אַזוי: די מער איינגעבירגערטע. וואָס זיינען אריין אין דער מאַסן-שפּראַך, בילדן זייער פּאַרטיציפּ, אַזוי ווי אַלע צייטווערטער, מיט ג ע—: ג ע ש פּ אַ צ י ר ט, ג ע ס ט ר א כ י ר ט, ג ע ט ע ל ע פֿ אָ נ י ר ט, געמאַרינירט, אבער—רעצענזירט, רעסטאַווריט, ראַטיפֿיצירט, צייטווערטער אַף י ר ן, וואָס הויבן זיך אָן אַף אַ וואָקאַל, ליידן אויך ניט קיין גע—אין פּאַרטיציפּ.: אַסימילירט, אוזורפּירט, אַדאָפּטירט, אוווירט (אוווירן--ухаживать).

פ. 23. ד ר ו י ע ן איז בלויז אַן אילוסטראַציע. מע קען קען געפֿינען נאָך מאַטעריאַל. מע דאַרף זיך ניט פֿאַרלאָזן אַף דער סטיכיע און אַף דער פֿרייער קאָנקורענץ דאָרט, ווו מע קען און מע דאַרף באַוווסטזיניק רעגולירן אַפּן גרונד פֿון באַקאַנטע געזעצן.

פ. 24. דאָס פֿאַרפֿאַלן ווערן פֿון מיטעלן געשלעכט איז טאַקי אַ פּראָגרעסיווע דערשיינונג, זי איז אָבער פֿאַרשפּרייט אין אַ קליינעם טייל פֿון יידישע דיאלעקטן און איז ביזאַהער דורך דער ליטעראַרישער שפּראַך ניט אָנגענומען געוואָרן. מע מוז שטרעבן איינשטעלן דעם גראַמאַטישן געשלעכט פֿון די הויפּטווערטער—איך רעכן ניט פֿאַר אויסגעשעפּט דעם צעטל ווערטער, וואָס איך האב געבראַכט.

פ. 25. דעמדאָזיקן טייל פֿון מיין פּונקט 3 אין „צונויפֿגעזעצטע ווערטער" איז בעסער פֿאָרמולירן אַזוי.

„אין דער ערשטער ריי לאָזן זיך שרייבן ווי איין וואָרט צונויפֿגעזעצטע אייגנשאַפֿטווערטער, דער ערשטער טייל פֿון וועלכע עס האט ניט קיין סופֿיקס אדער פלעקסיע".

אין קעגנגעזעצטן פֿאַל דאַרף דאָס צונויפֿגעזעצטע אייגנשאַפֿטוואָרט געשריבן ווערן באַזונדער. איך וואָלט נאָך צוגעגעבן: צוזאַמענשרייבן צונויפֿגעזעצטע אייגנשאַפֿטווערטער, וואָס זייער ערשטער טייל איז אַ הויפּטוואָרט: אָ ר ב ע ט פֿ ע י ק ע ר, נ ו י ט ב א ד ע ר פֿ ט י ק ע ר, ק א מ פּ ל ו ס ט י ק ע ר א. א. וו.

פ. 26. ד ע ר ד אָ ז י ק ע ר-איז פֿאָרט איין וואָרט ווייל ד אָ ז י ק ע ר ווערט קיינער ניט זאָגן.

פ. 27. א י נ צ ו ו ײ ע ן געהערט צו דעם פּונקט, ווייל צווייען ווערט אין דער ליטעראַרישער שפּראַך ניט געברויכט.

פ. 28. אין מיין פ. 9 רייד איך וועגן דעם פֿאַל, ווען דער מ ע ט א ד פֿון וואָרטבילדונג איז ניט יידיש; איך האב ניט געזאָגט, אַז העברעישע ווערטער זיינען פֿרעמדווערטער אין יידיש. דער סמיכעס דאַרף אין יידיש אופֿגענומען ווערן ווי אַ צונויפֿגעזעצט וואָרט און זייער אויסלייג ווערט רעגולירט דורך די 9. פּונקטן פֿונם קאַפּיטל וועגן צונויפֿגעזעצטע ווערטער.

די ווערטער געהערן דאַווקע צו דעם פּונקט, ווייל זעלבשטענדיק עקזיסטירן אַזעלכע ווערטער, ווי ס אָ ף, פּ אָ נ י ם

ר אָ ו יאָ, נאָר די אַרט פֿאַרייניקונג, ד. ה. דער מעטאָד פֿון צוזונויפזעצן איז פֿרעמד פֿאַר ייִדיש.

פ. 29. כ׳ זאַרעצקי האָט זיך ניט קלאָר געמאַכט, אַז אין דעמפּונקט גייט ווערן קאַנאָניזירן, אַזוי צו זאָגן,—דעם לעקסיקאָן פֿון דער ליטעראַרישער שפּראַך. סע פֿאַרשטייט זיך, אַז דערדאָזיקער לעקסיקאָן נעמט זיך פֿון די עקזיסטירנדיקע אין די דיאַלעקטן ווערטער. אָבער אויב דאָס וואָרט עקזיסטירט אין דעם דיאַלעקט, איז דאָך נאָך ניט קיין ראַיע, אַז סע דאַרף עקזיסטירן אויך אין דער ליט-שפּראַך. און מיקויעך דעקרעטירן און מיקויעך דער פֿרייער קאָנקורענץ, כאָזער איך נאָך אַמאָל איבער, אַז מע דאַרף זיך ניט פֿאַרלאָזן אַף דער סטיכיע דאָרט, וווּ ס׳איז נייטיק רעגולירונג. דעם געדאַנק וועגן פֿאַרטיליקן פֿון אונדזער הייִנטצייטיקן לעקסיקאָן די שאָוויניסטיש-אומטאָלעראַנטע ווערטער באַגריס איך. סע וואָלט געווען גוט, ווען כ׳ זאַרעצקי שטעלט צונויף אַ צעטל פֿון אַזעלכע ווערטער און פֿאַרעפֿנטלעכט אים.

קימאַט אַלע דערווידערונגען פֿונם כ׳ זאַרעצקי זיינען צום גרעסטן טייל געווענדעט ניט קעגן דער פּרינציפּיעלער זייט פֿון מיינע באַהויפּטונגען.

אַסאַך פֿון די דערווידערונגען האָבן דעם ציל אַריינטראָגן רעדאַקציאָנעלע קאָרעקטיוון, אַנדערע שטעלן פֿאָר דעם רעזולטאַט פֿון ניטצונויפגערעטקייט.

אין זייער ווייניק פּרינציפּיעלע פֿראַגן האָט דער כ׳ זאַרעצקי אַ מיינונג, וואָס איז ניט מאַסקים מיט מיינער. צ. ב. וועגן פֿאַרטיליקן דעם מיטעלן מין, וועגן אויסלייג ב יי נ ק, ל יי נ ג, גאַנעף-גאַנעוו. איך מיין אָבער, אַז די געזעלשאַפֿטלעכע מיינונג וועגן דידאָזיקע פֿראַגן איז שוין גענוג קלאָר.

מיך פֿרייט, אין יעדן פֿאַל, וואָס די טעזיסן, וועלכע די שפּראַכקאָמיסיע האָט אַרויסגעשטעלט, וועלן קענען זיין דער גרונט, אַף וועלכן סע וועט מעגלעך זיין אויפֿצובויען אַן אַלגעמיין—אָנגענומענע סיסטעם פֿון קלאָלים וועגן אַלעפֿבייז און אויסלייג.

# כ ר אָ נ י ק.

## ק ו ל ט ו ר.

125 נייע לערער באַקומט האַיאָר די ייִדישע שול אין ווייסרוסלאַנד פֿון וויטעבסקער און מינסקער ייִדישע פּעדטעכניקומס און ייִדאָפּטייל באַם פּעדפֿאַק פֿון ווייסר. אוניווערסיטעט.

— די היסטאָריש-אַרכעאָלאָגישע קאָמיסיע פֿון „אינווייסקולט" איז צוגעטראָטן צו דערלערנען די געשיכטע פֿון אַלט-מינסק. עס ווערן איצט איבערגעקוקט די מאַטעריאַלן און פּלענער פֿון מינסק. אין די עקן פֿון שטאָט זיינען געמאַכט געוואָרן אייניקע אויסגראָבונגען, קעדיי פֿעסטצושטעלן דעם אַמאָליקן מינסק.

— די קאָלעגיע פֿון פֿאָלקאָמבילד פֿון ווייסרוסלאַנד האָט באַשלאָסן צו ווענדן זיך אין ראַטפֿאָלקאָם וועגן אָרגאַניזירן אין מינסק אַן אינסטיטוט פֿון רעווערוו-לערער. מיטן לייזן דידאָזיקע פֿראַגע וועט זיך געוויסערמאָסן ליקווידירן דער דוחק אין לערער.

— דער ייִדסעקטאָר באַם אָדעסער „אינאָ" (אינסטיטוט פֿון פֿאָלקבילדונג) האָט געפֿייערט דעם 1-טן יולי דעם ערשטן אַרויסלאָז פֿון 40 פּעדאַגאָגן.

— דער קאָמיטעט פֿון די צאָפֿן-פֿעלקער באַם אַלרוסלענדישן צא"ק, אינאיינעם מיטן אינסטיטוט פֿאַר די לעבעדיקע מיזרעך-שפּראַכן, עפֿנט אַן אַרבפֿאַק פֿאַר די פֿעלקער פֿון וויטן צאָפֿן. אין באַשטאַנד פֿון די טאַלמידים פֿון אַרבפֿאַק וועלן אַריין פֿאָרשטייער פֿון 28 אויאַטישע פֿעלקער פֿון סאָוועטישן פֿאַרבאַנד. אין אַרבפֿאַק וועלן אָנגענומען ווערן 100 סטודענטן. דער אַרבפֿאַק וועט זיך עפֿענען פֿון נייעם לערניאָר אין „רעסטסקאַיע סעלאַ".

— דער פֿאָלקאָמבילד פֿון ווייסרוסלאַנד האָט באַשלאָסן צום צענטן יאָרטאָג פֿון דער אָקטיאַבר-רעוואָלוציע צו עפֿענען אַ קינדער-קאָלאָניע, איינאָרדענען מוסטער לייען-שטיבלעך, דערפֿירן ביז הונדערט באַוועגלעכע קינאָ-אַפּאַראַטן אין דאָרף. אַרויסלאָזן פֿון יעדן דאָרפֿסאָוועט די ליקווידאַציע פֿון אַמעראַצעס. אַרויסלאָזן אַ קינאָ-פֿילם, וואָס זאָל אָפּשפּיגלען דאָס לעבן און שטייגער פֿון ווייסרוסלאַנד.

— דער פּרעזידיום פֿון כאַרקאָווער קרייז-אויספּירקאָם האָט באַשלאָסן אויסצוטיילן איינע פֿון די כאַרקאָווער געריכט-קאַמערן ספּעציעל אַף צו באַדינען די ייִדישע באַפֿעלקערונג אַף איר מוטערשפּראַך.

— קיִעווער קרייז פֿאַרמאָגט 27 הויכשולן: 7 — אינדוסטריעלע, 4 — לאַנדווירטשאַפֿטלעכע, 2 — מעדיצינישע, 6 — פּעדאַגאָגישע, 3 — סאָציאַל-עקאָנאָמישע, 5 — קינסטלערישע. אין זיי לערנען זיך 15.779 סטודענטן. לויטן נאַציאָנאַלן באַשטאַנד זיינען פֿאַראַן צווישן די סטודענטן: אוקראַאינער — 58 פּר., ייִדן — 26 פּר., רוסן — 12 פּר., פּאָליאַקן — 1 פּראָצ., אַנדערע 3 — פּראָצ.

— די איניציאַטיווע גרופּע פֿון סאָוועטישע דערפֿינדער אָרגאַניזירט הייִנטיקן זומער אין מאָסקווע אַן אויסשטעלונג פֿון סאָוועטישע דערפֿינדונגען, אין פֿאַרשיידענע אינדוסטריעלע, ווירטשאַפֿטלעך-אויספֿאָרשערישע און ווירטשאַפֿטלעכע געביטן.

— די צענטראַלע ייִדישע בילדונג-ביוראָ באַם פֿאָלקאָמבילד פֿון ווייסרוסלאַנד האָט באַשלאָסן האַיאָר צו עפֿענען אין מינסק 1-יאָריקע קורסן פֿאַר ייִדישע לערער. די דאָזיקע קורסן זיינען אויסגערעכנט אַף 60 ערטער.

— די קאָמיסיע אַף דורכצופֿירן דעם 50-טן יאָרצייט פֿון באַקונינען, וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן בײַ דער קאָמוניסטישער אַקאַדעמיע אין מאָסקווע, גרייט צו אַ דעקלאַראַציע, אין וועלכער עס וועט געגעבן ווערן אַ מאַרקסיסטישער אַנאַליז פֿון באַקונינס טעאָרעטישע אַנשויונגען און אַן אָפּשאַצונג פֿון זיין פּראַקטישער טעטיקייט. די קאָמיסיע הויבט אויף די פֿראַגע וועגן ברענגען באַקונינס געביין אין פּסס"ר. דאָס דורכפֿירן ספּעציעלע ויצונגען און פֿאַרזאַמלונגען צום אָנדענק פֿון באַקונינען איז אָפּגעלייגט געוואָרן ביז האַרבסט.

— אַף דער לעצטער זיצונג פֿון פּרעזידיום פֿון צ. א. ק. (אוקראַאינע) איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן באַם פּרעזידיום פֿון צ. א. ק. אַן אַלאוקראַאינישן אָפּטייל פֿונם צענטראַלן ביכער-פֿאַרלאַג פֿאַר פֿעלקער פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד. דער ביכער-פֿאַרלאַג וועט באַדינען די נאַצמינדערישע באַפֿעלקערונג פֿון אוקראַאינע.

## ל י ט ע ר אַ ט ו ר.

— עס איז אַרויס פֿון דרוק דער ערשטער בוך „ציַיטשריפֿט", אויסגאַבע פֿון ייִדאָפּטייל פֿון אינסטיטוט פֿאַר ווייסרוסלענדישע קולטור („אינווייסקולט") מיט פֿאָלגנדיקן אינהאַלט:

י. ס אָ ס י ס. — צו דער סאָציאַלער געשיכטע פֿון ייִדן אין ווייסרוסלאַנד.

ש. ר א ם ב א ך. — די ייִדישע באַלמעלאָכעס אין רוסלאַנד אין דער ערשטער העלפֿט פֿון 19-טן י. ה.

מ. ל ו ר י ע. — די סאָציאַלע פֿאַרהעלטענישן און די סאָציאַלע באַוועגונג אין פֿאָלק ייִסראָל.

פּראָפֿ. נ י ק אָ ל ס ק י. — נייע שטרעמונגען אין דער ביבלישער וויסנשאַפֿט.

נ. א ו י ס ל ע נ ד ע ר. — פּערעצעס „שטעט און שטעטלעך".

א. נ ו ר ש ט י י ן. — דער איצטיקער צושטאַנד פֿון פּערעצעס ביאָגראַפֿיע.

א ו ר י פֿ י נ ק ל. — סאָציאַלע פֿיגורן אין א. נאָלדפֿאַרענס ערשטע ווערק.

י. גאָלדבערג. — באַמערקונגען וועגן פּאָעטישן שטייגער פֿון יִדישן פֿאָלקליד.

י. כראַפּקאָווסקי. — פֿאָלקלאָר-זאַמלונג.

דר. כ. ספּיוואַק. — דער „קאָפּ" אין יִדיש.

נ. שטיף. — אַ יִדישע ביבליאָטעק אין ווענעציע אין 16-טן יאָרהונדערט.

מ. עריק. — 1) „בראַנטשפּיגל", 2) „דאָס נייע ליד פֿון ווענעציע".

דר. מ. ווײַנרײַך. — א יִדיש ליד וועגן שאַבסע צוי פֿון יאָר 1666.

מ. ווינער. — וועגן יִדישע דיאַלעקטן.

ב. סלוצקי. — לעקסיקאָן פֿון מענער-שנײַדערײַ.

דר. מ. ווײַנרײַך. — „טרײַבן" (לעקסיקאָלאָגישער עטיוד).

סאָציאַלע קעגנזאַצן אין די יִדישע קעהילעס לויט די ראַבאָנישע רעספּאָנסן מיט א פֿאָרוואָרט פֿון י. סאָסיס.

פֿון אַרכיוו פֿון מינסקער קאַהאַל מיט פֿאָרוואָרט און באַמערקונגען פֿון ה. אַלעקסאַנדראָוו.

בריוו פֿון שאָלעם אַלייכעם.

ש. ראַבינאָוויטש. — וועגן אייניקע שאָלעם-אַלייכעם פּערסאָנאַזשן.

א. וועוויאַרקע. — א בוך פֿון גרויסן ווערט.

א. קאַהאַן. — מאַטעריאַלן וועגן י. מ. ליפּשיצן.

נ. אויסלענדער. — צו דער פֿראַגע וועגן דער „באַפֿוצונג" פֿון יִדישן פֿאָלקליד.

ב. סלוצקי. — יִדישע באַדכאָנים-שוישפּילער.

נ. א. — צו ב. סלוצקים „באַדכאָנים-שוישפּילער".

א. כאַריק. — לייזער שײַנמאַן דער באַדכן פֿון זעמבין.

נ. א. — וועגן אַ געשטאַלט פֿון א פֿאָלק-זינגער.

מ. ווינער. — אין דער לאַבאָראַטאָריע פֿונם יִדישן אַקאַדעמישן ווערטערבוך.

ל. דושמאַן. — פֿון קאַצאָווים-לאָשן.

— דורכן „אינווײַסקולט" זײַנען צוזאַמענגעקליבן געוואָרן 34230 ביבליאָגראַפֿישע קאַרטלעך. די דאָזיקע קאַרטלעך זײַנען צוטיילט געוואָרן לויט דער סיסטעם פֿון צווישנפֿעלקערלעכן ביבליאָגראַפֿישן אינסטיטוט. פֿון די ביבליאָגראַפֿישע קאַרטלעך ווערן צוגעגרייט צום דרוק: די געשיכטע פֿון רעוו. באַוועגונג, עטנאָגראַפֿיע און דער ווײַסרוסישער טעאַטער.

אינגיכן ווערט זיבעציק יאָר זינט י. גאָלדבערג (יכנה"ז) איז געבאָרן געוואָרן. דער באַוווסטער שרײַבער איז א קינד פֿון ווײַסרוסלאַנד. באַם הײַנטיקן טאָג געפֿינט ער זיך אין מינסק. די יִדישע אָפּטײלונג פֿון אינסטיטוט פֿאַר ווײַסרוסלענדישער קולטור האָט באַשלאָסן צוגרייטן א יובילײ-פֿײַערונג צום 70-טן געבורט-טאָג פֿון יכנה"ז.

— אינגיכן דערשײַנט א זאַמלונג פֿון פּיאָנער-לידער, מיט נאָטן, צונויפֿגעשטעלט און רעדאַגירט פֿון דער מינסקער ליטעראַרישער גרופּע „יונגער אַרבעטער", אַרויסגעגעבן דורך דעם ווײַסרוסישן מעלוכע-פֿאַרלאַג.

— עס איז צוגעגרייט צום דרוק און אינגיכן דערשײַנט אַ בוך פֿון נ. אויסלענדער און אורי פֿינקל: „אַוורהאָם גאָלדפֿאַדן" (מאַטעריאַלן צו א ביאָגראַפֿיע). דאָס בוך האַלט ביז 5 דרוקבויגן און ווערט אַרויסגעגעבן דורך דעם יִדאָפּטייל פֿון „אינווײַסקולט".

# טעאַטער און קינאָ.

— די יִדישע סטודיע פֿון ווײַסרוסלאַנד פֿאַרענדיקט איצט איר אַרבעט אין מאָסקווע. עס זײַנען צוגעגרייט געוואָרן צום שטעלן: „בײַדער", „סקאַפּען", „אין פּאָליש אַפֿן קייט", „שײַלאָק", „פּורים" (לויט שאָלעם-אַלייכעם), „שולאַמיס" (לויט גאָלדפֿאַדן). די יִדישע ליטעראַטן קושניראָוו, וועוויאָרקע, כאַריק און מײַעראָוויטש שרײַבן ספּעציעל דראַמאַטישע ווערק פֿאַר דעם יונגן יִדישן טעאַטער. דעם 15-טן אָקטיאַבר הייבט ער אָן זײַנע פֿאָרשטעלונגען אין מינסק אין ערשטן מעלוכע-טעאַטער.

— די אַלוקראַינישע פֿאָטאָ-קינאָ-פֿאַרוואַלטונג האָט אין איר פּראָדוקציר-פּלאַן אויך אײַנגעשלאָסן אַ ריי פֿילמע-שטעלונגען פֿון דעם לעבן פֿון די נאַציאָנאַלקייטן. די „וופֿקו" האָט שוין באַשטעלט בײַ די שרײַבער קוויטקאָ און יודיצקי אַ סצענאַרי אונטערן נאָמען „זובאַטאָוושינע און דער בונד". דער סצענאַרי ווערט באַאַרבעט אונטער דער רעדאַקציע פֿון דעם באַוווּסטן ראַוויטש-טשערקאַסקי. עס איז אויך שוין באַשטעלט געוואָרן אַ סצענאַרי פֿון דעם לעבן פֿון די יִדישע איבערוואַנדערער, וועלכן עס שרײַבן די קיעווער שרײַבער איציק פֿעפֿער און נאַטאַן פֿידעל. באַלד ווי די סצענאַריעס וועלן פֿאַרטיק ווערן, וועלן זיי איבערגעגעבן ווערן אויף די קינאָ-פֿאַבריקן צום שטעלן.

— אין אַטעליע „מעזשראַבפּאָם-רוס" פֿאַרענדיקט זיך די שטעלונג פֿונם בילד „מוטער" לויט דער דערציילונג פֿון מאַקסים גאָרקי. געשטעלט פֿון פּודאָווקין.

— דער קאָמיטעט בײַם פֿאָלקאָמבילד פֿון אוקראַינע אויף צו פּײַערן דעם 50-יאָריקן יובילײ פֿון יִדישן טעאַטער האָט אויף זײַן ערשטער זיצונג באַשלאָסן צו פֿאַרברייטערן זײַן באַשטאַנד און אַרײַנפֿירן פֿאָרשטייער: פֿון דער גרופּע רוסישע שרײַבער „אָקטיאַבר", פֿון דער דראַמאַטישער און מוזיקאַלישער געזעלשאַפֿטן, פֿון „נעזערד" און פֿון „קולטור-ליגע". ווײַטער איז באַשלאָסן געוואָרן צו אָרגאַניזירן בײַ די קרייז-בילדונג-אינספּעקטורן, קרייז-קאָמיטעטן, וועלכע זאָלן אויף די ערטער דורכפֿירן די פֿײַערונג. די פֿײַערונג דאַרף פֿאָרקומען איבער גאַנץ אוקראַינע אין משך פֿון 15 אָקטיאַבר ביז 1-טן נאָיאַבר. ס'איז אויסגעשטעלט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פֿון פֿאָרשטייער פֿון ראַטנאַצמין, קונסט-אָפּטייל, ראַבים, יִדישן מעלוכע-טעאַטער און קאָמיוג, וועלכע וועט אויסאַרבעטן אַ גענויעם פּלאַן, ווי אַזוי דורכצופֿירן דעם יובילײ. די באַראַטונג האָט באַשלאָסן דאָס צונויפֿשטעלונג און רעדאַגירן דעם זאַמלבוך, וועלכע איז געווידמעט דעם יובילײ, איבערגעבן דער צ. א. ב. ב. אַלס סעקרעטאַר פֿון קאָמיטעט איז אויסגעוויילט דער כ' מישקאָווסקי.

— אַפֿן פּאַריזער בײַסײַלעם האָט מען אויפֿגערעקט אַ דענקמאָל פֿאַר דער באַרימטער אַקטריסע סאַראַ בערנאַרד.

— די „סאָווקינאָ" האָט אַרויסגעלאָזט אַ וויסנשאַפֿטלעכן פֿילם אונטערן נאָמען „די עקספּעדיציע אויף עווערעסט" (דער העכסטער באַרג אויף דער וועלט). דער פֿילם גיט אַ בילד פֿון די שוועריקייטן, וואָס דער עקספּעדיציע איז אויסגעקומען צו באַקעמפֿן אויף איר וועג צום באַרג-שפּיץ.

דער וועלט-באַרימטער קינאָ-אַרטיסט, דאָס ווונדערקינד דזשעקי קוגען, איז איצט אַלט געוואָרן 12 יאָר. די אויסלענדישע צײַטונגען מעלדן, אַז דזשעקי וואַרפֿט אָוועק דעם קינאָ מיט די מיליאָנען דאָלאַרן, וואָס ער פֿאַרדינט יערלעך, ווײַל ער מוז גיין, לויטן געזעץ, אין שול לערנען אַזוי ווי.

---

פֿון דעם קומענדיקן נומער אָן ווערן איינגעלאַדן אלס שטענדיקע רעדאַקטאָרן
פֿון דער בעלעטריסטישער און ליטעראַריש-קריטישער אָפּטיילונגען די כ"כ
**א. וועוויאַרקע און א. קושניראָוו.**

רעדאַקטאָר: רעדקאָלעגיע. מינסק, 1-טע מעלוכע-דרוקערײַ. גלאַווליטבעל 19351. באַשט. 3279. טיראַזש 2500.

